פ. דאָסטאיעווסקי

# ערנידעריגטע
און
# באליידיגטע

ראָמאַן אין 4 טיילען און 2 בענדער.

איבערזעצט פון

מארק שווייד.

באנד I.


49

אַרויסגעגעבען פון
**MAX JANKOVITZ**
179 E. BROADWAY, N. Y.

# ערשטער טהייל.

## ערשטער קאַפּיטעל.

פאראיאהרען, דעם צוויאונצוואנציגסטען מערץ, אין אָווענד, איז מיט מיר געשעהען א גאַר מאָדנע זאַך. א גאַנצען טאָג בין איך דאמאָלס ארומגעגאַנגען איבער דער שטאָט און מיר געזוכט א וואוינונג. מיין אלטע דירה איז געווען זעהר פייכט, און איך האָב שוין דאמאָלס אָנגעהויבען גאַר שלעכט צו הוסטען. נאָך אין הערבסט האָב איך מיך געוואָלט איבערציהען, און האָב דערשלעפּט ביז׳ן פריהלינג. דורך דעם גאַנצען טאָג האָב איך ניט געקענט געפינען קיין אנשטענדיגע וואוינונג. ערשטענס האָט זיך מיר געוואָלט א בעזונדערע וואוינונג, איך זאָל ניט דארפען דורכגעהן אימיצענ׳ס צימערען, און צווייטענס, כאָטש איין צימער, נאָר אומבעדינגט א גרויסען, און זעלבסטפארשטענדליך, ער זאָל דערביי זיין אזוי ביליג ווי מעגליך. איך האָב בעמערקט, אז אין אַן ענגער דירה איז אפילו צו טראַכטען ענג. איך אָבער, ווען איך פּלעג טראַכטען וועגען מיינע צוקונפטיגע ערצעהלונגען, האָב איך שטענדיג ליעב געהאַט צו געהן הין און צוריק איבער׳ן צימער. אין דער אמת׳ן איז מיר שטענדיג געווען אנגענעהם צו טראַכטען וועגען מיינע ווערק און חלומ׳ען ווי אזוי איך וועל זיי אויפשרייבען, אנשטאָט זיי טאַקע אויפצושרייבען און, ווירקליך, דאָס איז ניט געווען פאַר פוילקייט. פארוואָס זשע דען?

נאָך אין דער פריה האָב איך מיך געפיהלט ניט געזונט, און צו זונאונטערגאַנג איז מיר זאָגאַר געוואָרען גאַר ניט גוט: עס האָט זיך אָנגעהויבען עפּעס אַזוינס ווי פיעבער. דערצו בין איך א גאַנצען טאָג געווען אויף די פיס און בין מיעד געוואָרען. אָווענד־צו, איידער די זון געהט אונטער, בין איך דורכגעגאַנגען אויפ׳ן וואָזנעסענסקי פּראָספּעקט. איך האָב ליעב די זון אין מערץ אין פּעטערבורג, בעזונדערס דעם אונטערגאַנג, פארשטעהט זיך, אין א ליכטיגען, פראָסטיגען אָווענד. די גאַנצע גאַס הייבט פּלוצלינג אַן צו פינקלען, בעגאָסען מיט

א העלער ליכטיגקייט. אלע הייזער, דוכט זיך, הייבען פלוצלונג אן צו לייכטען. זייערע גראהע, געלע און שמוציג־גרינע פארבען פארלירען אויף א ווייל זייער גאנצע פינסטערקייט; אזוי ווי אויף דער נשמה וואלט ליכטיג געווארען, גלייך דו וואלסט אויפגעציטערט אדער אימי־צער וואלט דיך א שטויס געטהאן מיט'ן עלענבויגען. א נייער בליק, נייע געדאנקען... עס איז וואונדערליך וואס איין שטראהל פון דער זון קען מאכען מיט א מענשען'ס נשמה!

אבער דער שטראל פון דער זון איז פארלאשען געווארען; דער פראסט איז געווארען שטארקער און האט אנגעהויבען צופען פאר דער נאז; דער אווענד איז געווארען פינסטערער; אין געשעפטען און גע־וועלבלעך האבען אנגעהויבען לייכטען גאז־לאמפען. ווען איך בין צו־געקומען צו מילער'ס קאנדיטאריי, בין איך פלוצלונג געבליבען שטעהן ווי אנ'איינגעגראבענער און גענומען קוקען אויף דער אנדערער זייט גאס, גלייך איך וואלט פריהער געפיהלט, אז אט באלד וועט זיך מיט מיר טרעפען עפעס אן אונגעוועהנליכע זאך; און אין דער אייגענער רגע, האב איך אויף דער אנדערער זייט דערזעהען דעם אלטען מיט זיין הונט. איך געדענק זעהר גוט, אז מיין הארץ האט זיך צוזאמענגעדריקט פון עפעס א שרעקליך־אונאנגענעהמען געפיהל, און איך האב אליין ניט געקענט בעשליסען וואס פאר א מין געפיהל דאס איז געוועזן.

איך בין ניט קיין מיסטיקער: אין פארגעפיהלען און פארשפרו־בען גלייב איך כמעט ניט; און דאך האבען זיך מיט מיר, קען זיין אזוי ווי מיט יעדען איינעם, געטראפען אין לעבען עטליכע פאסירונגען, וועלכע זיינען גענוג ניט־צום־דערקלערען. צום ביישפיעל, כאטש דער אלטער: פארוואס, ווען איך האב מיך דאמאלט בעגעגענט מיט איהם, האב איך גלייך דערפיהלט, אז יענעם אווענד וועט מיט מיר פאסירען עפעס אונגעוועהנליכעס? איבריגענס, איך בין געוועזן קראנק; און קרענקליכע געפיהלען נארען כמעט שטענדיג אב.

דער אלטער, מיט זיין פאמעלעכדיגען, שוואכען גאנג, איבער־שטעלענדיג די פיס אזוי ווי שטעקענס, גלייך ווי ער וואלט זיי גאר ניט איינגעבויגען, איינגעהויקערט און קלאפענדיג לייכט מיט זיין שטעקען אן די שטיינער פון טראטואר, האט זיך דערנעהנטערט צו דער קאנדיטאריי. אין מיין לעבען האב איך ניט בעגעגענט אזא אויס־טערלישע, אומגעלומפערטע פיגור. און פריהער, פאר דער בעגעגעניש,

ווען מיר פלעגען זיך צונויפטרעפען ביי מילער'ן, האָט ער מיך שטענ־דיג קרענקליך איבעראַשט. זיין הויכער וואוקס, די איינגעהויקערטע פּלייצע, דאָס טויטליכע אכציגיעהריגע פּנים, דער אַלטער מאַנטעל, צו־ריסען אין די נעהט, דער צובראָכענער, קיילעכדיגער, צוואַנציגיעהרי־גער קאַפּעלוש, וואָס האָט צוגעדעקט זיין גאָלען קאָפּ, אויף וועלכען עס איז נאָך געבליבען פון סאַמע הינטען אַ בינטעל שוין ניט קיין גראָהע, נאָר ווייס־געלע האָר; אַלע זיינע בעוועגונגען, וועלכע זיינען געמאכט געוואָרען אזוי ווי זינלאָז, אזוי ווי לויט אַנ'אָנגעצויגענער שפּרינגפע־דער, — דאָס אַלץ האָט ניט־ווילענדיג איבעראַשט יעדען איינעם, וואָס האָט איהם צום ערשטען מאָל בעגעגענט. עס איז ווירקליך געווען עפּעס מאָדנע צו זעהען אזא אַלטען מאַן, וואָס האָט שוין אָבגעלעבט זיינע יאָהרען, איינעם אַליין, אָהן אַ מענש ארום זיך, און וועלכער האָט נאָך דערצו אויסגעזעהען ווי אַ משוגע'ענער, וואָס איז אַנטלאָפען פון זיינע אויפזעהער. עס האָט מיך אויך איבעראַשט זיין אויסערגעוועהנליכע דאַרקייט: קיין קערפּער איז אויף איהם כמעט ווי ניט געוועזען, און גלייך ווי אויף זיינע ביינער וואָלט נאָר געווען אַרויפגעקלעבט בלויז אַ הויט. זיינע גרויסע, אָבער אויסגעלאָשענע אויגען, וואָס זיינען געווען ווי אַריינגעשטעלט אין בלאָהע רייפען, האָבען שטענדיג געקוקט גלייך פאַר זיך, קיינמאָל ניט אָן אַ זייט און קיינמאָל ניט זעהענדיג קיין זאַך, — איך בין איבערציינגט אין דעם. ער האָט, דוכט זיך, געקוקט אויף אייך, אָבער ער איז געגאַנגען גלייך אויף אייך, אזוי ווי פאַר איהם וואָלט גאָרנישט געווען. איך האָב דאָס עטליכע מאָל בעמערקט. ביי מילער'ן האָט ער זיך אָנגעהויבען ווייזען ניט לאַנג צוריק, מען ווייסט ניט פון וואַנען און שטענדיג צוזאַמען מיט זיין הונט. קיינער פון די בעזוכער אין דער קאָנדיטאָריי האָט זיך קיינמאָל ניט דערוועגט צו רע־דען צו'ן איהם און ער האָט צו קיינעם פון זיי ניט אָנגעהויבען רעדען.

„און צו וואָס שלעפּט ער זיך צו מילער'ן, און וואָס האָט ער דאָרט צו טהאָן?" — האָב איך געטראַכט, שטעהענדיג אויף דער אַנדערער זייט גאַס און צוקוקענדיג זיך צו'ן איהם מיט אַן אונווידערשטעהליכען געפיהל. עפּעס אַ פערדרוס, — דורך דער קראַנקהייט און מיעדקייט, — האָט אויפגעקאָכט אין מיר. — „וועגען וואָס טראַכט ער?" — האָב איך ווייטער גע־קלערט ביי זיך, „וואָס האָט ער אין קאָפּ?" טראַכט ער איבערהויפּט

נאך וועגן עפעס? זיין פנים איז שוין אויך אזוי ווייט אבגעשטארבען, אז עס דריקט שוין אבסאלוט גאר נישט אוים. און פון וואנען האט ער גענומען דעם פאסקודנעם הונט, וועלכער טרעט ניט אב פון איהם, גלייך ער וואלט צוזאמען מיט איהם געבילדעט עטוואס גאנצעס, עט־וואס, וואס מען קען ניט צוטיילען, און וועלכער איז אזוי עהנליך אויף איהם?“

דער אומגליקליכער הונט, דאכט זיך, איז שוין אויך אלט געווען א יאהר אכציג; יא, אזוי האט עס אומבעדינגט בעדארפט זיין. ערשטענס, לויט׳ן אויסזעהן איז ער געווען אזוי אלט, אז עס זיינען גאר ניט פאר־האנען אזעלכע אלטע הינט, און צווייטענס, פארוואס איז מיר באלד צום ערשטען מאל ווי איך האב איהם דערזעהען, געקומען דער געדאנק אין קאפ אריין, אז דער הונט קען ניט זיין אזעלכער ווי אלע הינט, אז ער איז אן אונגעוועהנליכער הונט, אז אין איהם דארף אומבעדינגט זיין עפעס פאנטאסטישעס, עפעס א כשוף, אז קען זיין, אז דאס איז א מין מעפיסטאפעל אין א הינטישען געשטאלט, און אז זיין גורל איז מיט געהיימע, אונבעוואוסטע וועגן פאראייניגט מיט דעם גורל פון זיין בעל הבית. קוקענדיג אויף איהם, וואלט איהר באלד איינגע־שטימט, אז עס זיינען שוין אודאי אוועק א יאהר צוואנציג ווי ער האט צום לעצטען מאל געגעסען. דאר איז ער געווען ווי א סקעלעט אדער (וואס קען נאך זיין בעסער?) אזוי ווי זיין בעל־הבית. די פעל איז אויף איהם כמעט אינגאנצען אויסגעקראכען, און דאס אייגענע אויפ׳ן וויידעל, וועלכער האט געהאנגען ווי א שטעקען, שטענדיג פעסט צוגעדריקט. דער קאפ מיט די לאנגע אויערען האט טרויעריג־בייז אראבגעהאנגען. אין מיין לעבען האב איך ניט בעגעגענט אזא עקעל־האפטען הונט. ווען זיי זיינען ביידע געגאנגען אויף דער גאס, — דער בעל הבית פון פארענט און דער הונט גלייך הינטער איהם, — האט דעם הונט׳ס נאז גלייך אנגעריהרט זיין פאלע, גלייך זי וואלט געווען צוגעקלעבט צו׳ן איהר. און זייער גאנג און זייער גאנצער אויסזעהען האט, דוכט זיך, מיט יעדען טריט צוגעברומט:

„אלט זיינען מיר, אלט, גאט, ווי אלט מיר זיינען!“

איך געדענק, אז איינמאל איז מיר נאך געקומען אין קאפ אריין, אז דער אלטער מיט דעם הונט האבען זיך ווי־עס־איז ארויסגעקראב־קעט פון צווישען האפמאנ׳ס בלעטלעך, וועלכע גאווארני האט אילוס־

טרירט און זיי שפּאַצירען אַזוי אַרום איבער דער ווייסער וועלט אין גע־שטאַלט פון געהענדיגע רעקלאַמען פאַר דער אויסגאַבע. איך בין אַרי־בערגעגאַנגען די גאַס און בין אַריין נאָכ׳ן אַלטען אין דער קאָנדיטאָ־ריי.

אין דער קאָנדיטאָריי האָט זיך דער אַלטער בענומען גאָר מאָדנע, און מילער, שטעהענדיג הינטער זיין בופעט, האָט שוין אָנגעהויבען פאַר דער לעצטער צייט צו מאַכען אונצופרידענע גרימאַסען, ווען דער אומגעבעטענער גאַסט איז אַריינגעקומען. ערשטענס האָט דער מאָד־נער גאַסט קיינמאָל גאָרנישט בעשטעלט. יעדעס מאָל איז ער גלייך צו־געגאַנגען צום ווינקעל ביים אויווען און האָט זיך דאָרט אַוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל. אויב אַבער זיין אָרט ביים אויווען איז געווען פאַר־נומען, איז ער געשטאַנען אַ וויילע אין אַן אונזיניג נישט־בעגרייפען אַנטקעגען דעם מאַן, וואָס האָט פאַרנומען זיין אָרט און איז אַזוי ווי אַ בעלאָדענער מיט עפּעס אַוועקגעגאַנגען אין אַנדערען ווינקעל אַריין צום פענסטער. דאָרטען האָט ער זיך אויסגעקליבען עפּעס אַ בענקעל, האָט זיך לאַנגזאַם אַוועקגעזעצט, אַראָבגענומען זיין קאַפּעלוש, איהם אַוועקגעלעגט נעבען זיך אויף דער ערד, דעם שטעקען אַוועקגעלעגט נעבען קאַפּעלוש און דערנאָך, זיך אָנשפּאַרענדיג אָנ׳ם אָנלעהן פונ׳ם שטוהל, איז ער געבליבען אונבעוועגליך אויף דריי אָדער פיער שעה. ער האָט קיינמאָל ניט גענומען אין דער האַנט אַריין קיין איין צייטונג, ניט אַרויסגערעדט קיין איינציג וואָרט, קיין איינציגען קלאַנג ניט אַרויסגעלאָזט; נאָר ער איז געזעסען, קוקענדיג פאַר זיך מיט גרויסע אָפענע אויגען, אַבער מיט אַזאַ טעמפּען, אויסגעלאָשענעם בליק, אַז מען האָט זיך געקענט וועטען, אַז ער זעהט ניט קיין זאַך אַרום און הערט ניט קיין זאַך. דער הונט וויעדער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַ צוויי דריי מאָל אַרומגעדרעהט אויף איין אָרט, האָט זיך אַוועקגעלעגט ביי זיינע פיס, אַריינשטופּענדיג די מאָרדע צווישען זיינע שטי־וועל, האָט טיעף געזיפצט און אויסציהענדיג זיך אין דער גאַנצער לענג אויף דער ערד, איז אויך ער געבליבען אונבעוועגליך אויפ׳ן גאַנצען אָווענד, גלייך ער וואָלט אָבגעשטאָרבען אויף דער צייט. עס האָט אויסגעוויזען, אַז די צוויי בעשעפענישען ליעגען ערגיץ אַ גאַנצען טאָג טויט און אַזוי ווי די זון געהט אונטער ווערען זיי פּלוצלונג לעבעדיג נאָר צוליעב דעם, אַז זיי זאָלען צוגעהן צו מילער׳ס קאָנדיטאָריי און

דערמיט ערפּילען עפּעס א געהיימע, קיינעם נישט־בעקאַנטע פליכט. אַבזיצענדיג א שעה דריי־פיער איז דער אלטער ענדליך אויפגעשטאַנען, געכומען זיין קאַפּעלוש און אוועקגעגאַנגען ערגיץ אהיים. דער הונט איז אויך אויפגעשטאַנען, און ווידער צודריקענדיג דעם ווידעל און אראַבהענגענדיג דעם קאָפּ, איז ער מיט די איינגע לאנגזאמע טריט איהם מעכאַניש נאָכגעגאַנגען. די בעזוכער פון דער קאַנדיטאַריי האָבען ענדליך אָנגעהויבען אויף פערשידענע אופנים דעם אלטען אויסצומיידען און האָבען זיך אפילו ניט געזעצט מיט איהם צוזאמען, גלייך עס וואָלט זיי אַבגעשטויסען פון איהם. ער אָבער האָט דאָס אלץ ניט בעמערקט.

די בעזוכער פון דער קאַנדיטאַריי זיינען מעהרסטענטיילס דייטשען. זיי האָבען זיך צונויפגעקליבען אהער פון דעם גאַנצען וואָזנעסענסקי פּראָספּעקט; אלץ אייגענטימערס פון פערשידענע ווערקשטאַטען; שלאָסערס, זעמעל־בעקערס, פאַרבערס, היטעלמאכערס, זאַטעלמאכערס, — אלץ מענשען פּאַטריארכאַלישע אינ'ם דייטשען זין פון וואָרט. ביי מילער'ן איז אין אלגעמיין אַבגעהיטען געוואָרען די פּאַטריארכאַלישקייט. דער אייגענטימער איז אָפטמאָל צוגעגאַנגען צו באַקאַנטע געסט און זיך געזעצט מיט זיי ביים טיש און מען האָט דערביי פאַרצעהרט א געוויסע מאָס פּונש. די הינט און דעם אייגענטימער'ס קליינע קינדער זענען אויך אָפּט ארויסגעגאַנגען צו די געסט און די געסט האָבען געצערטעלט די קינדער און די הינט. אלע זיינען געווען בעקאַנט צווישען זיך און אלע האָבען זיך איינער דעם אנדערען געאַכט. און ווען די געסט האָבען זיך פערטיעפט אין לעזען דייטשע צייטונגען, האָט הינטער דער טהיר, אינ'ם אייגענטימער'ס דירה, געקנאַקט דער אוגוסטין, וועלכען עס האָט אויף א צוקריפּעלטען פּאַרטעפּיאַן געשפּיעלט דעם אייגענטימער'ס עלצטע טאָכטער, א בלאָנדינקע דייטשקע מיט לאָקען, וואָס איז זעהר ענהליך געווען אויף א ווייס מייזעלע. דעם וואָלצער האָט מען אויפגענומען מיט פערגעניגען. איך פלעג געהן צו מילער'ן די ערשטע טעג פון יעדען חודש לעזען די רוסישע זשורנאַלען, וואָס זענען צו'ן איהם אָנגעקומען.

אריינקומענדיג אין דער קאַנדיטאַריי האָב איך דערזעהען, אז דער אלטער זיצט שוין ביים פענסטער און דער הונט ליעגט, אזוי ווי געוועהנליך, אויסגעצויגען ביי זיינע פיס. איך האָב מיך שווייגענדיג

צוועקגעזעצט אין ווינקעל און מיך אליין געפרעגט: צו וואָס בין איך אריינגעגאַנגען אהער, אז איך האָב דאָ אבסאָלוט ניט וואָס צו טהאָן, אז איך בין קראנק און וואָלט נעטיגער בעדאַרפט שנעל אהיימגעהן, אויסטרינקען טהיי און זיך לעגען אין בעט אריין? איז עס מעגליך, אז איך בין ווירקליך דאָ בלויז צו בעטראַכטען דעם דאַזיגען אַלטען? א פאַרדרוס האָט מיך אָנגעכאַפּט. „וואָס געהט ער מיך אָן" — האָב איך געטראַכט, דערמאָנענדיג זיך דאָס מאָדנע, וועהטאָגליכע געפיהל, מיט וועלכען איך האָב נאָך אויף דער גאַס געקוקט אויף איהם. „און וואָס געהען מיך דאָ אָן די אַלע לאַנגווייליגע דייטשען? צו וואָס די פאַנטאַסטישע זעלטען־שטימונג? צו וואָס די ביליגע אויפרעגונג צו־ליעב נאַרישקייטען, — די אויפרעגונג, וועלכע איך בעמערק אין מיר די לעצטע צייט און וועלכע שטערט צו לעבען און קוקען אויפ'ן לעבען קלאָר, וועגען וואָס עס האָט מיר שוין בעמערקט א געדאַנקען־טיעפער קריטיקער, בעטראַכטענדיג מיט צאָרן מיינע אנ'ערצעהלונג?" אבער טראַכטענדיג און בעקלאָגענדיג בין איך אַלץ געבליבען אויפ'ן אָרט, און דערווייל האָט מיך די קראַנקהייט ארומגעכאַפּט אַלץ מעהר און מעהר, און מיר איז ענדליך געוואָרען א שאָד צו פאַרלאָזען דאָס וואַרעמע צימער. איך האָב גענומען די פראַנקפורטער צייטונג, איבער־געלעזען צוויי שורות און איינגעדרימעלט. די דייטשען האָבען מיר ניט געשטערט. זיי האָבען געלעזען, געראויכערט און נאָר פון צייט צו צייט, אזוי איינמאָל אין א האַלבע שעה, האָבען זיי איינער דעם אנדערען, אָבגעריסען און מיט א האַלב קול, איבערגעגעבען עפּעס א נייעס פון פראַנקפורט, אָדער עפּעס א וויץ אָדער א שאַרפזין פון דעם בעריהמ־טען דייטשען שאַרפקאָפּ סאַפיר; נאָך וועלכען זיי האָבען זיך מיט א פאַרטאָפּעלטען נאַציאָנאַלען שטאָלץ ווידער פאַרט־עפּט אין לעזען.

איך האָב געדרימעלט אונגעפעהר א האַלבע שעה און האָב מיך אויפגעכאַפּט פון א שטאַרקען פיעבער. עס איז אומבעדינגט נויטיג געוועזען צו געהן אהיים. נאָר אין דער מינוט האָט מיך א שטומע סצענע, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען, ווידער אמאָל אָבגעהאַלטען. איך האָב שוין געזאָגט, אז דער אַלטער, אזוי גיך ווי ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין שטוהל, האָט ער זיך גלייך אָנגעשפּאַרט מיט זיין בליק און האָט איהם שוין ניט איבערגעפיהרט אויף קיין אנדער זאַך דעם גאַנצען אָווענד. אויף מיר פלעגט זיך טרעפען ארונטערצופאַלען אונטער זיין

בליק, דעם אונזיניג איינגעשפארטען און גארנישט זעהענדיגען: דאס געפיהל איז געווען מעהר ווי אונאנגענעהם, זאגאר אונערטרעגליך, און איך האב געוועהנליך אזוי גיך ווי מעגליך איבערגעביטען דאס ארט. אין דער מינוט איז דעם אלטען'ס קרבן געווען א קליין, קיילעכדיג און אויסערגעוועהנליך ציערליך דייטשעל, מיט א שטעהענדיגען, שטייף אנגעקראכמאלעטען קאלנער און מיט אנ'אונגעוועהנליך רויט פנים, אנ'אנגעפאהרענער גאסט, א סוחר פון ריגע, אדאם איוואניטש שולץ, לויט איך בין שפעטער געווארען, מילער'ס א קורצער פריינד, וועלכער האט נאך דעם אלטען און פיעל פון די בעזוכער ניט געקענט. לעזענדיג מיט פערגעניגען דעם „דארפארביער" און צוטרינקענדיג זיין פונש, האט ער פלוצלונג, אויפהייבענדיג דעם קאפ, בעמערקט אויף זיך דעם אלטען'ס אונבעוועגליכען בליק. דאס איז איהם פארגעקומען אונפארשטענדליך. אדאם איוואניטש איז געווען א מענש, וואס האט זיך זעהר לייכט באליידיגט און ווען עס איז גרינג אנצוטרעטען, אזוי ווי געוועהנליך אלע „עהרענהאפטע" דייטשען. איהם האט אויסגעזעהען מאדנע און בעליידיגענד, וואס מען קוקט איהם אן אזוי איינגעשפארט און אהן צערעמאניעס. מיט א גערדיקטען צארן האט ער אראבגענומען די אויגען פון דעם גראבען גאסט, האט זיך עפעס אונטערגעבורטשעט אונטער דער נאז און האט זיך שווייגענדיג פארשטעלט מיט דער צייטונג. דאך אבער האט ער ניט אויסגעהאלטען און אין א צוויי מינוט ארום זאט ער פארדעכטיג ארויסגעקוקט פון הינטער דער צייטונג: דער אייגענער איינגעשפארטער בליק, דאס אייגענע אונזיניגע אנקוקען. אדאם איוואניטש האט דאס מאל אויך פארשוויגען. אבער ווען דאס אייגענע האט זיך איבערגע'חזר'ט צום דריטען מאל, האט ער ארויסגעפלאצט און געפונען פאר זיין פליכט צו פארטיידיגען זיין עהרענהאפטיקייט און ניט צו פארשעהמען פאר א בכבוד'יג פובליקום די וואונדערשעהנע שטאט ריגע, פון וועלכער ער האט זיך, ווארשיינליך, געהאלטען פאר א פארשטעהער. מיט אנ'אונגעדולדיגער בעוועגונג האט ער אוועקגעווארפען די צייטונג אויפ'ן טיש, אנ'ענערגישען קלאפ געטהאן מיט'ן שטעקעל, צו וועלכען זי איז געווען בעפעסטיגט, און שטראהלענדיג מיט זיין אייגענער ווירדיגקייט, אינגאנצען רויט פון פונש און פון אמביציע, האט ער אויך אנגעשטעלט זיינע קליינע אנגעצונדענע אויגעלעך אויף דעם

פאַרדראָסיגען אַלטען. עס האַט אויסגעוויזען, אַז זיי ביידע, אי דער דייטש, איז זיין געגנער, האַבען געוואָלט איבערשטייגען איינער דעם אַנדערען מיט דער מאַגנעטישער קראַפט פון זייערע בליקען און האַבען אויסגעוואַרט, ווער עס וועט פריהער צוטומעלט ווערען און אַראָבלאָזען די אויגען. דער קלאַפּ פונ'ם שטעקעל און אַדאַם איוואַניטש'ס עקסצענטרישע פאָזע האַבען געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע בעזוכער. אַלע האַבען גלייך אָוועקגעלעגט זייערע בעשעפטיגונגען און מיט אַ וויכטיגער, שווייגענדיגער נייגעריגקייט בעטראַכט ביידע געגנער. די סצענע איז געוואָרען זעהר קאָמיש. אַבער דער מאַגנעטיזם פון די אַרויסרופענדע אייגעלעך פון דעם רויטינקען אַדאַם איוואַניטש איז פאַרפאַלען געוואָרען אומזיסט. דער אַלטער, ניט קימערענדיג זיך וועגען קיין זאַך, האַט ווייטער גלייך געקוקט אויף דעם ווילד־געוואָרענעם הער שולץ און האַט אַבסאָלוט ניט בעמערקט, אַז אַלע קוקען אויף איהם נייגעריג, גלייך זיין קאָפּ וואָלט געווען אויף דער לבנה, ניט אויף דער ערד. אַדאַם איוואַניטש'ס געדולד האַט ענדליך געפּלאַצט און ער האַט אַרויסגעשאָסען:

— פאַרוואָס קוקט איהר אויף מיר אַזוי אויפמערקזאַם? — האַט ער אַ געשריי געטהאָן מיט אַ שאַרפער, דורכדרינגליכער שטים און מיט אַ דראָהענדען אויסזעהן.

נאָר זיין געגנער האַט ווייטער געשוויגען, גלייך ער וואָלט ניט פערשטאַנען און אפילו ניט געהערט די פראַגע. אַדאַם איוואַניטש האַט בעשלאָסען צו רעדען רוסיש.

— איך האָב אייך געפרעגט, פאַרוואָס איהר קוקט אויף מיר אַזוי אויפמערקזאַם. — האַט ער אַ געשריי געטהאָן מיט אַ פאַרטאָפּעלטען כעס. — מיך קען מען אין הויף, און אייך קען מען ניט אין הויף! — האַט ער צוגעגעבען, אויפשפּרינגענדיג פון זיין שטוהל.

נאָר דער אַלטער האַט זיך אפילו ניט גערירט. צווישען די דייטשען האָט זיך דערהערט אַ בייזע מורמלעריי. מילער אַליין, וועמען דאָס גערויש האַט צוגעצויגען, איז אַריינגעקומען אין צימער. אַריינגעהענדיג אין דער זאַך, האַט ער אַ טראַכט געטהאָן, אַז דער אַלטער איז טויב און ער האַט זיך איינגעבויגען הארט צו זיין אויער.

— הער שולץ האַט אייך העפליך געבעטען איהר זאָלט ניט קוקען

אויף איהם, — האט ער ארויסגערעדט וואס מעגליך העכער, איינקר־קענדיג זיך שטארק אין דעם אונפארשטענדליכען בעזוכער.

דער אלטער האט מעכאניש א קוק געטהאן אויף מילער'ן און אויף זיין פנים, וואס איז ביז איצט געווען אונבעוועגליך, האבען זיך פלוצלינג בעוויזען סמנים פון עפעס א בעוועגטען געדאנק, פון עפעס אנ'אונרוהיגער אויפרעגונג. ער איז געווארען אין א פארלעגענהייט, האט זיך קרעכצענדיג איינגעבויגען צו זיין הוט, איהם שנעל א כאפ געטהאן צוזאמען מיט'ן שטעקען, איז אויפגעשמאגען פון דער שטוהל און מיט עפעס א רחמנות'דיגען שמייכעל, אנ'ערנידריגטען שמייכעל פון אן ארימאן, וועלכען מען טרייבט פון אן ארט, וואס ער האט דורך א טעות פארנומען, האט ער זיך צוגעגרייט ארויסצוגעהן פונ'ם צי־מער. אין דער רוהיגער, אונטערטעניגער איילינקייט פון דעם ארע־מען, אויסגעדארטען אלטען איז געווען אזוי פיעל וואס האט ארויס־גערופען רחמנות, אזוי פיעל פון דעם, פון וועלכען דאס הארץ ווערט טיילמאל אזוי ווי איבערגעקעהרט אין דער ברוסט, אז דאס גאנצע פובליקום, אנהייבענדיג פון אדאם איוואניטש'ן, האט גלייך געענדערט זיין בליק אויף דער זאך. עס איז געווען קלאר, אז דער אלטער האט נישט־נאר נישט געקענט אימיצען באליידיגען, נאר ער האט אליין יעדע מינוט פארשטאנען, אז מען קען איהם פוי אומעטום ארויסטרייבען אזוי ווי א בעטלער.

מילער איז געווען א מענש א גוטער און מיט רחמנות.

— ניין, ניין — האט ער זיך אנגערופען, קלאפענדיג דעם אלטען אויף דער פלייצע מיט ערמוטיגונג, — זיצט! אבער הער שולץ האט אייך זעהר העפליך געבעטען איהר זאלט נים קוקען אויף איהם. ער איז בעקאנט אין הויף.

אבער דער ארימאן האט דא אויך ניט פערשטאנען; ער איז גע־ווארען נאך אין א גרעסערער פערלעגענהייט, זהאט זיך איינגעבויגען אויפצוהייבען זיין טיכעל, דאס אלטע, לעכערדיגע, בלאהע טיכעל, וואס איז ארויסגעפאלען פון זיין הוט, און האט גענומען רופען זיין הונט, וואס איז געלעגען אונבעוועגליך אויף דער ערד און איז, ווייזט אויס, פעסט געשלאפען, זיך פארשטעלענדיג די מארדע מיט ביידע לאפעס.

— אזאָרקאַ, אזאָרקאַ! — האָט ער ארויסגעמיאמלעט מיט א ציטערדיגער, אַלטער שטימע. — אזאָרקאַ!

— אזאָרקאַ האָט זיך ניט גערירט.

— אזאָרקאַ, אזאָרקאַ! — האָט דער אַלטער בענקשאַפטליך איי־בערגע׳חזר׳ט און האָט אַ ריהר געטהאָן דעם הונט מיט׳ן שטעקען, אבער דער הונט איז געבליבען ליגען אזוי ווי פריהער.

דער שטעקען איז ארויסגעפאַלען פון זיין האַנט. ער האָט זיך איינגעבויגען, האָט זיך געשטעלט אויף ביידע קניהען און האָט מיט ביידע הענט אויפגעהויבען אזאָרקאַ׳ס מאָרדע. אָרעמער אזאָרקאַ! ער איז געווען טויט. ער איז געשטאָרבען שטילערהייט, ביי זיין בעל־הבית צופוסענס, קען זיין פון אַלטקייט און קען זיין, פון הונגער. דער אַלטער האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף איהם אזוי ווי אַנ׳איבעראַשטער, אזוי ווי ער וואָלט ניט פערשטאַנען, אז אזאָרקאַ איז שוין געשטאָרבען; דער־נאָך האָט ער זיך שטיל איינגעבויגען צו זיין געוועזענעם דיענער און פריינד און האָט צוגעדריקט זיין בלייך פּנים צו זיין טויטער מאָרדע. אַ מינוט איז פאַרביי אין שטילקייט. מיר זיינען אַלע געווען גערירט... ענדליך האָט זיך דער אָרעמער אויפגעהויבען. ער איז געווען זעהר בלייך און האָט געציטערט אזוי ווי אין אַ קאַלטען פיעבער.

— מען קען מאַכען פון איהם אַ טשוטשעלע, — האָט זיך אָנגע־רופען דער רחמנות׳דיגער מילער, וועלענדיג מיט וואָס עס איז טרייס־טען דעם אַלטען. (אַ טשוטשעלע האָט ער געמיינט דעם הונט אויסגע־שטאָפּט). — מען קען מאַכען אַ גוטע טשוטשעלע; פיאָדאָר קאַרלאָ־וויטש קריגער וועט מאַכען אַן אויסגעצייכענטע טשוטשעלע; פיאָדאָר קאַרלאָוויטש קריגער איז אַ גרויסער מייסטער צו מאַכען אַ טשוטשע־לע, — האָט מילער בעשטעטיגט און אויפגעהויבען פון דער ערד דעם שטעקען און איהם דערלאַנגט דעם אַלטען.

— יאָ, איך וועל מאַכען אַן אויסגעצייכענטע טשוטשעלע, — האָט בעשיידען אונטערגעכאַפּט הער קריגער אַליין, ארויסטרעטענדיג פון פאָרענט.

דאָס איז געווען אַ לאַנגער, אויסגעדאַרטער און גוטמוטיגער דייטש מיט געלע, צובאַרשטשעטע האָר און מיט ברילען אויף דער האָרבאַטער נאָז.

— פיאָדאָר קאַרלאָוויטש קריגער האָט אַ גרויסען טאַלענט צו

מאכען אלערליי אויסגעצייכענטע טשוטשעלעס, — האט מילער צו־געגעבען, און האט אנגעהויבען בעגייסטערט צו ווערען פון זיין איינ־פאל.

— יא, איך האב א גרויסען טאלענט צו מאכען אלערליי אויסגע־צייכענטע טשוטשעלעס, — האט הער קריגער ווידער בעשטעטיגט,— און איך וועל אייך אומזיסט מאכען א טשוטשעלע פון אייער הינטעל,— האט ער צוגעגעבען אין אנ׳אנפאל פון ברייטהארציגער זעלבסטאויפ־אפפערונג.

— ניין, איך וועל אייך בעצאהלען פאר דער טשוטשעלע, — האט אומנאטירליך א געשריי געטהאן אדאם איוואניטש שולץ, א טא־פעלט רויטער, וועלכער איז אויך אנגעצונדען געווארען פון ברייטהאר־ציגקייט און זיך אומשולדיגערהייט געהאלטען פאר דער אורזאך פון אלע אומגליקען.

דער אלטער האט דאס אלץ אויסגעהערט, הפנים ניט פארשטע־הענדיג און האט ווי פריהער געציטערט מיט׳ן גאנצען קערפער.

— ווארט! טרינקט אויס א גלעזעל גוטען קאניאק! — האט מילער אויסגעשריגען, זעהענדיג, אז דער רעטזועלהאפטער גאסט גיט זיך א ריס אוועקצוגעהן.

מען האט דערלאנגט קאניאק. דער אלטער האט מעכאניש גענו־מען דאס גלעזעל, אבער זיינע הענט האבען זיך געווארפען און איידער ער האט עס צוגעטראגען צו די ליפען, האט ער א העלפט פארגאסען, און ניט אויסטרינקענדיג קיין טראפען, האט ער עס צוריקגעשטעלט אויף דער טאץ. דערנאך האט ער א שמייכעל געטהאן מיט עפעס א מאדנעם שמייכעל, וואס האט זיך גארנישט געפאסט צו דער זאך, און איז מיט שנעלע נערוועזע טריט ארויס פון קאנדיטאריי, איבערלאזענ־דיג אזארקא׳ן אויף זיין ארט. אלע זיינען געשטאנען ערשטוינט; מען האט דערהערט אויסרופען.

— שוועהרנאטה! וואס פיר איינע געשיכטע! — האבען גע־רעדט די דייטשען און ארויסגעזעצט די אויגען איינער אויפ׳ן אנ־דערען.

און איך האב מיך א ווארף געטהאן נאכ׳ן אלטען. עטליכע טריט פון דער קאנדיטאריי, ווען מען פארנעמט זיך רעכטס פון איהר, איז פאראן א שטיקעל גאס, שמאל און טונקעל, וואס איז בעשטעלט מיט

ריעזיגע הייזער. עפּעס האָט מיך אַ שטויס געטהאָן, אַז דער אַלטער האָט זיך אומבעדינגט פּאַרקירעוועט אהין. דאָס צווייטע הויז רעכטס האָט זיך דאַרטען געהאַלטען אין בויען און איז אינגאַנצען געווען פאַר־שטעלט מיט ברעטער. דער צוים, וואָס האָט אַרומגערינגעלט דאָס הויז, איז אַרויסגעגאַנגען שיער ניט ביז'ן מיטען דער גאַס; צום צוים איז געווען צוגעלעגט אַ הילצערן בריקעל פאַר פאַרבייגעהער. אין דעם פינסטערען ווינקעל, צווישען צוים און דעם הויז, האָב איך געפונען דעם אַלטען. ער איז געזעסען אויפ'ן ברעג פון דעם הילצערנעם טראָ־טואַר און אָנשפּאַרענדיג די עלענבויגענס אויף די קניה האָט ער מיט ביידע הענט געהאַלטען זיין קאָפּ. איך האָב מיך געזעצט נעבען איהם.

— הערט, — האָב איך געזאָגט, כמעט ניט וויסענדיג פון וואָס אָנצוהייבען, — טרויערט ניט נאָך אַזאָרקאַ'ן. קומט, איך וועל אייך אַבפיהרען אהיים. בערוהיגט אייך. איך געה באַלד צורופען אַ איזוואָזטשיק. וואו וואוינט איהר?

דער אַלטער האָט ניט געענטפערט. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו בעשליסען. קיין פאַרבייגעהער זענען ניט געווען. פּלוצלונג האָט ער מיך אָנגעהויבען כאַפּען פאַר דער האַנט.

— דושנע! — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ הייזערינער, קוים־געהערטער שטים: — דושנע!

— קומט צו'ן אייך אַהיים! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן, אויפשטעהענדיג און אויפהויבענדיג איהם מיט געוואַלד, — איהר וועט אויסטרינקען טהיי און זיך לעגען אין בעט אריין... איך וועל באַלד אהערברענגען אַן איזוואָזטשיק. איך וועל רופען אַ דאָקטאָר... איך קען אַ געוויסען דאָקטאָר...

איך געדענק ניט וואָס נאָך איך האָב איהם געזאָגט. ער האָט זיך יאָ געוואָלט אויפהייבען, אָבער נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַביסעל אויפ־געהויבען, איז ער ווידער געפאַלען אויף דער ערד און ווידער עפּעס אָנגעהויבען צו בורטשען מיט דעם אייגענעם הייזעריגען, פאַרשטיקטען קול. איך האָב מיך איינגעבויגען צו'ן איהם נאָך נידעריגער און האָב מיך צוגעהערט.

— אויפ'ן וואַסילעווסקער אינזעל, — האָט דער אַלטער געבריי־פּעט, — אין דער זעקסטער ליניע... אין דער זעק־סטער לי־ניע...

ער איז אַנטשוויגען געוואָרען.

— איהר וואוינט אויפ'ן וואסילעווסקער? אבער איהר זענט ניט אהין געגאנגען; דאס וועט זיין לינקס, ניט רעכטס. איך וועל אייך גלייך צופיהרען.

דער אלטער האט זיך ניט געריהרט. איך האב איהם גענומען פאר א האנט. די האנט איז אראבגעפאלען, ווי א טויטע. איך האב איהם א קוק געטהאן אין פנים אריין, מיך צוגעריהרט דערצו, — ער איז שוין געוועזן טויט. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז דאס אלץ קומט פאר אין שלאף.

די פאסירונג האט מיך געקאסט א סך זארג, אין פערלויף פון וועלכע מיין פיעבער איז פון זיך אליין אוועק. דעם אלטענ'ס וואוינונג האט מען אויפגעזוכט. ער האט אבער דאך ניט געוואוינט אויפ'ן וואסילעווסקער אינזעל, נאר צוויי טריט פון דעם ארט, וואו ער איז געשטארבען, אין קלוגענ'ס הויז, אונטער'ן סאמע דאך, אויפ'ן פינפטען שטאק, אין א בעזונדערער וואוינונג, וואס איז בעשטאנען פון איין קלייניקען פאדערצימער און איין גרויסען, זעהר נידריגען צימער, מיט דריי שפאלטען, וואס זיינען עהנליך געווען אויף פענסטער. געלעבט האט ער שרעקליך ארעם. מעבעל איז אינגאנצען געווען א טיש, צוויי שטוהלען און אן אלטע־אלטע סאפע, הארט ווי א שטיין, און פון וועלכער עס איז פון אלע זייטען ארויסגעקראכען א ראגאזשע; און אפילו דאס האט זיך ארויסגעוויזען צו בעלאנגען צום בעל־הבית פון הויז. דעם אויווען, ווייזט אויס, האט מען שוין לאנג ניט געהייצט; קיין ליכט האט מען אויך ניט געפונען. איך מיין יעצט ערנסט, אז דער אלטער האט אויסגעטראכט צו געהן צו מילער'ן, בלויז צוליעב דעם, אז ער זאל דארטען זיצען אביסעל ביים ליכט און זיך אנווארעמען. אויפ'ן טיש איז געשטאנען א לעדיג ליימען קריגעל און עס איז געלעגען אן אלט, הארט רעפטעל ברויט. קיין געלד האט מען ניט געפונען קיין קאפיקע. מען האט אפילו ניט געפונען קיין אנדער פאר וועש, איהם צו בעגראבען; אימיצער האט שוין געגעבען זיין העמד. עס איז קלאר, אז ער האט אויף אזא אופן ניט געקענט לעבען, גאנץ אליין, און ווארשיינליך האט איהם אימיצער, כאטש זעלטען, בעזוכט. אין טישקעסטעל האט מען געפונען זיין פאספארט. דער פערשטארבענער איז געוועזן פון די אויסלענדער, אבער א רוסישער בירגער, יערעמיא סמיט, א מאשיניסט, אכטאונזיבעציג יאהר אלט. אויפ'ן טיש

זיינען געלעגען צוויי ביכער: א קורצע געאָגראַפיע און דער נייער טעסטאמענט אין א רוסישער איבערזעצונג, פערצייכענט מיט בליי־שטיפט ביי די ברעגען און מיט צייכענס פון א נאָגעל. די ביכער האָב איך מיר צוגענומען. מען האָט געפרעגט די איינוואוינער, דעם בעל־הבית פון הויז, — קיינער האָט וועגען איהם כמעט גאָרנישט גע־וואוסט. איינוואוינער זיינען אין דעם הויז דאָ א סך, כמעט אַלע מייסטערס און דייטשקעס, וואָס האַלטען אויף מעבלירטע צי־מערען מיט קעסט און מיט א דיענסט. דער פער־וואַלטער פון הויז, אַן עהרליכער מענש, האָט אויך ניט געקענט פיעל דערצעהלען וועגען זיין געוועזענעם איינוואוינער, אויסער אפשר דעם, אז די דירה איז געגאַנגען זעקס רובעל א חודש, אז דער פער־שטאָרבענער האָט געוואוינט אין איהר פיער חדשים, נאָר פאַר די לעצטע צוויי חדשים האָט ער ניט בעצאָהלט קיין קאָפּיקע, אז ער האָט איהם בעדאַרפט ארויסטרייבען פון דער דירה. מען האָט געפרעגט: צו פלעגט ניט אימעצער קומען צו'ן איהם? אבער קיינער האָט אויף דעם ניט געקענט געבען קיין גענישגענדען ענטפער. דאָס הויז איז גרויס: וועניג מענשען געהען אריין אין אזא נח'ס תיבה, מען קען ניט אַלע געדענקען. דער דוואָרניק וואָס האָט געדיענט אין דעם הויז פינף יאָהר, און וועלכער וואָלט, וואַרשיינליך, געקענט כאָטש עפּעס ער־קלערען, איז אוועקגעפאָהרען מיט צוויי וואָכען פריהער צו פערברענ־גען אביסעל אין דער היים און האָט איבערגעלאָזט אויף זיין אָרט זיי־נעם א שוועסטערקינד, א יונגענמאַן, וועלכער האָט קיין העלפט איינ־וואוינער ניט געקענט פּערזענליך. איך וויים ניט גענוי, מיט וואָס איי־גענטליך עס האָבען זיך דאמאָלס געענדיגט די אַלע אויספאָרשונ־גען, נאָר דעם אַלטען האָט מען סוף כל סוף בעגראָבען. אין די טעג, כאָטש איך האָב אנדערע זאָרג געהאַט, בין איך אוועקגעגאַנגען אויפ'ן וואַסילעווסקער אינזעל, אין דער זעקסטער ליניע, און נאָר קומענדיג אהין, האָב איך א שמייכעל געטהאַן איבער זיך אַליין: וואָס האָב איך געקענט דערזעהען אין דער זעקסטער ליניע, אויסער א רייהע איינ־פאכע הייזער? אבער פאַרוואָסזשע, האָב איך געטראַכט, האָט דער אַלטער שטאַרבענדיג גערעדט וועגען דער זעקסטער ליניע און וועגען דעם וואַסילעווסקער אינזעל? צי האָט ער ניט גערעדט פון היץ?

איך האָב בעקוקט סמיט'ם לעדיג־געוואָרענע קוואַרטיר, און זי

איז מיר געפעלען. איך האב זי גענומען. די הויפטזאך, עס איז געווען א גרויס צימער, כאטש זעהר א נידריגער, אז די ערשטע צייט האט זיך מיר אלץ אויסגעדוכט, אז איך וועל אנשלאגען דעם באלקען מיט'ן קאפ. איבריגענס, איך האב מיך שנעל צוגעוואוינט. פאר זעקס רובעל א חודש האט מען ניט געקענט קריעגען קיין בעסערס. די דירה האט מיך צוגעצויגען; עס איז נאר געבליבען צו בעמיהען זיך וועגען א דיענסט, אזוי ווי אינגאנצען אהן א דיענסט איז ניט מעגליך געווען דארט צו וואוינען. דער דווארניק האט מיר די ערשטע צייט צוגעזאגט צו קומען כאטש איינמאל אין טאג מיך בעדיענען אין אנ'אויסערלי־כען פאל, און ווער ווייסט, האב איך געטראכט, אפשר קומט אימיצער געוואר וועגען דעם אלטען! איבריגענס, עס זיינען שוין פארביי פינף טעג, ווי ער איז געשטארבען, און עס איז נאך קיינער ניט גע־קומען.

---

## צווייטער קאפיטעל.

אין יענער צייט, נעמליך מיט א יאהר צוריק, האב איך נאך מיט־געארבייט אין זשורנאלען, געשריבען קליינע ארטיקלען און פעסט גע־גלויבט, אז מיר וועט זיך איינגעבען אנצושרייבען עפעס א גרויסע, גוטע זאך. איך בין דאמאלס געזעסען איבער א גרויסען ראמאן; די זאך האט זיך אבער דאך, געענדיגט דערמיט, וואס איך האב מיך אט איצט אוועקגעזעצט אין שפיטאל און וועל, דוכט זיך, אין גיכען שטארבען. און אויב איך וועל אין גיכען שטארבען, צו וואס זשע, דוכט זיך, דארף מען שוין פארשרייבען בילעטלעך?

ניט ווילענדיג און אונאויפהערליך דערמאנט זיך מיר דאס גאנ־צע שווערע, לעצטע יאהר פון מיין לעבען. איך וויל איצטער אלץ פער־שרייבען און, ווען איך וואלט מיר ניט ערפונדען אט די בעשעפטי־גונג, דוכט זיך מיר, וואלט איך געשטארבען פון בענקשאפט. די אלע פארבייגעגאנגענע איינדרוקען רעגען מיך טיילמאל אויף ביז וועה־טאג, ביז פיין. אונטער דער פען וועלען זיי אננעמען א מעהר בערו־

היגענדעז, א שענערען כאראקטער; זיי וועלען וועניגער עהנליך זיין אויף פלאפלעריי פון היץ, אויף א קאשמאר. אזוי דוכט זיך מיר. דער מעכאניזם פון שרייבען אליין איז שוין עפּעס ווערט: ער וועט בערוהי־גען, אבקיהלען, אויפריהרען אין מיר די אמאליגע אויטארישע גע־וואוינהייטען, וועט פערוואנדלען מיינע עראינערונגען און קראנקע חלומות אין טהאט, אין בעשעפטיגונג... יא, איך האב עס גוט אויס־געטראכט. דערצו נאך א ירושה דעם פעלדשער; כאטש די פענסטער צו פערקלעבען, מיט מיינע שריפטען, ווען מען וועט ארייינשטעלען די ווינטערדיגע פענסטער.

נאר, איבריגענס, איך האב אנגעהויבען מיין ערצעהלונג, איך וויים ניט פארוואס, פון דער מיטען. אויב שוין אלץ פארשרייבען, דארף מען אנהויבען פון אנהויב. נו, וועלען מיר אנהויבען פון אנהויב. איב־ריגענס, מיין אויטאביאגראפיע וועט ניט זיין גרוים.

איך בין געבוירען געווארען ניט דא, נאר וויים פון דאנען, אין — ער גובערניע. מען דארף אננעמען, אז מיינע עלטערען זיינען געווען גוטע מענשען, נאר זיי האבען מיך איבערגעלאזט א יתום נאך אין דער קינדהייט, און איך בין אויסגעוואקסען אין דעם הויז פון ניקאלאי סערגעאיטש איכמעניעוו, א קליינבעזיצערישער גוטבעזיצער, וועלכער האט מיך צוגענומען אוים רחמנות. פון קינדער האט ער געהאט בלויז איין טאכטער, נאטאשא, א קינד מיט דריי יאהר יונגער פון מיר. מיר זיינען געוואקסען צוזאמען אזוי ווי א ברודער מיט א שוועסטער. א, מיין ליעבע קינדהייט! ווי נאריש עס איז צו בענקען נאך דיר און דיך בעדויערען, ווען מען איז שוין פינפאונצוואנציג יאהר אלט און, שטארבענדיג, נאר דיך אליין צו דערמאנען מיט ענטציקונג און דאנק־בארקייט! דאמאלס איז אויף'ן הימעל געווען אזא ליכטיגע, אזא ניט פעטערבורגער זון און אזוי פריש, פרעהליך האבען געקלאפט אונ־זערע קליינינקע הערצער. דאמאלס זיינען ארום געווען פעלדער און וועלדער, און ניט קיין גרודעם טויטע שטיינער, אזוי ווי איצט. ווי וואונדערליך איז געווען דער גארטען און וואסילעווסקאיע, וואו ני־קאלאי סערגעאיטש איז געווען דער פערוואלטער; אין דעם גארטען בין איך מיט נאטאשא'ן געגאנגען שפּאצירען, און הינטער'ן גארטען איז געווען דער גרויסער, פייכטער וואלד, וואו מיר קינדער, זיינען איינמאל ביידע פארבלאנדזשעט געווארען... נאלדענע, וואונדערשעהנע

צייט! דאָס לעבען האָט זיך צום ערשטען מאָל געלאָזט דערקענען, גע־היים און פערפיהרעריש, און אזוי זיס איז געוועזען זיך צו בעקענען דערמיט. דאמאָלס האָט נאָך, דוכט זיך, הינטער יעדען קוסט, הינטער יעדען בוים געלעבט אימיצער, א געהיימער און אונבעקאַנטער פאַר אונז; די לעגענדארישע וועלט האָט זיך צונויפגעגאָסען מיט דער ווירקליכער; און ווען אין די טיעפע טהאָלען פלעגט געדיכטער ווערען דער אוועגד־נעבעל און האָט זיך מיט גראהע, געדרעהטע לאָקען פער־טשעפעט פאר די קוסטען, וואָס האָבען זיך געקלעבט צו די שטיינער־נע ריפען פון אונזער גרויסען בארג־גרוב, דאן בין איך מיט נאַטאַשאַ'ן געגאַנגען ביים ברעג פונ'ם גרוב, זיך האלטענדיג פאר די הענד, מיט שרעקענדיגער נייגעריגקייט ארייננעקוקט אין דער טיעפעניש און מיר האָבען געוואַרט, אז אָט־אָט וועט אימיצער ארויסקומען צו'ן אונז אָדער וועט זיך אָברופען פון'ם טומאַן, פון'ם דנאָ פון דעם גרוב, און דער ניאַניע'ס מעשה'לעך וועלען זיך ארויסווייזען צו זיין ווירקליכער, גע־זעצליכער אמת. איינמאָל נאָכדעם, שוין מיט א לאַנגער צייט שפע־טער, האָב איך ווי־דאָס־איז דערמאָנט נאַטאַשאַ'ן, ווי מען האָט אונז דאמאָלס איינמאָל געבראכט דאָס „ביכעלע פאר קינדער", ווי אזוי מיר זיינען גלייך אוועקגעלאָפען אין גאָרטען אריין, צו דער סאַזשעלקע וואו הינטער אן אלטען, געדיכטען קלאָן איז געשטאַנען אונזער בעליעבטע גרינע באַנק, ווי מיר האָבען זיך דאָרט אוועקגעזעצט און גענומען לעזען „אַלפאָנס און דאַלינדאַ" — א צויבערליכע געשיכטע. נאָך איצט קען איך מיך ניט דערמאָנען די געשיכטע, אָהן עפּעס א מאָדנער הארציגער אויפרעגונג, און ווען איך האָב מיט א יאָהר צוריק דערמאָנט נאַטאַשאַ'ן די ערשטע צוויי שורות: „אַלפאָנס, דער העלד פון מיין געשיכטע, איז געבוירען געוואָרען אין פּאָרטוגאל; דאָן ראַ־מיר, זיין פאָטער" און אז וו., האָב איך מיך שיער ניט צעוויינט. דאָס האָט געמוזט ארויסקומען שרעקליך נאַריש, און דערפאַר, וואַרשיינליך, האָט נאַטאַשאַ דאמאָלס אזוי מאָדנע געשמייכעלט איבער מיין בע־גייסטערונג. איבריגענס, זי האָט זיך באלד א כאַפּ געטהאָן (איך גע־דענק דאָס), און כדי מיך צו טרייסטען האָט זי אליין גענומען דער־מאָנען דאָס פערגאַנגענע. א וואָרט נאָך א וואָרט און איהרע אייגענע געפיהלען זיינען ווייך געוואָרען. פיין איז געוועזען יענער אָוועגד; מיר האָבען וועגען אַלעם איבערגערעדט, — אויך וועגען דעם ווי מען

האָט מיך איבערגעשיקט אין דער גובערנסקער שטאָט אריין אין פּאַנ־סיאָן, — גאָט מיינער, ווי זי האָט דאַמאָלס געוויינט! — און וועגען אונזער לעצטער צושיידונג, ווען איך האָב מיך שוין אויף שטענדיג צושיידט מיט וואסילעווסקאיע. איך בין שוין דעמאָלט פאַרטיג גע־וואָרען מיט מיין פּאַנסיאָן און בין געפאָהרען קיין פּעטערבורג מיך צוגרייטען צום אוניווערסיטעט. איך בין דעמאָלט אַלט געוועזען זיבע־צעהן יאָהר, זי פופצעהן. נאַטאַשאַ זאָגט, אז איך בין דאַמאָלס געווען אזאַ אומגעלומפּערטער, אזאַ לאַנגער און אז מען האָט ניט געקענט קוקען אויף מיר אָהן א געלעכטער. ווען מיר האָבען זיך געזעגענט האָב איך זי אָבגעפיהרט אָן א זייט, אום איהר צו זאָגען עפּעס א שרעקליך וויכטיגע זאַך; נאָר מיין צונג איז עפּעס פּלוצלינג שטום גע־וואָרען און האָט זיך פאַרפּלאָנטערט. זי געדענקט, אז איך בין געווען אין א גרויסער אויפרעגונג. פאַרשטעהט זיך, אז אונזער געשפּרעך האָט זיך ניט געקלעפּט. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען און זי, פער־שטעהט זיך, וואָלט מיך ניט פאַרשטאַנען. איך האָב מיך נאָר ביטער צעוויינט, און בין שוין אזוי אוועקגעפאָהרען, ניט זאָגענדיג גאָרנישט. מיר האָבען זיך ווידער געזעהען שוין מיט א לאַנגער צייט שפּעטער אין פּעטערבורג. דאָס איז געווען מיט א יאָהר צוויי צוריק. דער אַל־טער איכמעניעוו איז געקומען אהערצופאָהרען זיך בעמיהען וועגען זיינעם א פּראָצעס, און איך האָב דאַמאָלס נאָר וואָס געהאַט ארויס־געשפּרונגען אַלס ליטעראַט.

---

## דריטער קאַפּיטעל.

ניקאָלאַי סערגעאיטש איכמעניעוו האָט געשטאַמט פון א פיינער פאַמיליע, אבער פון אזא וואָס איז שוין לאַנג פאַראָרעמט געוואָרען. איבריגענס, נאָך די עלטערען זיינען איהם געבליבען אנדערטהאַלבען הונדערט נפשות אויף א גוטער אימיעניע. ווען ער איז אַלט געווען א יאָהר צוואַנציג האָט ער בעשלאָסען צו ווערען א הוסאַר. אַלץ איז גע־גאַנגען גוט, נאָר אויפ׳ן זעקסטען יאָהר פון זיין דיענסט האָט זיך איהם

אין איין אומגליקליכען אווענד געטראָפען צו פערשפּיעלען זיין גאנץ
פערמעגען. ער איז ניט געשלאָפען א גאנצע נאכט. דעם נעכסטען
אָווענד איז ער ווידער צוגעקומען צום קאָרטען־טיש און האָט גע־
שטעלט אויף דער קאָרט זיין פערד, — דאָס לעצטע, וואָס איז איהם
איבערגעבליבען. די קאָרט האָט געוואונען, נאָך איהר א צווייטע, א
דריטע, און אין א האלבער שעה ארום האָט ער אבגעוואונען איינעם
פון זיינע דערפער, איכמעניעווקא, אין וועלכען עס האָבען זיך גע־
פונען פופציג נפשות לויט דער לעצטער רעוויזיע. ער האָט זיך אבגע־
שטעלט און אויפ'ן אנדערען טאָג האָט ער ארייגעשיקט זיין רעזיג־
נאציע. הונדערט נפשות זיינען פערלוירען געגאנגען אויף אייביג. אין
צוויי חדשים ארום איז ער בעפרייט געוואָרען אלס פּאָרוטשיק און איז
אהיימגעפאָהרען אין זיין דאָרף. קיינמאָל אין לעבען האָט ער שפּע־
טער ניט גערעדט וועגען דעם וואָס ער האָט פערלוירען, און ניט קו־
קענדיג אויף זיין געוויסער גוטהארציגקייט, וואָלט ער זיך זיכער צו־
קריעגט מיט דעם, ווער עס וואָלט זיך ענטשלאָסען איהם צו דערמאָ־
נען וועגען דעם. אין דאָרף האָט ער זיך פלייסיג פערנומען מיט דעם
בעל־הבית'ישקייט און ביי פינפאונדרייסיג יאָהר האָט ער חתונה גע־
האט מיט אן אָרעמער דוואָריאנקע אננאַ אנדרעיעוונא שומילאָווא, א
מיידעל אינגאנצען אָהן נדן, אבער וועלכע האָט בעקומען א בילדונג
אין דעם פיינעם גובערנסקע פאנסיאן, ביי דער עמיגראנטקע מאָן־
רעוועש; און מיט דעם האָט זיך אננאַ אנדרעיעוונא געהאלטען שטאָלץ
דאָס גאנצע לעבען, כאָטש קיינער האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט דער־
ויסען: אין וואָס אייגענטליך עס איז בעשטאַנען איהר בילדונג. א
בעל הבית איז ניקאָלאַי סערגעאיטש געוואָרען אן אויסגעצייכענטער.
די שכנים־פּאָמיעשטשיקעס האָבען זיך ביי איהם געלערנט בעל־
הבית'ישקייט. עס זיינען פארביי עטליכע יאָהר, ווי פּלוצלונג אין א
שכנ'ישער אימעניע, אין דאָרף וואסילעווסקאַיע, וועלכער האָט גע־
צעהלט ניין הונדערט נפשות, איז געקומען צו פאָהרען פון פּעטער־
בורג דער גוטבעזיצער, קניאז פּיאָטר אלעקסאנדראָוויטש וואלקאָווסקי.
זיין אנקומען האָט געמאכט אין דער גאנצער געגענד א גענוג שטארקען
איינדרוק. דער קניאז איז געוועזן נאָך א יונגער מענש, כאָטש שוין
ניט פון דער ערשטער יוגענד, ער האָט געהאט ניט קיין קליינעם אמט,
בעדייטענדע פערבינדונגען, איז געוועזן גאנץ שעהן, האָט געהאט א

פערמעגען און, ענדליך, ער איז געוועזן אן אלמן, וואָס עס איז געוועזן בעזונדערס אינטערעסאנט פאר די דאמען און מיידלעך פון דעם גאנצען אויעזד. מען האָט דערצעהלט וועגען דער גלענצענדער אויפנאהם, וואָס עס האָט איהם אין דער גובערנסקער שטאָט געמאכט דער גובערנאטאָר, מיט וועמען ער האָט זיך עפּעס אָנגעקעהרט; וועגען דעם, ווי אזוי אלע גובערנסקע דאמען „זיינען פון זינען אראָב פון זיינע העפליכקייטען“, און נאָך, און נאָך. מיט איין וואָרט, דאָס איז געוועזן איינער פון די גלענצענדע פאָרשטעהער פון דער העכערער פעטערבורגער געזעלשאפט, וועלכע בעווייזען זיך זעלטען אין די גובערניעס און, ווען זיי בעווייזען זיך, מאכען זיי אַן'אונגעהייערען עפעקט. דער קניאז איז אבער ניט געוועזען פון די העפליכע, בעזונדערס מיט די, אין וועמען ער האָט זיך ניט גענויטיגט און וועמען ער האָט געהאלטען כאָטש אביסעל נידריגער פון זיך. מיט זיינע שכנים אי־ום דער אימעניע האָט ער זיך ניט געאיילט צו בעקענען, מיט דעם האָט ער זיך גלייך אָנגעמאכט א סך שונאים. דערפאר האָבען זיך אלע שטארק פערוואונדערט, ווען איהם איז פלוצלונג איינגעפאלען צו מאכען א וויזיט ביי ניקאָלאי סערגעאיטש'ן. אמת, אז ניקאָלאי סערגעאיטש איז געוועזן איינער פון זיינע נעהנטססטע שכנים. אין די איכמעניעוו'ס הויז האָט דער קניאז געמאכט א שטארקען איינדרוק. ער האָט זיי גלייך ביידען בעצויבערט; בעזונדערס ענטציקט פון איהם איז געוועזן אננא אנדרעיעוונא. אביסעל שפּעטער איז ער שוין געוועזן ביי זיי גאָר א היימישער מענש, איז געפאָהרען צו זיי יעדען טאָג, האָט זיי איינגעלאדען צו זיך, געזאָגט וויצען, דערצעהלט אנעקדאָטען, געשפּיעלט אויף זייער שלעכטען פאָרטעפּיאן, געזונגען. די איכמעניעווס האָבען זיך ניט געקענט אבוואונדערען: ווי האָט מען געקענט וועגען אזא מיערען, ליעבען מענשען רעדען, אז ער איז א שטאָלצער, אָנגעבלאָזענער, טרוקענער עגאָאיסט, וועגען וואָס עס האָבען אין איין קול געשריגען אלע שכנים. מען דארף דענקען, אז ניקאָלאי סערגעאיטש איז דעם קניאז ווירקליך געפעלען, א מענש אַנ'איינפאכער, א גראָדער, ניט קיין אייגענננוציגער, אַן עהרליכער. איבריגענס, אין גיכען איז אלץ קלאָר געוואָרען. דער קניאז איז געקומען צו פאָהרען קיין וואסילעווסקאיע צו פערטרייבען זיין פערוואלטער, אַן אויסגעלאסענעם דייטש, א מענש מיט אמביציע, אַן אגראָנאָם, בעשאָנקען מיט א

בכבוד׳ער גראהקייט, מיט ברילען און א הארבאטער נאז, וועלכער האט אבער, ביי די אלע מעלות, גע׳גנב׳עט אהן שאנד און אהן צענזור און האט נאך צו דעם געפייניגט עטליכע פויערים. איוואן קארלאוויטש איז, ענדליך, געכאפט געווארען ביי דער האנד, ער האט זיך זעהר בעליי־דיגט, האט א סך גערעדט וועגען דייטשער ערליכקייט, אבער ניט קור־קענדיג אויף דעם אלעם, האט מען איהם דאך פערטריבען און נאך מיט אביסעל אומכבוד דערצו. דער קניאז האט בעדארפט א פערוואלטער, און זיין אויסוואל איז געפאלען אויף ניקאלאי סערגעאיטש׳ן, דעם אויסגעצייכענטען בעל הבית און עהרליכען מענש, אין וואס, פער־שטעהט זיך, עס האט ניט געקענט זיין דער מינדעסטער צווייפעל. דוכט זיך, אז דעם קניאז האט זיך זעהר געוואלט, אז ניקאלאי סערגע־איטש זאל זיך אליין פארשלאגען אלס פערוואלטער; אבער דאס איז ניט געשעהען, און דער קניאז האט אין איין שעהנעם פריהמארגען אליין געמאכט דעם פארשלאג אין דער פארם פון דער פריינדליכסטער און אונטערטעניגסטער ביטע. איכמעניעוו האט זיך אין אנהויב אבגע־זאגט, נאר דאס בעדייטענדע געהאלט האט צוגעצויגען אננא אנדרע־יעוונא׳ן, און די טאפעלטע העפליכקייטען פון׳ם בעטער האבען שוין פערזאגט אלע איבריגע צווייפלערייען. דער קניאז האט דערגרייכט זיין ציעל. מען דארף דענקען, אז ער איז געוועזן א גרויסער מענשען־קענער. אין דער קורצער צייט פון זיין בעקאנטשאפט מיט איכמעניעוו׳ן, האט ער זיך דערוואוסט פאלשטענדיג מיט וועמען ער האט צו טהאן, און ער האט פערשטאנען, אז איכמעניעוו׳ן דארף מען בעצויבערען אויף א פריינדשאפטליכען, הארציגען אופן, אז מען דארף צו זיך צוציהען זיין הארץ, און אז געלט אהן דעם וועט קיין סך ניט אויפטהאן. ער האט אבער בעדארפט אזא פערוואלטער, וועלכען ער וואלט געקענט שטענדיג געטרויען אויף בלינד, אז ער זאל מעהר ניט דארפען אהער צו פאהרען קיין וואסילעווסקאיע, אזוי ווי ער האט ווירקליך גערע־כענט. די בעצויבערונג, וואס ער האט ארויסגערופען אין איכמעניעוו־קע, איז געוועזן אזוי שטארק, אז יענער האט אינערליך געגלויבט אין זיין פריינדשאפט. ניקאלאי סערגעאיטש איז געוועזן איינער פון יענע גוטהארציגע, נאאיוו־ראמאנטישע מענשען, וועלכע זיינען אזוי גוט ביי אונז אין רוסלאנד, וואס מען זאל ניט רעדען וועגען זיי, און וועל־כע, ווען זיי וועלען שוין אימיצען ליעב בעקומען (טיילמאל גאט

וויסט פאראויאס), וועלען זיי זיך איהם אבגעבען מיט דער גאנצער נשמה, אויסשפרייטענדיג טיילמאל זייער צוגעבונדענקייט ביז צום קאמישען.

א סך יאהרען זיינען פארביי. דעם קניאז'ם אימעניע האט גע־בליהט. די בעציהונגען צווישען דעם אייגענטימער פון וואסילעווסקאיע און זיין פערוואלטער זיינען פארגעקומען אהן די מינדסטע אונאנגע־נעהמליכקייטען פוןביידע זייטען און האבען זיך בעגרענעצט אויף א טרוקענער, געשעפטליכער קארעספאנדענץ. דער קניאז, ניט אריינמי־שענדיג זיך אויף דאס מינדעסטע אין דעם וואס ניקאלאי סערגעאיטש האט געטהאן, האט איהם טיילמאל געגעבען אזעלכע עצות, וועלכע האבען פערוואונדערט איכמעניעוו'ן מיט זייער אונגעוועהנליכער פראקטישקייט און געשעפטליכקייט. מען האט געזעהען, אז ער האט נישט־נאר נישט ליעב געהאט אויסצוגעבען איבריגס, נאר אז ער האט אפילו געקענט זאמלען. א יאהר פינף נאך זיין בעזוך אין וואסילעווס־קאיע, האט ער געשיקט ניקאלאי סערגעאיטש'ען א צייגניס צו קויפען א צווייטע, אן אויסגעצייכענטע אימעניע מיט פיער הונדערט נפשות, אין דער אייגענער גובערניע. ניקאלאי סערגעאיטש איז געווען בע־גייסטערט; די ערפאלגען פון'ם קניאז, די קלאנגען וועגען אלץ וואס איהם האט זיך איינגעגעבען, וועגען זיין דערהויבונג, האט ער גענומען צום הארצען, גלייך עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען זיין אייגענעם ברודער. נאר זיין בעגייסטערונג האט דערגרייכט די לעצטע שטופע, ווען דער קניאז האט איהם ווירקליך אין איין פאל ארויסגעוויזען זיין אויסערגעוועהנליכען צוטרוי. אט ווי אזוי דאס איז פארגעקומען... איבריגענס, דא געפין איך פאר נויטיג צו דערמאנען אייניגע בעזונ־דערע איינצעלהייטען פון דעם לעבען פון דעם קניאז וואלקאווסקי, וועל־בער איז טיילווייז איינער פון די הויפט־העלדען פון מיין ערצעהלונג.

---

## פיערטער קאפיטעל.

איך האב שוין פריהער דערמאנט, אז ער איז געווען אן אלמן. פערהייראט איז ער געווען נאך אין זיין ערשטער יוגענד און חתונה געהאט האט ער מיט געלד. פון די עלטערען זיינע, וועלכע האבען זיך

פאַלשטענדיג רואינירט אין מאַסקווע, האָט ער כמעט גאַרנישט בעקורמען. וואַסילעווסקאַיע איז געווען פערזעצט און איבערפערזעצט; חובות זיינען דערויף געלעגען ריעזיגע. ביים צווייאונצוואַנגי־יעהריגען קניאז, וועלכער איז דאַן געווען געצוואונגען צו אַרבייטען אין מאַסקווע אין עפּעס א קאַנצעלאַריע, איז ניט געבליבען קיין קאָפּיקע, און ער איז אריין אין לעבען אזוי ווי „א גאָלער יורש פון אן אלטען שטאַם“. דער שידוך מיט דער איבערצייטיגער טאָכטער פון עפּעס א סוחר־אויפקויפער האָט איהם געראַטעוועט. דער אויפקויפער, פערשטעהט זיך, האָט איהם אָבגענאַרט אין נדן, נאָר דאָך האָט מען מיט דעם ווייב'ס געלד געקענט אויסלייזען די אייגענע אימעניע און זיך שטעלען אויף די פיס. דעם סוחר'ס טאָכטער, וועלכע דער קניאז האָט בעקומען, האָט קוים געקענט שרייבען, האָט קיין צוויי ווערטער ניט געקענט צונויפקלעבען, איז געווען מיאוס און האָט נאָר געהאַט איין וויכטיגע מעלה: זי איז געווען גוט און האָט ניט צוריקגעענטפערט. דער קניאז האָט די מעשה אויסגענוצט פאַלשטענדיג: דאָס ערשטע יאָהר נאָך דער חתונה, האָט ער איבערגעלאָזט זיין ווייב, וועלכע האָט איהם דאַמאָלס געבוירען א זוהן, ביי איהר טאַטען דעם אויפקויפער אין מאַסקווע, און אליין איז ער אוועקגעפאָהרען אויף א שטעלע אין דער — ער גובערניע, וואו ער האָט אויסגעכלאַפּאָטשעט דורך דער פּראָטעקציע פון זיינעם אן אנגעזעהענעם קרוב אין פּעטערבורג א גאַנץ אנגעזעהענע שטעלע. זיין נשמה האָט געגאַרט נאָך אויסצייכנונג, ערפאָלג, א קאַריערע און, אויסרעכענענדיג, אז מיט זיין ווייב וועט ער ניט קענען לעבען ניט אין פּעטערבורג, ניט אין מאַסקווע, האָט ער בעשלאָסען, אין ערוואַרטונג אויף עפּעס בעסערס, אנצוהייבען זיין קאַריערע אין דער פּראָווינץ. מען זאָגט, אז נאָך דאָס ערשטע יאָהר פון זיין צוזאַמענלעבען מיט זיין ווייב, האָט ער זי שיער ניט פערפייניגט מיט זיין גראָבער בעציהונג צו'ן איהר. דער קלאַנג האָט שטענדיג אויפגערעגט ניקאָלאַי סערגעאיטש'ן, און ער האָט מיט היץ פערטיידיגט דעם קניאז, טענה'ענדיג, אז דער קניאז איז ניט פעהיג אויף קיין ניט־פיינע זאַכען. נאָר מיט א יאָהר זיבען שפּעטער איז זי ענדליך געשטאָרבען, די קניאַגיניע, און איהר מאַן דער אלמן, איז גלייך איבערגעפאָהרען קיין פּעטערבורג. אין פּעטערבורג האָט ער זאָגאַר געמאַכט א געוויסען איינדרוק. נאָך א יונגער מענש, א גאַנץ שעהנער, מיט א פערמעגען, בע־

גאבט מיט א סך גלענצענדע אייגענשאפטען, מיט אונצווייפעלהאפטען שאַרפזין, געשמאק, אונערשעפּליכער פרעהליכקייט, האָט ער זיך בעוויזען ניט אלס א זוכער פון גליק און שוץ, נאָר גענוג זעלבסטשטענדיג. מען האָט דערצעהלט, אז אין איהם איז ווירקליך געוועזען עפּעס פון א הארץ־גנב, פון א בעצווינגער, עפּעס שטארקעס. ער איז אויסערגעוועהנליך געפעלען פרויען, און די פארבינדונג מיט איינער פון די וועלטליכע שעהנהייטען האָט איהם פערשאפט א סקאַנדאַליעזען רוהם. ער האָט געשיט מיט געלד, ניט זשאַלעווענדיג, ניט קוקענדיג אויף אן איינגעבוירענער אויסגערעכענטקייט, וואָס איז דערגאנגען ביז קאַרגקייט, ער האָט פערשפּיעלט אין קאָרטען צו דעם וואָס האָט זיך גענויטיגט און האָט זיך ניט געזאָרגט ווען ער האָט אפילו פערשפּיעלט גאָר גרויסע סומען. אבער ניט קיין פערוויילונגען איז ער געקומען זוכען אין פעטערבורג: ער האָט בעדארפט זיך פאָלשטענדיג שטעלען אויף א וועג און בעפעסטיגען זיין קאַריערע. ער האָט דאָס דערגרייכט. גראף נאַינסקי, זיין אָנגעזעהענער קרוב, וועלכער וואָלט זיך זאָגאר ניט אומגעקוקט אויף איהם, ווען ער וואָלט זיך בעוויזען איינפאך צו בעטען א טובה, איבעראשט פון זיינע ערפאָלגען אין געזעלשאפט, האָט געפונען פאר מעגליך און פאר פאסיג צו שענקען איהם זיין בעזונדערע אויפמערקזאמקייט און האָט איהם אפילו אָנגעטהאָן דעם כבוד ארייננצונעמען זיין זיבעניעהריגען זוהן צו זיך אין הויז אריין צו ערציהען. צו דער צייט, טאקע בעלאנגט דעם קניאז'ס רייזע קיין וואַסילעווסקאָיע און זיין בעקאנטשאפט מיט איכמעניעוו'ן. ענדליך, נאָכדעם ווי ער האָט דורך דעם גראַף'ס פארמיטלונג בעקומען א בעדייטענדע שטעלע אין איינעם פון די וויכטיגסטע קאָנסולאטען, איז ער אוועקגעפאָהרען קיין אויסלאנד. ווייטער זיינען די קלאנגען וועגען איהם געוואָרען אביסעל טונקעל: מען האָט גערעדט וועגען עפּעס אן אונאנגענעהמען פאָרפאל, וואָס איז מיט איהם פאָרגעקומען אין אויסלאנד, נאָר קיינער האָט ניט געקענט ערקלעהרען אין וואָס ער איז בעשטאַנען. געוואוסט האָט מען נאָר, אז איהם האָט זיך איינגעגעבען צוצוקויפען נאָך פיערהונדערט נפשות, וועגען וואָס איך האָב שוין דערמאנט. צוריקגעקומען פון אויסלאנד איז ער שוין מיט א סך יאָהרען שפּעטער מיט א וויכטיגען אמט און האָט גלייך פערנומען אין פעטערבורג א גאנץ בעדייטענד אָרט. אין איכמעניעווקע האָבען זיך געטראָ־

גען קלאנגען, אז ער געהט צום צווייטען מאָל חתונה האָבען און אז ער פערבינדט זיך דערמיט מיט עפּעס אן אָנגעזעהען, רייך און שטארק הויז. „ער קוקט אריין אין די הויכע פענסטער!“ — האָט געזאָגט ניקאָלאי סערגעאיטש און זיך געריבען די הענט פון פערגעניגען. איך בין דאמאָלס געווען אין פּעטערבורג, אין אוניווערסיטעט, און איך געדענק, אז איכמעניעוו האָט מיר אומיסטען געשריבען און מיך געבעטען איך זאָל געוואָהר ווערען: צו זיינען אמת די קלאנגען וועגען דער חתונה? ער האָט אויך געשריבען צום קניאז און איהם געבעטען ער זאָל מיך בעשיצען; נאָר דער קניאז האָט איהם אויף זיין בריעף ניט געענטפערט. איך האָב נאָר געוואוסט, אז זיין זוהן, וועלכער האָט זיך אין אָנהויב ערצויגען ביים גראף, האָט געענדיגט זיין שטודיום ביי ניינצעהן יאָהר. איך האָב וועגען דעם געשריבען צו די איכמעניעווס, און אויך וועגען דעם, אז דער קניאז האָט זעהר ליעב זיין זוהן, אז ער באלעוועט איהם, און אז ער בערעכענט שוין איצט זיין צוקונפט. דאָס אלץ בין איך געוואָהר געוואָרען פון חברים־סטודענטען, בעקענטע פון דעם יונגען קניאז. אין יענער צייט האָט עס ניקאָלאי סערגעאיטש אין איין שעהנעם פריהמאָרגען דערהאלטען פון'ם קניאז א בריעף, וואָס האָט איהם זעהר שטארק פערוואונדערט...

דער קניאז, וועלכער האָט ביז איצט, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, זיך בעגרענעצט אין די בעציהונגען מיט ניקאָלאי סערגעאיטש'ן, מיט א טרוקענער, געשעפטליכער קאָרעספּאָנדענץ, האָט איהם איצט געשריבען גענוי, אפענהערציג און פריינדשאפטליך וועגען זיינע פאַמיליען־אומשטענדען: ער האָט זיך בעקלאָגט אויף זיין זוהן, האָט געשריבען, אז זיין זוהן פערשאפט איהם צרות מיט זיין שלעכטער אויפפיהרונג; אז, פערשטעהט זיך, אויף די שטיפעריייען פון אזא אינגעלקען מען נאָך ניט קוקען צו ערנסט (ער האָט זיך, הפנים, בעמיהט איהם צו פערטיידיגען), נאָר אז ער האָט בעשלאָסען דעם זוהן צו בעשטראָפען, איהם אָנשרעקען, און נעמליך: איהם צו פערשיקען אויף א געוויסער צייט אין דאָרף אריין, אונטער איכמעניעוו'ס אויפזיכט. דער קניאז האָט געשריבען, אז ער פערלאָזט זיך פאָלשטענדיג אויף „זיין בעסטען און עהרליכסטען ניקאָלאי סערגעאיטש און בעזונדערס אויף אננא אנדרעיעוונא“, ער האָט זיי ביידען געבעטען זיי זאָלען אריינעמען זיין ווינדיגער אין זייער פאמיליע, זיי זאָלען איהם שטי־

לערהייט אויסלערנען אביסעל שכל, זיי זאָלען איהם ליעב האָבען, אויב מעגליך, און די הויפּטזאַך, זיי זאָלען אויסבעסערען זיין לייכטזיניגען כאראקטער און „אריינקריעגען אין איהם רעטענדע און שטרענגע גע־זעצען, וואָס זיינען אזוי נויטיג אינ׳ם מענשליכען לעבען.“ פער־שטעהט זיך, אז דער אלטער איכמעניעוו האָט זיך מיט בעגייסטערונג גענומען צו דער ארבייט. דער יונגער קניאז האָט זיך בעוויזען; זיי האָבען איהם אויפגענומען ווי אנ׳אייגענעם זוהן. ניקאָלאי סערגעאיטש האָט איהם אין גיכען שטארק ליעב בעקומען, ניט ווייניגער פון זיין נאטאשא׳ן, אפילו שפּעטער, שוין נאָכדעם ווי אלץ איז איבערגעריסען געוואָרען צווישען דעם קניאז־פאָטער און איכמעניעוו׳ן, האָט דער אל־טער מיט א פרעהליך געמיטה דערמאָנט טיילמאָל זיין אליאָשא, — אזוי איז ער געוואוינט געוואָרען צו רופען דעם קניאז אלעקסעי פּיעט־ראָוויטש. און ווירקליך איז דאָס געווען גאָר א ליעב אינגעל: א שעה־נינקער, שוואך און נערוועז, ווי א פרוי, אָבער דערביי א פרעהליכער און מיט א פשוט׳ער נשמה, מיט א נשמה אנ׳אָפענער און א פעהיגער אויף די עהרליכסטע געפיהלען, מיט אנ׳אמת׳דיג הארץ, וואָס האָט ליעב געהאט און אנערקענט, — ער איז געוואָרען אן אבגאָט אין די איכמעניעוו׳ס הויז. ניט קוקענדיג אויף זיינע נײנצעהן יאָהר, איז ער נאָך געווען א פאָלשטענדיג קינד. עס איז שווער געווען זיך פאָרצו־שטעלען, פארוואָס עס האָט איהם געקענט פערשיקען דער פאָטער, וועל־כער, לויט מען האָט געזאָגט, האָט איהם זעהר ליעב געהאט. מען האָט גערעדט, אז דער יונגערמאַן האָט געלעבט אין פעטערבורג יום טוב׳דיג און פוסט און פּאַסט, האָט ניט געוואָלט זיין אויף קיין שטעל און דער־מיט פערשאפט קרענקונג דעם פאָטער. ניקאָלאי סערגעאיטש האָט אליאָשא׳ן קיין זאך ניט געפרעגט, ווייל דער קניאז פּיאָטר אלעק־סאנדראָוויטש האָט, ווייזט אויס, פערשוויגען אין זיין בריעף וועגען דער ווירקליכער אורזאך פארוואָס ער האָט פערטריבען דעם זוהן. איבריגענס, עס האָבען זיך געטראָגען קלאַנגען וועגען אליאָשא׳ס עפּעס אן אונפערצייהליכען שריט, וועגען עפּעס א פערבינדונג מיט א דאמע, וועגען עפּעס אן ארויסרוף אויף א דועל, וועגען עפּעס אן אונגלויבלי־כען פארשפּיעל אין קאָרטען; מען איז אפילו דערגאנגען צו עפּעס פרעמדע געלטער, וואָס ער האָט מכלומרשט פערשווענדט. ס׳איז אויך געווען א קלאַנג, אז דער קניאז האָט בעשלאָסען צו דערווייטערען דעם

זוהן גאָר ניט דערפאַר, ווייל ער האָט זיך פערשולדיגט, נאָר צוליעב עפּעס בעזונדערע, עגאָאיסטישע איינפאַלען. ניקאָלאַי סערגעאיטש האָט מיט צאָרן אַבגעלייקענט דעם קלאַנג, נאָך מעהר, ווייל אַליאָשאַ האָט אויסערגעוועהנליך ליעב געהאַט זיין פאָטער, וועלכען ער האָט ניט געקענט אין פערלויף פון זיין גאַנצער קינדהייט און יוגענד; ער האָט גערעדט וועגען איהם מיט בעגייסטערונג, מיט הינגעריסענקייט; מען האָט געזעהען, אַז ער האָט זיך אינגאַנצען אונטערגעוואָרפען זיין איינפלוס. אַליאָשאַ האָט אויך טיילמאָל געפּלאַפּעלט וועגען עפּעס אַ גרעפין, נאָך וועלכער ער האָט זיך נאָכגעשלעפּט מיט'ן טאַטען צוזאַמען, נאָר אַז ער, אַליאָשאַ, האָט בעקומען די אויבערהאַנד, און דער פאָטער איז אויף איהם דערפאַר שרעקליך בייז געוואָרען. ער האָט שטענדיג דערצעהלט די געשיכטע מיט ענטציקונג, מיט קינדישער נאַאיווקייט, מיט אַ קלינגענדיג, פרעהליך געלעכטער; נאָר ניקאָלאַי סערגעאיטש פלעגט איהם באַלד אבשטעלען. אַליאָשאַ האָט אויך בעשטעטיגט דעם קלאַנג, אַז זיין פאָטער וויל חתונה האָבען.

ער האָט שוין אַבגעלעבט כמעט אַ יאָהר אין דער פערטריבענקייט אין געוויסע בעשטימטע צייטען פלעגט ער שרייבען צום פאָטער בכבוד'יגע און פערשטענדיגע בריעף און, ענדליך, האָט ער זיך אַזוי ווייט צונויפגעלעבט מיט וואַסילעווסקאַיע, אַז ווען דער קניאַז איז אויפ'ן זומער אַליין געקומען צופאָהרען אין דאָרף אריין (וועגען וואָס ער האָט פריהער געלאָזט וויסען די איכמעניעווס), האָט דער פערטרי־בענער אַליין גענומען בעטען דעם פאָטער ער זאָל איהם ערלויבען וואָס לענגער צו בלייבען אין וואַסילעווסקאַיע, פערזיכערענדיג, אַז דאָס דאָר־פישע לעבען איז זיין ווירקליכער בערוף. אַליאָשאַ'ס אַלע בעשלוסען און היגרייסענישען האָבען געשטאַמט פון זיין אויסערגעוועהנליכער, שוואַכנערוויגער עמפּפינדליכקייט, פון זיין הייס הארץ, פונ'ם לייכט־זין, וואָס איז טיילמאָל דערגאַנגען ביז אונזין, פון דער אויסערגע־וועהנליכער פעהיגקייט זיך אונטערצואוואַרפען יעדען אויסערליכען איינפלוס און פון דער פאַלשטענדיגער אַבוועזענהייט פון ווילען. אבער דער קניאַז האָט עפּעס פאַרדעכטיג אויסגעהערט זיין ביטע... אין אַל־געמיין האָט ניקאָלאַי סערגעאיטש שווערליך דערקענט זיין אַמאָליגען „פריינד": קניאַז פּיאָטר אַלעקסאַנדראָוויטש האָט זיך אויסער־געוועהנליך פערענדערט. ער איז פּלוצלונג געוואָרען בעזונדערס צו־

טשעפּענדיג צו ניקאָלאַי סערגעאיטש'ן; ביים איבערקוקען די חשבונות פון דער אימעניע האָט ער ארויסגעוויזען עפּעס אן עקעלהאפטע זשעד־נעקייט, א קאָרגקייט און אן אונפערשטענדליכע צווייפלעריי. דאָס אלץ האָט שרעקליך געקרענקט דעם גוטען איכמעניעוו; ער האָט זיך לאנג בעמיהט זיך אליין ניט צו גלויבען. דאָס מאָל האָט זיך אלץ גע־טהאָן פערקעהרט אין פערגלייך מיט'ן ערשטען וויזיט אין וואסילעווס־קאיע מיט פערצעהן יאָהר צוריק: דאָס מאָל האָט זיך דער קניאז בעקענט מיט אלע שכנים, פערשטעהט זיך, פון די וויכטיגסטע; צו ני־קאָלאַי סערגעאיטש'ן אבער איז ער קיינמאָל ניט געפאָהרען און איז זיך בעגאנגען מיט איהם, ווי מיט זיינעם אן אונטערטעניגען. פּלוצלונג איז געשעהען אן אונפערשטענדליכער פּאַרפאַל: אָהן א שום אויגענ־שיינליכער אורזאַך איז פאָרגעקומען א שרעקליכער ריס צווישען דעם קניאז און ניקאָלאַי סערגעאיטש'ן. מען האָט אונטערגעהערט היציגע, בעליידיגענדע ווערטער, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרען פון ביידע זיי־טען. איכמעניעוו האָט זיך מיט צאָרן דערוויטערט פון וואסילעווס־קאיע, אבער די מעשה האָט זיך נאָך דערמיט ניט געענדיגט. איבער דער גאנצער געגענד האָט זיך פּלוצלונג פערשפּרייט אן עקעלהאפטע ספּלעטניע. מען האָט פערזיכערט, אז ניקאָלאַי סערגעאיטש, דערקע־נענדיג דעם יונגען קניאז'ס כאַראַקטער, האָט געהאַט די אבזיכט אויס־צונוצען זיינע חסרונות פאַר זיך; אז זיין טאָכטער נאַטאַשאַ (וועלכע איז שוין דאמאָלס אלט געווען זיבעצעהן יאָהר) האָט געקענט פאַרליע־בען אין זיך דעם צוואנציגיעהריגען בחור; אז דער פאטער און די מו־טער האָבען די ליעבע בעשיצט, כאָטש זיי האָבען געמאכט א פּנים, גלייך זיי וואָלטען קיין זאַך ניט בעמערקט; אז די חיטרע און „אונ־מאָראַלישע" נאַטאַשאַ האָט, ענדליך, איינגאנצען פאַר'כשופ'ט דעם יונגענמאַן, וועלכער האָט א גאַנץ יאָהר, דורך איהרע בעמיהונגען, ניט געזעהען כמעט קיין איינציג, ווירקליך לייטיש מיידעל, וואָס אַזוי פיעל פון זיי ווערען צייטיג אין די בכבוד'יגע הייזער פון די שכנ'ישע פּאָמיעשטשעקעס. מען האָט אויך, ענדליך, פאַרזיכערט, אז צווישען די געליעבטע איז שוין געווען אָבגעמאַכט חתונה צו האָבען א פּופּ־צעהן ווירסט פון וואסילעווסקאיע, אינ'ם דאָרף גריגאָריעווא, הפּנים אין דער שטיל פון נאַטאַשאַ'ס עלטערען, וועלכע האָבען, אָבער דאָך, אלץ געוואוסט ביז די קלענסטע איינצעלהייטען און האָבען געפיהרט

די טאָכטער מיט זייערע מיאוסע עצות. מיט איין וואָרט, אין אַ גאַנץ
בוך וועט מען ניט קענען אריינשטעלען אלץ, וואָס די אויעזדנע גוטע־
פריינדלעך פוןביידע געשלעכטער האָבען בעוויזען צונויפצופּלאָנטערען
וועגען דער געשיכטע. נאָר מאָדנער פון אלץ איז, וואָס דער קניאז האָט
דאָס אלץ פאָלשטענדיג געגלויבט און איז אפילו געקומען צו פאָהרען
קיין וואסילעווסקאָיע איינציג צוליעב דעם, נאָכדעם ווי ער האָט דער־
האַלטען עפּעס אַ מסירה אָהן אַן אונטערשריפט, וואָס מען האָט איהם
צוגעשיקט קיין פּעטערבורג פון דער פּראָווינץ. נאַטירליך, יעדער, וואָס
האָט כאָטש אביסעל געקענט ניקאָלאַי סערגעאיטש'ן, האָט, דוכט זיך,
ניט געקענט גלייבען קיין איינציג וואָרט פון די אַלע בעשולדיגונגען
וואָס מען האָט אויף איהם ארויפגעוואָרפען; אָבער דערווייל, ווי עס
פיהרט זיך, האָבען זיך אַלע געררודערט, אלע גערעדט, אלע בערעדט,
אלע צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ און... בעשולדיגט ניט צום אָבוואָ־
שען. איכמעניעוו אָבער איז געווען צו שטאָלץ, אז ער זאָל פאַרענט־
פערען זיין טאָכטער פאַר די גוטע־פריינדלעך, און ער האָט שטרענג
פאַרבאָטען זיין אַננאַ אנדרעיעווגאַ'ן אריינצוגעהן אין אַ וועלכע־ס'איז
ערקלעהרונגען מיט די שכנים. נאַטאַשאַ ווייעדער אליין, וועלכע איז אזוי
בעזידעלט געוואָרען, האָט נאָך אפילו אַ גאַנץ יאָהר דערנאָך ניט גע־
וואוסט כמעט קיין איינציג וואָרט פון די אלע בערעדרייען און
ספּלעטניעס: פון איהר האָט מען פּעסט בעהאַלטען די גאַנצע געשיכטע,
און זי איז געווען פרעהליך און אומשולדיג, ווי אַ צוועלפיעהריג קינד.

דערווייל איז די צאַנקעריי געגאַנגען אלץ ווייטער און ווייטער. די
לייט וואָס האָבען ליעב צו בעדיענען האָבען ניט געדרימעלט. עס האָ־
בען זיך בעוויזען מוסרים און עדות, און עס איז זיי ענדליך געלונגען
דעם קניאז צו איבערצייגען, אז ניקאָלאַי סערגעאיטש'עס לאַנג־יעהריגע
פאַרוואַלטונג איבער וואַסילעווסקאָיע האָט זיך ווייט ניט אויסגעצייי־
כענט מיט אזא עהרליכקייט, וואָס מען זאָל קענען נעמען אלס ביי־
שפּיעל. נאָך ווייניג דאָס: אז פאַר דריי יאָהרען ביים פאַרקויפען דאָס
וועלדיל האָט ניקאָלאַי סערגעאיטש בעהאַלטען פאַר זיך צוועלף טויזענד
אין זילבער, אז אויף דעם קען מען ברענגען די קלאָרסטע, געזעצליכסט־
טע בעווייזען פאַר'ן געריכט, נאָך מעהר, וואָס אויף צו פאַרקויפען דאָס
וועלדיל האָט ער ניט געהאַט פון'ם קניאז קיין שום געזעצליכען שיין,
נאָר ער האָט געטהאָן לויט זיין אייגענעם איינפאַל, שוין שפּעטער אי־

בערצייגענדיג דעם קניאז אין דער נויטווענדיגקייט פונ׳ם פארקויף און בעווייזענדיג פאר דעם ווערדיל א סומע, וואָס איז געווען אונפארגלייכליך קלענער פון דער וואָס ער האָט ווירקליך בעקומען. פארשטעהט זיך, אז דאָס אלץ זיינען געווען בלויז געמיינע ליגענס, אזוי ווי עס האָט זיך טאקע דערנאָך ארויסגעוויזען, דער קניאז האָט אבער אלץ געגלייבט און האָט פאר עדות אָנגערופען ניקאָלאי סערגעאיטש׳ן גנב. איכמעניעוו האָט דאָס ניט פארליטען און געענטפערט מיט פונקט אַזאַ שטארקער בעליידיגונג; עס איז פאָרגעקומען א שרעקליכע סצענע. עס האָט זיך גלייך אָנגעהויבען דער פראָצעס. ניקאָלאי סערגעאיטש, דערפאר וואָס ער האָט ניט געהאט קיין געוויסע פאפירען, נאָר דערהויפט, ניט האָבענדיג קיין בעשיצער, ניט קיין ערפאהרונג ווי אומצוגעהן מיט אזעלכע זאכען, האָט גלייך אָנגעהויבען צו פארלירען זיין קלאגע. אויף זיין אימעניע איז ארויפגעלעגט געוואָרען א פארבאָט. דער צורייצטער אלטער האָט אלץ אוועקגעוואָרפען און האָט זיך בעשלאָסען ענדליך איבערצופאָהרען קיין פעטערבורג, פערזענליך זיך צו בעמיהען וועגען זיין קלאגע, און אין דער גובערניע האָט ער איבערגעלאָזט הינטער זיך אַן ערפאהרענעם אדוואָקאט. דוכט זיך, אז דער קניאז האָט אין גיכען אָנגעהויבען פארשטעהן, אז ער האָט אומזיסט באליידיגט איכמעניעוו׳ן. נאָר די באליידיגונג איז פון ביידע זייטען געווען אזוי שטארק, אז עס איז ניט געבליבען קיין וואָרט אויף פריעדען, און דער אויפגערייצטער קניאז האָט געברויכט זיינע אָנשטרענגונגען, אומצואווענדען די קלאגע פאר זיינע נוצען, דאָס הייסט איינגענטליך אָבצונעהמען ביי זיין געוועזענעם פארוואלטער דאָס לעצטע שטיקעל ברויט.

---

## פינפטער קאַפיטעל.

און אזוי, זענען די איכמעניעווס איבערגעפאָהרען קיין פעטערבורג. איך וועל ניט געהן בעשרייבען מיין בעגעגעניש מיט נאַטאַשא׳ן נאָך אזא לאנגער צושיידונג. אין די גאנצע פיער יאָהר האָב איך זי קיינמאָל ניט פארגעסען. געוויס, איך האָב אליין ניט איננאַנצען פאר־

שטאַנען דאָס געפיהל, מיט וועלכען איך האָב מיך דערמאָנט וועגען איהר; נאָר ווען מיר האָבען זיך אויפסניי דערזעהען, איז מיר אין גיבען געקומען אויפ'ן געדאנק, אז זי איז מיר בעשערט פונ'ם שיקזאל. אין אָנהייב, די ערשטע טעג נאָך זייער אָנקומען, האָט זיך מיר אלץ אויסגעוויזען, אז זי האָט זיך עפּעס ווייניג ענטוויקעלט אין די יאָהרען, גלייך זי וואָלט זיך אינגאנצען ניט פארענדערט און איז געבליבען פּונקט אזא מיידעלע ווי זי איז געוועזען ביז אונזער צושיידונג. נאָר דערנאָך האָב איך יעדען טאָג ענטדעקט אין איהר עפּעס נייעס, וואָס איך האָב ביז דאמאָלס אינגאנצען ניט געקענט, גלייך עס וואָלט אומיסטען בעהאלטען געוועזען פון מיר, גלייך דאָס מיידעל וואָלט זיך פון מיר אומיסטען אויסבעהאלטען, — און וואָס פאר א זיס פערגעניגען עס איז געווען דאָס ענטדעקען! דער אלטער, איבערפאָהרענדיג קיין פּעטערבורג, איז די ערשטע צייט געווען צורייצט און גאליג. די געשעפטען זיינע זיינען געגאנגען שלעכט; ער איז געווען אין כעס, פלעגט ארויסגעהן פון זיך, האָט געהאט צו טהאָן מיט געשעפטליכע פּאַפּירען, און ער האָט ניט געהאט דעם קאָפּ צו'ן אונז. אננאַ אַנדרעיעוונא ווידער איז ארומגעגאנגען ווי א פארלוירענע און האָט אין אָנהויב קיין זאַך ניט געקענט בעגרייפען. פּעטערבורג האָט זי געשראָקען. זי פלעגט זיפצען און זיך שרעקען, זי האָט געוויינט נאָך איהר פריהריג לעבען, נאָך איכמעניעווקע, וועגען דעם וואָס נאַטאַשאַ איז שוין א דערוואקסען מיידעל, און ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל אפילו טראַכטען וועגען איהר, און זי האָט זיך אריינגעלאָזט מיט מיר אין גאָר אויסטערלישע אָפענהערציקייטען, דערפאר וואָס זי האָט ניט געהאט אימיצען אנדערש, וואָס זאָל מעהר פעהיג זיין אויף פריינדשאפטליכען צוטרוי.

אָט אין דער צייט טאקע, ניט לאנג נאָך זייער קומען צופאָהרען, האָב איך געענדיגט מיין ערשטען ראָמאן, דער אייגענער, פון וועלכען עס האָט זיך אָנגעהויבען מיין ערשטע קאַריערע, און אלס אן אָנפאנגער, האָב איך אין אָנהויב ניט געוואוסט, וואו איהם צו שטופּען. ביי די איכמעניעווס האָב איך וועגען דעם גאָרנישט גערעדט; זיי אבער האָבען זיך שיער מיט מיר צוקריגט דערפאר וואָס איך לעב פּוסט־אונפאסט, ד. ה. איך בין ניט אויף קיין שטעלע און איך סטאַרע מיך ניט מיר אויסצוזוכען א פלאץ. דער אלטער האָט מיר ביטער און אפילו

מיט נאָל פאַרגעוואָרפען, פאַרשטעהט זיך, אויס פּאַטעראַליכען אנטייל אין מיר. איך ווידער האָב מיך איינפאַך געשעהמט זיי צו זאָגען מיט וואָס איך פאַרנעם מיך. נו ווי, טאַקע, גלייך ארויסזאָגען, אז איך וויל ניט זיין אויף קיין שטעלע, נאָר איך וויל פּאַרפאַסען ראָמאַנען, דער־פאַר האָב איך זיי ביז א צייט אָבגענאַרט, איך האָב געזאָגט, אז מען גיט מיר ניט קיין שטעלע, און אז איך זוך מיט אַלע כחות. ער האָט קיין צייט ניט געהאַט מיך צו קאָנטראָלירען. איך געדענק ווי איינמאָל האָט נאַטאַשאַ, נאָכדעם ווי זי האָט אונטערגעהערט אונזערע געשפּרע־כען, מיך סודות'דיג אָבגעפיהרט אַן א זייט און מיך מיט טרעהרען גע־בעטען צו טראַכטען וועגען מיין תכלית, זי האָט זיך ביי מיר נאָכגע־פרעגט, מיך אויסגעפרעגט: וואָס איינענטליך איך טהו, און ווען איך האָב פאַר איהר אויך ניט אַלץ אויפגעדעקט, האָט זי גענומען פון מיר א שבועה, אז איך וועל מיך ניט אומברענגען, אלס א פוילענצער און פּוסטאַונפּאַסניק. אמת, כאָטש איך האָב מיך פאַר איהר אויך ניט מודה געווען, מיט וואָס איך פאַרנעם מיך, אבער איך געדענק, אז פאַר איין גוט וואָרט איהר'ס וועגען מיין ארבייט, וועגען מיין ערשטען ראָמאַן, וואָלט איך אוועקגעגעבען אַלע שמייכלענדסטע פאַר מיר אברופען פון קריטיקער און אָבשעצער, וואָס איך האָב שפּעטער וועגען זיך געהערט. און אָט איז, ענדליך, ארויס מיין ראָמאַן. נאָך לאַנג איידער ער האָט ערשיינט האָט זיך אויפגעהויבען א גערויש און א גערודער אין דער ליטעראַרישער וועלט. ב. האָט זיך דערפרעהט ווי א קינד, איבערלע־זענדיג מיין מאַנוסקריפּט. ניין! אויב איך בין אמאָל געווען גליק־ליך, איז עס ניט אפילו אין דער צייט פון די ערשטע פאַר'שכור'ענדי־גע מינוטען פון מיין ערפאָלג, נאָר דאַמאָלס, ווען איך האָב נאָך אליין געלעזען און קיינעם ניט געוויזען מיין מאַנוסקריפּט: אין יענע לאַנגע נעכט, צווישען בעגייסטערטע האָפנונגען און חלומות און ליידענ־שאַפטליכער ליעבע צו דער ארבייט; ווען איך האָב מיך צונויפגע־לעבט מיט מיין פאַנטאַזיע, מיט די מענשען, וואָס איך האָב אליין בע־שאַפען, אזוי ווי מיט אייגענע, אזוי ווי מיט אַזעלכע, וואָס וואָלטען ווירקליך עקזיסטירט; איך האָב זיי ליעב געהאַט, זיך געפרעהט און געטרויערט מיט זיי, און טיילמאָל אפילו געוויינט מיט די האַרציגסטע טרעהרען איבער מיין גראַדהאַרציגען העלד. איך קען אפילו ניט בע־שרייבען ווי די אַלטע האָבען זיך דערפרעהט מיט מיין ערפאָלג, כאָטש

אין אנהויב האבען זיי זיך שרעקליך פארוואונדערט: דאס האט זיי אזוי מאדנע איבעראשט! אננא אנדרעיעווגא, צום ביישפיעל, האט אויף קיין פאל ניט געוואלט גלויבען, אז דער נייער שריפטשטעלער, וועלכען אלע ריהמען, — איז דער אייגענער וואניא, וועלכער און אז. וו., און אז. וו., און האט אלץ געשאקעלט מיט'ן קאפ. דער אלטער האט זיך לאנג ניט נאכגעגעבען און אין אנהויב, ביי די ערשטע פאלען, האט ער זיך זאגאר דערשראקען; ער האט אנגעהויבען רעדען וועגען א פארלוירענער אמטליכער קאריערע, וועגען דער ניט־ארענטליכער אויפפיהרונג פון אלע שרייבערס אין אלגעמיין. נאר די אונאויפהער־ליכע נייע קלאנגען, די אנאנסען אין די זשורנאלען און, ענדליך, די עטליכע לויב־ווערטער, וואס ער האט געהערט וועגען מיר פון אזעלכע מענשען, וועלכע ער האט הייליג געגלייבט, האבען איהם געצוואונגען צו ענדערען זיין בליק אויף דער זאך. און ווען ער האט דערזעהען, אז איך בין פלוצלונג געווארען א מענש מיט געלד, און ער האט זיך דער־וואוסט, וואס פאר א געצאהלט מען קען קריגען פאר ליטעראַרישע ארבייט, דאן זיינען זיינע לעצטע צווייפלען פארשוואונדען. שנעל אין די איבערגענג פון צווייפעל צו פאלשטענדיגען, בעגייסטערטען גלוי־בען, פרעהענדיג זיך ווי א קינד מיט מיין גליק, האט ער זיך פלוציבו אנגעשלאגען אן די אונגעצוימטסטע האפנונגען, אן די פארבלענדענדס־טע חלומות וועגען מיין צוקונפט. יעדען טאג האט ער בעשאפען פאר מיר נייע קאריערעס און פלענער, און וואס — וואס איז ניט געוועזען אין די פלענער! ער האט מיר אנגעהויבען ארויסצואווייזען עפּעס א בע־זונדערע, ביז איצט ניט געוועזענע, אכטונג צו מיר. נאר דאך, געדענק איך, פלעגט טרעפען, אז די צווייפלערייען האבען איהם ווידער בע־לאגערט, אפטמאל אין מיטען דעם סאמע בעגייסטערטען פאנטאזירען און האבען איהם ווידער אראבגעקלאפט פון וועג.

„א פארפאסער, א דיכטער! עפּעס מאדנע... ווען זייגען דאס דיכטער ארויס צווישען מענשען, ווען האט א דיכטער בעקומען א טשין? אלץ א פאלק פון פעדערקראצערס, האפענונגסלאז!“

איך האב בעמערקט, אז עהנליכע צווייפלען און די אלע אידעלע פראגען זיינען געקומען צו'ן איהם עפטער ווי אלץ פארנאכט (איך גע־דענק אזוי אלע קלייניגקייטען און די גאנצע גאלדענע צייט!) פאר־נאכט איז אונזער אלטער שטענדיג געווארען עפּעס בעזונדערס נער־

ווען, עמפפינדליך און צווייפעלדיג. איך מיט נאַטאַשאַ'ן האָבען דאָס שוין געוואוסט און מיר האָבען שוין פריהער געלאַכט. איך געדענק, אַז איך פלעג איהם ערמוטיגען מיט אַנעקדאָטען וועגען סומאַראָקאָוו'ס גענעראַלסטווע, וועגען דעם, ווי אזוי מען האָט דערזשאַווין'ען געשיקט א טאַבאַק־פּושקע מיט געלד, ווי די קייסערינע אַליין האָט בעזוכט לאָמאָנאָסאָוו'ן; איך האָב דערצעהלט וועגען פּושקינען, וועגען גאָ־גאָל'ן.

— איך ווייס, ברודער, אַלץ ווייס איך — האָט דער אַלטער אויס־גערופען, קען זיין, צום ערשטען מאָל אין לעבען הערענדיג די מעשות.— הם! הער, וואַניא, און דאָך בין איך דאָך צופריעדען, וואָס דיין גע־קעכץ איז ניט געשריבען אין גראַמען. גראַמען, ברודער, זיינען פּוסטע זאַכען; דאַרפסט דיך שוין ניט שפּאַרען, נאָר מעגסט מיר, אַלטען, גלויבען; איך ווינש דיר גוטס; ריינע נאַרישקייטען, א פּוסטע צייט־פאַרשווענדעריי! געדיכטען דאַרפען שרייבען גימנאַזיסטען; געדיכטען ברענגען אייערע ברידער יוגענד אין משוגעים־הויז אריין... נו, לאָמיר זאָגען, אַז פּושקין איז גרויס, ווער רעדט וועגען דעם! און דאָך איז עס ליעדלעך און מעהר גאָרנישט; עפּעס אַזעלכעס וואָס פאַרשווינדט... איבריגענס, איך האָב איהם ווייניג געלעזען... פּראָזע איז עפּעס אַנ־דערש! דאָ קען דער פאַרפאַסער זאָגאַר עפּעס לערנען, — נו, מען דערמאָנט דאָרט וועגען ליעבע צום פאַטערלאַנד, אָדער אזוי אין אַל־געמיין וועגען מענשליכע זאַכען... יאַ! איך, ברודער, קען מיך נאָר ניט אויסדריקען, אבער דו פאַרשטעהסט מיך: איך רעד אויס ליעבע. נו, נו לעז עס נאָר איבער! — האָט ער פאַרענדיגט מיט א געוויסען אויסדרוק פון א בעשיצער, ווען איך האָב, ענדליך, געבראַכט א בוך, און מיר האָבען זיך אַלע נאָכ'ן טהיי ארומגעזעצט ביים קיילעכדיגען טיש: — נו, לעז נאָר, וואָס דו האָסט דאָרט אָנגעשריבען; מען שרייט וועגען דיר אזוי פיעל! וועלען מיר זעהן! וועלען מיר זעהן!

איך האָב געעפענט דאָס בוך און מיך צוגעגרייט צו לעזען. יענעם אָוונד איז נאָרוואָס ארויס מיין ראָמאַן פון דרוק און ווען איך האָב, ענדליך, בעקומען אַן עקזעמפּלאַר, בין איך געקומען צו לויפען צו די איכמעניעווס לעזען מיין ווערק.

וויפיעל בעדויער און פאַרדרוס איך האָב אויסגעדריקט, פאַרוואָס איך האָב עס זיי פריהער ניט געקענט לעזען, פון מאַנוסקריפּט, וועל־

כער איז געווען ביים פערלעגער אין די הענד! נאטאשא האט זאגאר געוויינט פאר פארדרוס, זי האט זיך געקריעגט מיט מיר, מיר פאר־געווארפען וואס פרעמדע זאלען לעזען מיין ראמאן פריהער פון איהר... אבער אט, ענדליך, זיצען מיר ביים טיש. דער אלטער האט געמאכט אן אויסערגעוועהנליך ערנסטע און קריטישע פיזיאנאמיע. ער האט געוואלט שטרענג — שטרענג משפט'ן, „זיך אליין איבערצייגען". די אלטיטשקע האט אויך אויסגעקוקט אויסערגעוועהנליך יום־טוב'דיג; זי האט שיער ניט אנגעטהאן צום לעזען א נייעם טשעפיק. זי האט שוין פון לאנג בעמערקט, אז איך קוק מיט אונענדליכער ליעבע אויף איהר טייערסטער נאטאשא'ן; אז עס פארכאפט מיר דעם אטעם און עס ווערט מיר פינסטער פאר די אויגען, ווען איך הייב אן רעדען מיט איהר, און אז נאטאשא קוקט אויך עפעס אויף מיר מיט ליכטיגערע אויגען ווי פריהער. יא! עס איז געקומען, ענדליך, די צייט, געקומען אין א מינוט פון ערפאלג, פון גאלדענע האפנונגען און פון פולסטען גליק, אלץ צוזאמען, אלץ מיט אמאל געקומען! די אלטיטשקע האט אויך בעמערקט, אז דער אלטער איהרער האט שוין אויך עפעס אנגע־הויבען מיך צופיעל צו לויבען און קוקט עפעס בעזונדערס אויף מיר און אויף דער טאכטער... און זי האט זיך פלוצלונג דערשראקען: איך בין דאך ניט געווען קיין גראף, ניט קיין קניאז, ניט קיין הערשענ־דער פרינץ, אדער, אמוועניגסטען, א קאלעגיאלראט פון די געזעץ־קע־נער, א יונגער, מיט ארדענס און מיט א שעהנעם אויסזעהן! אננא אנדרעיעוונא האט ניט ליעב געהאט זיך צו ווינשען א העלפט.

„מען לויבט א מענשען", — האט זי געטראכט וועגען מיר, — און פארוואס — ווייס מען ניט. א פארפאסער, א פאעט... אבער, נו, וואס איז דען אזוינס א פארפאסער?"

---

## זעקסטער קאפיטעל.

איך האב זיי איבערגעלעזען מיין ראמאן אין איין זיץ. מיר האָ־בען אנגעהויבען גלייך נאכ'ן טהיי און מיר זיינען געזעסען ביז צוויי אזייגער נאך האלבער נאכט. דער אלטער האט זיך אין אנפאנג אנגע־כמורעט. ער האט ערווארט עפעס הויכעס ניט צום דערגרייכען, אזעל־

כעס, וואָס אפילו ער, איהר פארשטעהט, זאָל אליין ניט קענען פאר־
שטעהן, אבער וואָס איז אומבעדינגט הויך; און אנשטאט דעם,
פּלוצלונג אזעלכע אלטעגליכקייטען, און אלץ אזוי בעקאנט, — אָט
פּונקט, פּונקט אזוי ווי דאָס איינענע, וואָס קומט געוועהנליך פאָר
ארום. און וואָלט כאָטש דער העלד געווען א גרויסער אָדער אינטע־
רעסאנטער מענש, אָדער עפּעס פון׳ם היסטאָרישען, עטוואָס אזוינס
ווי ראַסלאָווליעוו אָדער יורי מילאָסלאַווסקי, און דאָ איז גאָר ארויס־
געשטעלט עפּעס א קליינינקער, פארוואָרפענער און זאָגאר נארישער
בעאמטער, ביי וועמען די קנעפּ אויפ׳ן מונדיר האָבען זיך אפילו אָב־
געריסען און, דאָס אלץ איז בעשריבען מיט אזא פּראָסטער שפּראך, אָט
ניט אראָבצונעמען און ניט צוצולעגען, אזוי ווי מיר אליין רעדען...
מאָדנע! די אלטיטשקע פלעגט פרעגענדיג קוקען אויף ניקאָלאי סער־
געאיטש׳ן און האָט זיך אפילו אביסעל אָנגעבלאָזען, גלייך זי וואָלט
זיך מיט עפּעס באַליידיגט: „נו, ס׳איז ווערט, טאקע, אזא נארישקייט
צו דרוקען און אויסצוהערען, און מען גיט נאָך געלט פאר דעם", איז
געווען אויפגעשריבען אויף איהר פּנים. נאַטאַשאַ איז געווען אינגאַנ־
צען אויפמערקזאמקייט, זי האָט מיט דורשט געהערט, האָט פון מיר
ניט אראָבגענומען די אויגען, זיך איינגעקוקט אין מיינע ליפען, ווי
אזוי איך רעד ארויס יעדעס וואָרט, און זי האָט אליין בעוועגט מיט
איהרע שעהנע ליפּעלעך. נו, און וואָס? איידער איך האָב נאָך אבגע־
לעזען א העלפט, זיינען ביי אלע מיינע צוהערערס געריננען טרעהרען
פון די אויגען. אננאַ אנדרעיעווונא האָט האַרציג געוויינט, פון דער
גאנצער נשמה בעדויערענדיג מיין העלד און נאַאיוו געוואָלט כאָטש
מיט וואָס עס איז איהם העלפען אין זיינע אומגליקען, וואָס איך האָב
פארשטאַנען פון איהרע אויסרופען. דער אלטער האָט שוין אוועקגע־
וואָרפען אלע חלומות וועגען הויכע זאכען: „פון ערשטען שריט אָן
זעהט מען, אז דעם טייוועל איז נאָך לאנג צו יום טוב; אזוי זיך,
פּראָסט אנ׳ערצעהלונג; דערפאר פארכאַפּט עס דאָס האַרץ, — האָט
ער געריידט: — דערפאר פארשטעהט מען און מען געדענקט, וואָס
עס קומט פאָר ארום; דערפאר ווערט מען געוואָהר, אז דער פאר־
שלאָגענסטער, לעצטער מענש איז אויך א מענש און רופט זיך „מיין
ברודער!" — נאַטאַשאַ האָט געהערט, געוויינט, און אונטער׳ן טיש,
בגנבה, האָט זי פעסט געדריקט מיין האנד. עס האָט זיך געענדיגט דאָס

לעזען. זי איז אויפגעשטאנען; איהרע בעקלעך האבען געברענט, טרעהרעלעך זיינען געשטאנען אין די אויגען; פלוצלונג האט זי אנ־געכאפט מיין האנד, זי א קוש געטהאן און ארויסגעלאפען פון׳ם צימער. דער פאטער מיט דער מוטער האבען זיך איבערגעקוקט צווישען זיך.

— הם! אט ווי בעגייסטערט זי איז, — האט דער אלטער ארויסגערעדט, איבעראשט פון דעם וואס די טאכטער האט געטהאן. — דאס איז, איבריגענס, גארנישט, דאס איז גוט, גוט, אן עהרליכע אויפ־בויאונג! זי איז א וואויל מיידעל... — האט ער געמורמעלט, קוקענ־דיג אן א זייט אויפ׳ן ווייב, ווי ער וואלט געוואלט פארענטפערען נא־טאשא׳ן, און צוזאמען מיט דעם, ווער ווייסט פארוואס, וועלענדיג שוין מיך אויך פארענטפערען.

נאר אננא אנדרעיעווגא, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס אין דער צייט פון לעזען איז זי אליין געווען אין א געוויסער אויפרעגונג און גע־ריהרט, האט איצט אויסגעזעהען אזוי, ווי זי וואלט געוואלט ארויס־רעדען:

„דאס איז, פארשטעהט זיך, אלכסנדר מקדון איז א העלד, אבער צו וואס דארף מען ברעכען בענקלעך?“ און אז. וו.

נאטאשא איז שנעל צוריקגעקומען, א פרעהליכע און א גליקליכע, און פארביינגעהענדיג, האט זי מיר שטיל א קניפ געטהאן. דער אלטער האט זיך שוין ווידער גענומען „ערנסט“ אבשעצען מיין ערצעהלונג, נאר פאר פרייד האט ער ניט אויסגעהאלטען דעם כאראקטער און איז הינגעריסען געווארען.

— נו, ברודער וואניא, גוט, גוט! האסט געטרייסט! אזוי גע־טרייסט, אז איך האב עס גארנישט ערווארט. עס איז ניט הויך, ניט גרויס, דאס זעהט מען... אט ליעגט ביי מיר דארט „די בעפרייאונג פון מאסקווע“, מען האט עס טאקע אין מאסקווע פערפאסט. — נו, זעהט מען, ברודער, פון דער ערשטער שורה אן, אז דער מענש האט זיך ווי אנ׳אדלער געגעבען א הויב... נאר, ווייסטו וואניא, ביי דיר איז עפעס איינפאכער, פערשטענדליכער. און אט דערפאר טאקע, האב איך עס ליעב. ווייל עס איז פארשטענדליכער! עפעס איז עס היימישער: גלייך דאס אלץ וואלט זיך מיט מיר אליין געטראפען. און וואס איז דען א הויכע זאך? איך וואלט עס אליין ניט פארשטאנען. דעם זאץ וואלט איך אביסעל אויסגעבעסערט: איך לויב עס דאך, נאר וואס דו

זאָלסט ניט זאָגען, עס איז דאָך פֿאַראַן עפּעס צו ווייניג דערהויבענס...
נו, אָבער איצט איז דאָך שוין שפּעט: עס איז שוין אָבגעדרוקט. אפּשר
אין דער צווייטער אויסגאבע? וואָס, ברודער, עס וועט דאָך מסתמא
זיין א צווייטע אויסגאבע? דאמאָלס וועט ווידער זיין געלד... הם!

— און האָט איהר טאקע בעקומען אזוי פיעל געלד, איוואן פּיעט-
ראָוויטש? — האָט אננא אַנדרעיעוונא בעמערקט. — איך קוק אויף
אייך און עפּעס גלייבט זיך עס אַלץ ניט. אַך, גאָט מיינער, אָט פאַרוואָס
מען האָט איצטער אָנגעהויבען צו געבען געלד!

— ווייסט, וואניא? — האָט דער אַלטער ווייטער גערעדט, ווע-
רענדיג אַלץ מעהר און מעהר הינגעריסען: — דאָס איז טאקע ניט
קיין סלוזשבע. אָבער דאָך איז עס א קאַריערע. הויכע פּערזאָנען וועלען
עס אויך איבערלעזען. אָט האָסטו געזאָגט, אַז גאָגאָל בעקומט א יעהר-
ליכע שטיצע און מען האָט איהם אַוועקגעשיקט קיין אויסלאַנד. אפשר
דו אויך? הא? אָדער איז נאָך צו פריה? מען דאַרף נאָך עפּעס פאַר-
פאַסען? פּאַרפאַס-זשע, ברודער'ל, פאַרפאַס גיכער! ווער ניט אַנט-
שלאָפען אויף די לאָרבערקרענץ. וואָס איז דאָ צו קוקען!

און ער האָט גערעדט מיט אזא איבערצייגטען אויסזעהען, מיט
אזא גוטהאַרציגקייט, אַז עס האָט אויסגעפעהלט ענטשלוס אָבצושטע-
לען און אָבצוקיהלען זיין פאַנטאַזיע.

— אָדער, אָט, צום ביישפּיעל, וועט מען דיר געבען א טאבאק-
פושקע... נו וואָס? אויף טובות איז דאָך גאַר קיין ביישפּיעל נישטאָ.
מען וועט דיר וועלען צוגעבען מוט. און ווער ווייסט, אפשר וועטסו נאָך
אריינפאַלען אין הויף. — האָט ער צוגעגעבען האַלב שטיל און מיט
בעדייטונג צוזשמורענדיג דאָס לינקע אויג: — אָדער ניין? אָדער
איז נאָך צו פריה צום הויף?

— נו, שוין צום הויף! — האָט געזאָגט אננא אַנדרעיעוונא, ווי
זי וואָלט זיך באַליידיגט.

— נאָך אביסעל און איהר וועט מיך מאַכען פאַר א גענעראַל, —
האָב איך געענטפערט, לאַכענדיג פון גאַנצען האַרצען.

דער אַלטער האָט זיך אויך צולאַכט. ער איז געוועזען אויסערגע-
וועהנליך צופריעדען.

— אייער האָהייט, ווילט איהר ניט עסען? — האָט א געשריי

געטהאָן די לעבעדיגע נאַטאַשאַ, וועלכע האָט אונז אין דער צייט צוגע־גרייט צום אָוועגדברווּט.

זי האָט זיך צולאכט, איז צוגעלאָפען צום פאטער און איהם פעסט ארומגענומען מיט איהרע הייסע הענטלעך:

— גוטער, גוטער פּאַפּאָשעַ!

דער אלטער איז ווייך געוואָרען.

— נו, נו, גוט, גוט! איך רעד דאָך נאָר גלאַט, אַזוי. יאַ, געגענ־ראל צו ניט גענעראל, לאָמיר דערווייל גהען עסען אָוועגדברווּט. אָך, דו ווייך־הארציג מיידעל! — האָט ער צוגעגעבען, צופּעטשלענדיג זיין נאַטאַשאַ'ן איבער דעם רויט־געוואָרענעם בעקעל, וואָס ער פלעגט ליעב האָבען צו טהאָן ביי יעדער בעקוועמער געלעגענהייט: — איך, זעהסטו, וואַניאַ, האָב גערעדט אויס ליעבע. נו, כאָטש ניט קיין גענע־ראל (נאָך וויט צו'ן אַ גענעראל!) און דאָך אַן אָנגעזעהענער מענש, אַ פּראָפעסאָר!

— איצט, פּאַפּאָשאַ, זאָגט מען: אַ שריפטשטעלער.

— ניט קיין פּראָפעסאָר? איך האָב עס ניט געוואוסט. נו, לאָ־מיר זאָגען, אפילו אַ שריפטשטעלער, און איך האָב אָט וואָס גע־וואָלט זאָגען: פאר אַ קאַמערהער, פארשטעהט זיך, וועט מען דיך ניט מאכען, דערפאר וואָס דו האָסט אַ ראָמאַן פארפאַסט, — וועגען דעם איז אפילו נישטאָ וואָס צו טראכטען; אָבער דאָך קען מען ארייין צווישען לייטען; נו, מען קען דאָרט ווערען אַ שטיקעל אַטאַשע. מען קען דיך שיקען קיין אויסלאנד, קיין איטאליען, צו פּאָפּראַווען דאָס געזונט, אָדער דאָרט זיך צו פארפאָלקאָמען אין די וויסענשאפטען; מען קען העלפען מיט געלד. פארשטעהט זיך, מען דאַרף, אַז פון דיין זייט זאָל אויך אלעס זיין ווי עס דאַרף זיין; אַז דו זאָלסט נעמען געלד און כבוד פאר אַ טהאָט, פאר אַ ווירקליכער טהאָט, און ניט אַזוי דאָרט ווי עס איז, דורך פּראָטעקציע...

— און דו ווער נאָר דאַמאָלס ניט שטאָלץ, איוואַן פּיעטראָ־וויטש, — האָט לאַכענדיג צוגעגעבען אַננאַ אַנדרעיעווּנאַ.

— ער דאַרף שוין באלד בעקומען אַ שטערענדעל, פּאַפּאַשאַ, וואָ־רום וואָס איז דאָרט איינגאַנצען אַנ'אַטאַשע.

און זי האָט מיר ווידער אַ קניפּ געטהאָן אין דער האַנד.

— און זי לאכט אלץ פון מיר! — האָט דער אלטער אַ געשריי געטהאָן, קוקענדיג מיט בעגייסטערונג אויף נאַטאַשאַ'ן, ביי וועלכער

די בעקלעך האָבען זיך צופלאמט, און די אייגעלעך האָבען פרעהליך געשיינט, ווי שטערענדלעך. — איך, קינדערלעך, בין דוכט זיך, טאקע, צו ווייט פערגאנגען; און איך בין שטענדיג געווען אזא מענש; נאָר דו ווייסט, וואַניא, איך קוק אזוי אויף דיר: עפּעס ביזטו ביי אונז איגנאנצען אזא איינפאכער...

— אך, גאָט מיינער! ווי זשע זאָל ער זיין, פּאַפּאַ?

— נו, ניין, איך מיין ניט דאָס. נאָר דאָך, וואַניא, עפּעס האָסטו אזא פּנים... דאָס הייסט אינגאנצען ניט קיין פּאָעטיש פּנים... עפּעס, ווייסטו, זאָגט מען, אז זיי זיינען בלייך, די פּאָעטען, נו, און מיט אזעלכע האָר און אין די אויגען עפּעס אזוי... ווייסטו, א געטהע דאָרט אָדער אנ'אנד... איך האָב עס געלעזען אינ'ם אבאדאָן... נו, וואָס? איך האָב שוין ווידער עפּעס געזאָגט א ליגען? זעהסט, א שטיפעריין, ווי זי לאכט דאָס פון מיר! איך, מיינע פריינד, בין ניט קיין געבילדע־טער, אבער פיהלען קען איך. נו, א פּנים צו ניט קיין פּנים, — דאָס איז דאָך ניט קיין גרויס אומגליק, דאָס פּנים; פאר מיר איז דיין פּנים אויך גוט, און עס געפעלט מיר... איך האָב דאָך ניט צוליעב דעם גע־רעדט... נאָר זיי עהרליך, וואַניא, זיי עהרליך, דאָס איז די הויפּטזאך; לעב עהרליך, רעד דיר נישט איין! פאר דיר איז א ברייטער וועג. דיען עהרליך דיין זאך, אָט וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען, אָט טאקע דאָס האָב איך געוואָלט זאָגען!

וואונדערליך איז די צייט געווען! אלע פרייע שעה'ען, אלע אָוועגדען האָב איך ביי זיי פארבראכט. דעם אלטען האָב איך געבראכט נייעס וועגען דער ליטעראַרישער וועלט, וועגען ליטעראַטען מיט וועלכע ער האָט זיך פלוצלונג, ווער ווייסט פארוואָס, אָנגעהויבען אויסערגע־וועהנליך צו אינטערעסירען; ער האָט זאָגאר אָנגעהויבען צו לעזען ב.'ס קריטישע אַרטיקלען, וועגען וועלכע איך האָב איהם פיעל דער־צעהלט, און וועלכען ער האָט כמעט ניט פערשטאַנען, נאָר געלויבט ביז בעגייסטערונג, און זיך ביטער בעקלאָגט אויף זיינע שונאים, וואָס האָ־בען געשריבען אין „צפונ'דיגען בטלן". די אלטע האָט שאַרף נאָכגע־שפירט מיר און נאַטאַשאַ'ן, אבער זי האָט ביי אונז גאָרנישט אויס־געפונען! צווישען אונז איז שוין געזאָגט געוואָרען איין קליין וואָרט און איך האָב דערהערט, ענדליך, ווי נאַטאַשאַ האָט מיט אן אַראָבגע־לאָזט קעפּעלע און האלב־געעפענטע ליפּעלעך, כמעט מורמלענדיג מיר

געזאָגט: יאָ. נאָר די אַלטע האָבען זיך אויף דערוואוסט; זײ האָבען גערעדט, געטראַכט; אננא אַנדרעיעװנא האָט לאַנג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. מאָדנע און שװער איז איהר געװען. זי האָט מיר ניט געגלויבט.

— אָט גוט עס איז אַן ערפאָלג, איװאַן פּיעטראָװיטש, — האָט זי געזאָגט: — און פּלוצלונג װעט ניט זײן קײן ערפאָלג, אָדער עפּעס דאָרט; װאָס דאַמאָלס? װאָלט איהר כאָטש ערגיץ געװען אויף אַ שטעלע.

— און אָט װאָס איך װעל דיר זאָגען, װאַניאַ, — האָט דער אַלטער בעשלאָסען נאָך אַ לאַנגען טראַכטען: — איך האָב דאָס שױן אַלײן געזעהען, בעמערקט און, איך בין מודה, אַז איך האָב מיך אפילו דער־פרעהט, װאָס דו און נאַטאַשאַ... נו, װאָס איז דאָ. זעהסטו, װאַניאַ, איהר זענט נאָך בײדע זעהר יונג, און מײן אננאַ אַנדרעיעװנא איז גערעכט. מיר װעלען צואװאַרטען. דו, לאָמיר זאָגען, ביזט אַ טאַלענט, אפילו אַן אױסגעצײכענטער טאַלענט... נו, ניט קײן געניע, װי אַזױ מען האָט דאָרט אין אָנהױב געשריגען װעגען דיר, נאָר אַזױ, פּשוט אַ טאַלענט (איך האָב נאָך אָט הײנט געלעזען אַ קריטיק אױף דיר אין'ם „בטלן"; מען בעהאַנדעלט דיך דאָרט שױן צו שלעכט: נו, װאָס איז דאָס דאָרט פאַר אַ מין צײטונג!) יאָ! טאָ זעהסטו: דאָס איז דאָך נאָך ניט קײן בארעס געלט — טאַלענט; און איהר זענט בײדע אָרעם. מיר װעלען צואװאַרטען אַזױ אַ יאָהר אַנדערטהאַלבען, אָדער כאָטש אַ יאָהר: עס װעט דיר אױסקנעהן גוט, װעסט דיך בע־פעסטיגען אױף דײן װעג — איז נאַטאַשאַ דײן; װעט זיך דיר ניט אײנגעבען — משפּט אַלײן!... דו ביזט אַ מענש אַן עהרליכער; גיב אַ טראַכט!...

און אױף דעם האָט מען זיך אָבגעשטעלט. און אין אַ יאָהר אַרום איז אָט װאָס געװען:

יאָ, דאָס איז געװען כמעט פּונקט אין אַ יאָהר אַרום! אין אַ ליכטיגען סעפּטעמבער־טאָג פאַרנאַכט בין איך אַרײנגעגאַנגען צו מײנע אַלטע אַ קראַנקער, מיט אַ גסיסה אין דער נשמה און בין גע־פאַלען אױף אַ שטוהל שיער אין חלשות, אַזױ, אַז אפילו זײ האָבען זיך דערשראָקען, אױף מיר קוקענדיג. אָבער ניט פון דעם האָט זיך בײ מיר דאַמאָלס פאַרדרעהט דער קאָפּ און דאָס האַרץ אַזױ געבענקט, װאָס איך בין צעהן מאָל צוגעגאַנגען צו זײער טהיר און צעהן מאָל מיך אומ־

געקעהרט צוריק, איידער איך בין אריינגעגאנגען, — ניט פון דעם וואָס מיר האָט זיך מיין קאריערע ניט איינגעגעבען און וואָס איך האָב נאָך ניט געהאט קיין רוהם און ניט קיין געלד; ניט פון דעם וואָס איך בין נאָך ניט קיין „אטאשע“, און וואָס עס איז נאָך וויט געווען דערצו, אז מען זאָל מיך אוועקשיקען קיין איטאַליען פארבעסערען מיין געזונד; נאָר פון דעם, וואָס מען קען אָבלעבען צעהן יאָהר אין איין יאָהר, און צעהן יאָהר האָט אויך נאטאשא אָבגעלעבט אין דעם איינעם יאָהר. אן אונענדליכקייט איז געלעגען צווישען אונז... און אָט, געדענק איך, איך בין דאמאָלס געזעסען פאר׳ן אלטען, געשוויגען און צוגעבראָ־כען מיט אן אויפגערעגטער האנד, די שוין אָהן דעם צובראָכענע ראנד פון מיין הוט; געזעסען און געווארט, איך וויים ניט פארוואָס, ביז נאטאשא וועט ארויסקומען. מיין אנצוג איז געווען אָרעם און איז שלעכט געזעסען אויף מיר; אויפ׳ן פּנים בין איך געוואָרען אָבגעצ־צעהרט, דארער, געל, און דאָך בין איך נאָך וויים ניט עהנליך געווען אויף קיין פּאָעט, און אין מיינע אויגען איז דאָך קיין שום גרויסעס ניט געווען, וועגען וועלכען עס האָט זיך אמאָל אזוי בעמיהט דער גוטער ניקאָלאי סערגעאיטש. די אלטע האָט געקוקט אויף מיר מיט א נישט־געקינסטעלטען און שוין צו געשווינדען רחמנות, און אליין האָט זי פאר זיך געטראכט:

„און אָט אזא אָ איז דאָך שיער געוואָרען נאטאשא׳ס חתן, זאָל גאָט בעהיטען און בעשירמען!“

— נו, איוואן פּיעטראָוויטש, ווילט איהר ניט קיין טהיי? (דער סאמאָוואר האָט געזאָטען אויפ׳ן טיש), — און וואָס מאכט איהר, פּעטערקע? עפּעס זענט איהר גאָר אינגאנצען קראנק, — האָט זי מיך געפרעגט מיט א רחמנות׳דיג קול, אזוי ווי איך הער זי איצט.

און אזוי ווי איצטער זעה איך: זי רעדט צו מיר און אין איהרע אויגען זעהט זיך אויך אַנ׳אַנדערע זאָרג, די אייגענע זאָרג, פון וועל־כער איהר אלטער האָט זיך אויך פארוואָלקענט און מיט וועלכער ער איז איצט געזעסען איבער דער קאלט־ווערענדיגער שאָל און האָט גע־טראכט זיין טראכטונג. איך האָב געוואוסט, אז זיי זאָרגען זיך אין דער מינוט זעהר וועגען דעם פּראָצעס מיט קניאז וואלקאָווסקי, וועלכער האָט אָנגענומען ניט קיין זעהר גוטע ווענדונג פאר זיי, און אז ביי זיי זיינען פּאָרגעקומען נאָך נייע אונאנגענעהמליכקייטען, וועלכע האָבען

צורודערט ניקאָלאַי סערגעאיטש׳ן ביז קראנקהייט. דער יונגער קניאז, איבער וועלכען עס האָט זיך אָנגעהויבען די גאנצע געשיכטע פון דעם פראָצעס, האָט מיט א פינף חדשים צוריק געפונען א געלעגענהייט צו זיין ביי די איכמעניעווס. דער אלטער, וועלכער האָט ליעב געהאט זיין ליעבען אַליאָשאַ׳ן, ווי אן אייגענעם זוהן, וועלכער האָט איהם כמעט יעדען טאָג דערמאָנט, האָט איהם אויפגענומען מיט פרייד. אננא אנ־דרעיעוונא האָט זיך דערמאָנט אָן וואסילעווסקאָיע און צעוויינט זיך. אַליאָשאַ האָט אָנגעהויבען קומען צו זיי עפטער און עפטער, אין דער שטיל פון׳ם טאַטען; ניקאָלאַי סערגעאיטש, דער עהרליכער, אָפענער, גראדהארציגער, האָט מיט צאָרן אָבגעשטויסען אלע פאָרזיכטיגקיי־טען. אוים יחסנות׳דיגען שטאָלץ האָט ער אפילו ניט געוואָלט טראכ־טען: וואָס וועט זאָגען דער קניאז, אויב ער וועט זיך דערוויסען, אז זיין זוהן איז ווידער אויפגענומען אין די איכמעניעוו׳ס הויז, און האָט אין געדאנק פאראכט אלע זיינע אומגעלומפערטע פארדאכטען. נאָר דער אלטער האָט ניט געוואוסט, צי ער וועט האָבען גענוג כח איבער־צוטראָגען נייע בעליידיגונגען. דער יונגער קניאז האָט אָנגעהויבען צו זיין ביי זיי כמעט יעדען טאָג. די אלטע לייט איז פרעהליך געווען מיט איהם. גאנצע אווענדען און שפּעט נאָך האלבער נאכט פלעגט ער ביי זיי זיצען: פארשטעהט זיך, אז דער פאטער האָט, ענדליך, וועגען אלץ געוואוסט. עס איז אַרוים די מיאוסטע ספּלעטניע. ער האָט באליידיגט ניקאָלאַי סערגעאיטש׳ן מיט א שרעקלכען בריעף, אלץ אויף דער איי־גענער טהעמע, אזוי ווי פריהער, און דעם זוהן האָט ער פאָלשטענדיג פארבאָטען צו בעזוכען די איכמעניעווס. דאָס איז געשעהען צוויי וואָ־כען פאר מיין קומען צו זיי. דער אלטער איז שרעקליך טרויריג גע־וואָרען. וואָס הייסט! זיין נאַטאשאַ, די אומשולדיגע, די עהרליכע, ווידער צו פארמישען אין דער שמוציגער בערעדעריי, אין דער ניד־ריגקייט! איהר נאָמען איז דערמאָנט געוואָרען מיט בעליידיגונג פון א מענשען, וואָס האָט זי שוין אמאָל בעליידיגט... און דאָס אלץ אי־בערגעלאָזען אָהן א צופריעדענשטעלונג! די ערשטע טעג האָט ער זיך געלייגט אין בעט אריין אוים פארצווייפלונג. דאָס אלץ האָב איך גע־וואוסט. די גאנצע געשיכטע איז צו מיר דערגאנגען מיט איינצעלהיי־טען, כאָטש איך, א קראנקער און דערשלאָגענער, האָב מיך די גאנצע לעצטע צייט, א וואָך דריי, ניט געוויזען ביי זיי און בין געלעגען ביי

זיך אין דער דירה. אָבער איך האָב געוואוסט נאָך... ניין! איך האָב נאָך דאמאָלס בלויז פאָרגעפיהלט, געוואוסט, און ניט געגלויבט, אַז, אויסער דער געשיכטע, איז נאָך ביי זיי פאַראַן איצטער עפּעס, וואָס דאַרף זיי בעאונרוהיגען מעהר פון אַלץ אין דער וועלט, און איך האָב מיך מיט א פיינינגענדער בענקשאפט צוגעקוקט צו זיי. יא, איך האָב מיך געפּייניגט; איך האָב מורא געהאט צו טרעפען, מורא געהאט צו גלייבען און האָב מיט אַלע קרעפּטען געגאַרט צו דערוויטערען די אומגליקליכע מינוט. און דערווייל בין איך געקומען צוליעב איהר. עס האָט מיך ווי געצויגען צו זיי אין דעם אָוועגד!

— יא, וואַניא, — האָט דער אַלטער פלוצלונג געפרעגט, ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, — צו ביזטו ניט קראַנק געוועזן? וואָס ביזטו אזוי לאַנג ניט געקומען? איך בין שולדיג געגען דיר: איך האָב דיך שוין לאַנג געוואָלט בעזוכען, נאָר עפּעס איז אַלץ... — און ער האָט זיך ווידער פאַרטראַכט.

— איך בין ניט געזונט געוועזן, — האָב איך געענטפערט.

— הם! ניט געזונט, — האָט ער איבערגע'חזר'ט מיט פינף מינוט שפּעטער. — ניט געזונט גאָר! איך האָב געזאָגט דאמאָלס, געווארענט, — האָסטו מיך ניט געפאָלגט! הם! ניין, ברודער וואַניא: די מוזע איז, ווייזט אויס, פון אייביג אָן געזעסען אויפ'ן בוידעם א הונגעריגע, און וועט זיצען. אזוי איז עס!

יא, דער אַלטער איז ניט געוועזן גוט אויפגעלעגט. וואָלט ער ניט געהאט זיין וואונד אין הארץ, וואָלט ער ניט אָנגעהויבען רעדען מיט מיר וועגען דער הונגעריגער מוזע. איך האָב מיך איינגעקוקט אין זיין פּנים: עס איז געל געוואָרען, אין זיינע אויגען האָט זיך אויסגעדריקט עפּעס א מיספארשטענדניש, עפּעס א געדאַנק אין דער פאָרם פון א פראגע, וועלכע ער איז ניט בכח געוועזן צו פאַרענטפערען. עפּעס איז ער געוועזען האסטיג און אונגעוועהנליך גאַליג. דאָס ווייב פלעגט קוקען אויף איהם אונרוהיג און האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. ווען ער האָט זיך איינמאָל אומגעדרעהט, האָט זי צו מיר בגנבה א שאָקעל געטהאָן אויף איהם מיט'ן קאָפּ.

— וואָס מאכט נאַטאַליא ניקאָלאַיעוונא? איז זי אין דער היים?

— האָב איך געפרעגט די פאַרזאָרגטע אַננאַ אַנדרעיעוונא.

— אין דערהיים, מיין ליעבער, אין דער היים, — האָט זי געענט־

פערט, — גלייך מיין פראגע וואָלט איהר שווער געווען. — באלד וועט זי אליין ארויסקומען אויף אייך א קוק טהאָן. א געלעכטער נו! דריי וואָכען ניט צו זעהען! און עפּעס איז זי ביי אונז געוואָרען אזא מין,— מען קען עם ביי איהר אויף קיין פאל ניט אַרויסקריגען: איז זי גע־זונט, צי איז זי קראַנק, גאָט איז מיט איהר!

און זי האָט שרעקענדיג א קוק געטהאָן אויפ'ן מאָן.

— נו וואָס? ס'איז גאַרנישט מיט איהר, — האָט זי'ך ניקאָלאַי סערגעאיטש אַנגערופען ניט ווילענדיג און אָבגעריסען: — זי איז גע־זונט. אזוי, די מויד געהט אריין אין די יאָהרען, האָט אויפגעהערט זיין א קינד, דאָס איז אלץ. ווער קען זיי פערשטעהן, די מיידעלשע זאָרגען און קאפּריזען?

— נו, שוין קאפּריזען גאָר! — האָט אונטערגעכאפּט אננא אנדרעיעווונא מיט א בעליידיגטען טאָן.

דער אַלטער האָט פאַרשוויגען און גענומען פּויקען מיט די פינגער אויפ'ן טיש. „גאָט, צו איז שוין ניט עפּעס געווען צווישען זיי?“— האָב איך א טראַכט געטהאָן אין שרעק.“

— נו, וואָס, און ווי געהט עס ביי אייך דאָרט? — האָט ער אָנ־געהויבען פון דאָס ניי. — ב. שרייבט נאָך אלץ קריטיק?

— יא, ער שרייבט, — האָב איך געענטפערט.

— עך, וואַניא וואַניא! — האָט ער געענדיגט, א מאַך טהוענ־דיג מיט דער האַנד. — וואָס איז מ'שטיינס געזאָגט קריטיק.

די טהיר האָט זיך געעפענט און נאַטאַשאַ איז אריינגעקומען.

---

## זיעבעטער קאַפּיטעל.

זי האָט געטראָגען אין דער האַנד איהר היטעלע און האָט עס, אריינקומענדיג, אַוועקגעלעגט אויפ'ן פּאַרטעפּיאַן; דערנאָך איז זי צו־געגאַנגען צו מיר און האָט מיר שווייגענדיג אויסגעשטרעקט די האַנד. איהרע ליפּען האָבען זיך לייכט א ריהר געטהאָן; זי האָט מיר ווי גע־וואָלט עפּעס זאָגען, עפּעס א בעגריסונג, נאָר זי האָט גאָרנישט געזאָגט.

דריי וואָכען ווי מיר האָבען זיך ניט געזעהען. איך האָב געקוקט אויף איהר מיט פאַרוואונדערונג און שרעק. ווי פאַרענדערט זי האָט זיך אין דריי וואָכען! דאָס האַרץ האָט זיך מיר פאַרקלעמט פון בענק־שאַפט, ווען איך האָב בעטראַכט די איינגעפאַלענע בלייכע באַקען, די ליפּען, פאַרטרוקענט ווי פון פיעבער, און די אויגען, וואָס האָבען גע־פינקעלט פון אונטער די לאַנגע, טונקעלע ברעמען מיט אַ היציגען פייער און מיט עפּעס אַ ליידענשאַפטליכער ענטשלאָסענהייט.

נאַר, גאָט, ווי וואונדערשעהן זי איז געווען! איך האָב זי קיינ־מאָל, ניט פאַר דעם און ניט נאָכדעם, ניט געזעהען אַזאַ ווי זי איז גע־ווען אין דעם טאָג, אָן וועלכען אונזער גורל האָט אָבגעהאַנגען. איז עס די, איז עס די נאַטאַשאַ, איז עס דאָס מיידעל, וואָס האָט נאָך מיט איין יאָהר צוריק ניט אַראָבגעלאָזט די אויגען פון מיר, און האָט בעוועגענדיג נאָך מיר מיט די ליפּעלעך, אויסגעהערט מיין ראָמאַן, און וועלכע האָט אַזוי פרעהליך, אַזוי זיכער געלאַכט און געשטיפט אין יע־נעם אָוונד מיט'ן פאָטער און מיט מיר ביים אָוונדברויט? איז דאָס די נאַטאַשאַ, וועלכע האָט דאָרט, אין יענעם צימער, מיט אַנ'אָנגעבויגען קעפּעלע און אינגאַנצען אַ פאַרפלאַמטע מיר געזאָגט: י אַ.

עס האָט זיך דערהערט אַ שווערער קלאַנג פון'ם גלאָק, וואָס האָט גערופען צום אָוונד־געבעט. זי האָט אַ ציטער געטהאָן; די אַלטע האָט זיך איבערגע'צלמ'ט.

— דו האָסט דיך געקליבען צום אָוונד־געבעט, נאַטאַשאַ, און אָט קלינגט מען שוין צום געבעט, — האָט זי געזאָגט. — געה אַראָב, און דו טאַשענקאַ, געה אַראָב, בעט גאָט, די גוטע שעה איז נאָהענט! און דו וואָלסט דיך שוין איבערגעגאַנגען אין איין וועג. וואָס האָסטו פון זיצען פאַרמאַכט? זעה, ווי בלייך דו ביזט; ווי מען וואָלט דיר אַ שלעכט אויג געגעבען.

— איך... קען זיין... וועל היינט ניט געהן, — האָט נאַטאַשאַ אַרויסגערעדט לאַנגזאַם און שטיל, כמעט שעפּטשענדיג. — איך... בין ניט געזונד, — האָט זי צוגעגעבען און איז בלייך געוואָרען ווי לייי־ווענד.

— בעסער דו זאָלסט געהן, נאַטאַשאַ; דו האָסט דאָך אַליין גע־וואָלט ניט לאַנג צוריק, אָט האָסטו דאָך נאָך דאָס היטעלע געבראַכט. בעט, נאַטאַשענקאַ, בעט, אַז גאָט זאָל דיר שיקען געזונט, — האָט אַנ־

נא אנדרעיעווגא צוגערעדט און געקוקט ציטערדיג אויף דער טאַכטער, ווי זי וואָלט זיך געשראָקען פאר איהר.

— נו יא; געה אראָב; און וועסט דיך שוין דערצו איבערגעהן, — האָט דער אַלטער צוגעגעבען, אויך זיך איינקוקענדיג מיט אונרוהיג־קייט אין דער טאָכטער׳ס פּנים: — די מאמע האָט רעכט. אָט וועט דיך וואַניא בעגלייטען.

מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז א ביטערער שמייכעל איז דורכ־געלאָפען אויף נאטאשא׳ס ליפּען. זי איז צוגעגאנגען צום פּאַרטעפּיאַן, האָט גענומען דאָס היטעלע און האָט עס אַנגעטהאָן; איהרע הענט האָ־בען געציטערט. אלע איהרע בעוועגונגען זיינען געווען ווי בעוואוסט־לאָז, — גלייך זי וואָלט ניט פארשטאַנען, וואָס זי האָט געטהאָן. דער פאָטער און די מוטער האָבען זיך אויפמערקזאם איינגעקוקט אין איהר.

— זייט געזונט! — האָט זי קוים צו דערהערען ארויסגערעדט.

— וואָס איז זיך דאָ צו געזעגענען, מלאך מיינער, דער וועג איז דען א ווייטער! זאָל כאָטש א ווינט אביסעל א בלאָז טהאָן אויף דיר; זעהר נאָר, ווי א בלייכינקע דו ביזט. אך! איך האָב דאָך גאָר פארגע־סען (אלץ פארגעס איך!) — די קמע האָב איך דיר געענדיגט; א תפילה האָב איך איינגענעהט אין איהר, מלאך מיינער; א מאָנאַשקע פון קיעוו האָט זי מיך פאראיאָהרען אויסגעלערנט; א טייערע תפילה; איך האָב זי שוין לאנג פארנעהט. טהו עס אָן, נאטאשא. אפשר וועט דיר דער ליעבער גאָט שיקען געזונט. און איינציגע ביזטו דאָך ביי אונז.

און די אלטיטשקע האָט ארויסגענומען פון איהר ארבייטס־קעס־טעל נאטאשא׳ס גאָלדען צלם׳על צו טראָגען אויפ׳ן האלז; אויפ׳ן איי־גענעם בענדעלע איז געווען אויפגעהאנגען די נאָרוואָס אויפגענעהטע קמע.

— טראָג עס געזונט! — האָט זי צוגעגעבען, אַנטהוענדיג עס דער טאָכטער און צלמ׳ענדיג זי. — אמאָל האָב איך דיך אזוי יעדע נאכט גע׳צלמ׳ט צום שלאָפען געהן, האָב דיר געזאָגט א תפילה, און דו האָסט מיר נאָכגעזאָגט. און איצטער ביזטו געוואָרען שוין ניט די, און גאָט גיט דיר ניט קיין רוהיג געמיט. אוי, נאטאשא, נאטאשא! עס העל־פען דיר אפילו דער מאמע׳ס תפילות ניט! — און די אלטיטשקע האָט זיך צעוויינט.

נאַטאַשאַ האָט שווייגענדיג אַ קוש געטהאָן איהר האַנד און גע־גאַנגען אַ שריט צו דער טהיר; נאָר פּלוצלונג האָט זי זיך האַסטיג אומגעקעהרט צוריק און איז צוגעגאַנגען צום פאַטער. איהר ברוסט האָט זיך טיעף בעוועגט.

— פּאַפּעניו, צלם דו שוין אויך איבער... דיין טאָכטער, — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ פאַרשטיקטער שטים און זיך אַראָבגעלאָזט פאַר איהם אויף די קניהען.

מיר זיינען אַלע געשטאַנען פאַרטרויערט פון איהר אונערוואַר־טעטער און צו פייערליכער טהאַט. איינינע סעקונדען האָט דער פאַ־טער געקוקט אויף איהר, זיך אינגאַנצען פאַרלירענדיג.

— נאַטאַשענקאַ, קינד מיינס, טעכטעריל מיינס, ליעבינקע, וואָס איז מיט דיר! — האָט ער, ענדליך, אויסגעשריגען, און טרעהרען האָ־בען זיך ווי אַ האָגעל אַ גאָס געטהאָן פון זיינע אויגען. — פאַרוואָס בענקסטו? פאַרוואָס וויינסטו טאָג און נאַכט? איך זעה דאָך אַלץ; איך שלאָף קיין נעכט ניט, איך שטעה אויף און הער מיך צו צו דיין צימער!... זאָג מיר אַלץ, נאַטאַשאַ, מיר, אַלטען, מעגסטו אַלץ אויפ־דעקען, און מיר...

ער האָט ניט דערערעדט, האָט זי אויפגעהויבען און פעסט אַרומ־גענומען. זי האָט זיך ציטעריג צוגעדריקט צו זיין ברוסט און האָט בע־האַלטען איהר קאָפּ אויף זיין אַקסעל.

— גאָרנישט, גאָרנישט, דאָס איז נאָר אַזוי... איך בין ניט גע־זונט... — האָט זי געזאָגט, זיך שטיקענדיג פון אינערליכע, פער־שטיקטע טרעהרען.

— זאָל דיך גאָט אַזוי בענשען, ווי איך בענש דיך, מיין ליעב קינד, מיין טייער קינד! — האָט געזאָגט דער פאַטער. — זאָל ער דיר אויף אייביג שיקען פריעדען אין דער נשמה און זאָל דיך בעשיר־מען פון יעדער צרה. בעט גאָט, מיין קינד, אַז דאָס זינדיגע געבעט מיינס זאָל דערגרייכען צו'ן איהם.

— און מיין ברכה, מיין ברכה האָסטו אויך, קינד! — האָט די אַלטיטשקע צוגעגעבען, זיך בעגיעסענדיג מיט טרעהרען.

— זייט געזונט! — האָט נאַטאַשאַ אַרויסגעמורמעלט.

ביי דער טהיר האָט זי זיך אָבגעשטעלט, נאָך אַמאָל אַ קוק גע־

טהאָן אויף זיי, האָט, ווייזט אויס, געוואָלט נאָך עפּעס זאָגען, נאָר זי האָט ניט געקענט און איז געשוווינד ארויס פון שטוב. איך האָב מיך א לאָז געטהאָן נאָך איהר, פאַרפיהלענדיג עפּעס שלעכטס.

---

## אכטער קאַפּיטעל

זי איז געגאַנגען שווייגענדיג, שנעל, מיט אַן אַנגעבויגענעם קאָפּ און האָט ניט געקוקט אויף מיר. נאָר דורכגעהענדיג די גאַס און ארויפ־קומענדיג אויפ'ן ברעג, האָט זי זיך פּלוצלונג אָבגעשטעלט און מיך אַנ־געכאַפּט ביי דער האַנט.

— דושנע! — האָט זי ארויסגעשעפּטשעט, — דאָס הארץ דריקט... דושנע!

— געה צוריק, נאַטאַשאַ! — האָב איך א געשריי געטהאָן אין שרעק.

— זעהסטו דען ווירקליך נישט, וואַניא, אז איך בין ארויסגעגאַנ־גען א י נ ג א נ צ ע ן, אוועקגעגאַנגען פון זיי און וועל מיך קיינ־מאָל ניט אומקעהרען צוריק? — האָט זי געזאָגט, קוקענדיג אויף מיר מיט אונאויסדריקליכער בענקשאַפט.

דאָס הארץ איז אין מיר איינגעפאַלען. דאָס אַלץ האָב איך פריי־הער געפיהלט, נאָך געהענדיג צו זיי; דאָס אַלץ האָט זיך מיר שוין פאַרגעשטעלט, אַזוי ווי אין א נעבעל, קען זיין, נאָך לאַנג פאר דעם טאָג, נאָר איצט האָבען מיך איהרע ווערטער איבעראַשט אַזוי ווי א דונער.

מיר זיינען טרויעריג געגאַנגען ביים ברעג. איך האָב ניט געקענט רעדען; איך האָב בעגריפען, בעטראַכט און מיך פאַלשטענדיג פאַר־לוירען. דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַרדרעהט. עס האָט זיך מיר אויסגע־וויזען, אז דאָס איז אַזוי העסליך, אַזוי אוממעגליך!

— דו בעשולדיגסט מיך, וואַניא? — האָט זי זיך, ענדליך, אַנ־געררופען.

— ניין, נאָר... איך גלויב ניט; דאָס קען ניט זיין!... — האָב איך געענטפערט, ניט געדענקענדיג וואָס איך רעד.

— ניין, וואניא, דאָס איז שוין! איך בין אוועקגעגאנגען פון זיי און איך וויים ניט, וואָס מיט זיי וועט זיין... און איך וויים ניט, וואָס מיט מיר וועט זיין!

— דו געהסט צו'ן איהם, נאטאשא, יא?

— יא! — האָט זי געענטפערט.

— אָבער דאָס איז אוממעגליך! — האָב איך א געשריי געטהאָן אויסער זיך, — צו ווייסטו, אז דאָס איז אוממעגליך, נאטאשא, מיין אָרעמע דו! דאָס איז דאָך וואהנזין. דו וועסט דאָך זיי טויטען און זיך אומברענגען. צו ווייסטו דאָס, נאטאשא?

— איך וויים, נאָר וואָס קען איך טהאָן, ס'איז ניט מיין ווילען,— האָט זי געזאָגט, און אין איהרע ווערטער האָט זיך געהערט אזוי פיעל פארצווייפלונג, גלייך זי וואָלט געגאנגען צו א טויט־שטראף:

— געה צוריק, געה צוריק, ווי לאנג ס'איז נאָך ניט שפעט, — האָב איך זי געבעטען, און אַלץ הייסער, אַלץ צודרינגליכער האָב איך זי געבעטען, וואָס מעהר איך האָב אליין בעגריפען די גאנצע נוצלאָזיגקייט פון מיין בעטען און די גאנצע אומגעלומפּערטקייט דערפון אין דער מינוט. — צו פארשטעהסטו, נאטאשא, וואָס דו וועסט טהאָן מיט'ן טאטען? דו האָסט דאָס בעטראכט? זיין טאטע איז דאָך דיינעם א שונא; דער קניאז האָט דאָך באליידיגט דיין טאטען, האָט איהם פארדעכטיגט אין פארכאפּען געלד; ער האָט דאָך איהם געררופען גנב. זיי משפּט'ן זיך דאָך... אבער וואָס! דאָס איז נאָך די לעצטע זאַך, אָבער צו ווייסטו, נאטאשא... (אוי, גאָט, דו ווייסט דאָך דאָס אַלץ!)— צו ווייסטו, אז דער קניאז האָט פארדעכטיגט דיין טאטען און די מאַמען, אז זיי אליין, האָבען אומיסטען, צונויפגעפיהרט דיך מיט אַליאָשא'ן, ווען אַליאָשא האָט פארבראכט ביי אייך אין דארף? גיב נאָר א טראכט, שטעל דיר נאָר פאָר, ווי דיין טאטע האָט דעמאָלט געליטען פון דער באליידיגונג. ער איז דאָך אינגאנצען גראָה געוואָרען אין די צוויי יאָהר, — גיב א קוק אויף איהם! און די הויפּטזאַך: דו ווייסט דאָך דאָס אַלץ, נאטאשא. גאָט מיינער! איך רעד דאָך שוין ניט, וואָס זיי ביידען דארף קאָסטען דיך צו פארלירען אויף אייביג! דו ביזט דאָך זייער אוצר, אַלץ וואָס זיי איז איבערגעבליבען אויף דער עלטער.

איך וויל שוין ניט רעדען וועגען דעם: דו דארפסט עס אליין וויסען: דערמאָן דיך, אז דער טאַטע האלט, אז זיי האָבען דיך אומזיסט בערעדט, בעזידעלט, די שטאָלצע ברואים, און אז מען דארף זיך נוקם זיין פאר דיר! און איצטער, אָט טאקע איצטער האָט זיך דאָס אלץ אויפסניי צופלאקערט, האָט זיך פארשטאַרקערט די אלטע, אָנגעוועהטאָגטע שנאה, דערפאר וואָס איהר האָט אויפגענומען ביי זיך אליאָשאַ'ן. דער קניאַז האָט ווידער באליידיגט דיין טאַטען, אין דעם אלטען קאָכט נאָך דער כעס פאר דער נייער באליידיגונג. ...אין פּלוצלונג וועט אלץ, דאָס אלץ, די אלע בעשולדיגונגען וועלען זיך איצט ארויסווייזען פאר אמת! אלע, וואָס ווייסען די זאַך, וועלען איצטער דעם קניאַז געבען גערעכט און וועלען בעשולדיגען דיך מיט דיין טאַטען. נו, וואָס וועט איצט זיין מיט איהם? דאָס וועט דאָך איהם מיט אמאָל דערהרג'ענען! בושה, חרפּה, און פון וועמען? דורך דיר, זיין טאָכטער, זיין איינציג טייער קינד! און די מאַמע? זי וועט דאָך דעם אלטען ניט איבערלעבען... נאַטאַשאַ, נאַטאַשאַ! וואָס טהוסטו? קעהר דיך אום! בעזין דיך!

זי האָט געשוויגען; צום סוף האָט זי אַ קוק געטהאָן אויף מיר אזוי ווי מיט פאַרוואורף, און אזוי פיעל דורכדרינגליכען וועהטאָג, אזוי פיעל ליידען זיינען געווען אין איהר בליק, אז איך האָב פארשטאַנען, מיט וואָס פאר א בלוט, אפילו אָהן מיינע ווערטער, עס בעגיעסט זיך איצט איהר פארוואונדעט הארץ. איך האָב פארשטאַנען, וואָס איהר בעשלוס האָט זי געקאָסט, און ווי איך האָב זי געפּייניגט, געשניטען מיט מיינע אומנוצליכע, שפּעטע ווערטער; איך האָב דאָס אלץ פארשטאַנען און האָב מיך דאָך ניט געקענט איינהאלטען און האָב ווייטער גערעדט:

— דו האָסט דאָך איצטער אליין געזאָגט אננא אנדרעיעוונאַ'ן, אז קען זיין, דו וועסט ניט אוועק פון דער היים... צום אוועגדגעבעט. הייסט עס, אז דו האָסט נאָך געוואָלט בלייבען; הייסט עס, אז דו האָסט דיך נאָך ניט אינגאַנצען ענטשלאָסען?

זי האָט נאָר א ביטערען שמייכעל געטהאָן אלס ענטפער, און צו וואָס האָב איך דאָס געפרעגט? איך האָב דאָך געקענט פארשטעהן, אז אלץ איז שוין געווען אונווידערקעהרליך בעשלאָסען. אבער איך ...יין געוועזן אויסער זיך.

— נישט־שוין־זשע האָסטו איהם אזוי ליעב בעקומען? — האָב איך אויסגעשריגען מיט א גסיסה אין הארץ, קוקענדיג אויף איהר און כמעט אליין ניט פארשטעהענדיג וואָס איך פרעג.

— וואָס זאָל איך דיר ענטפערען, וואַניא? דו זעהסט! ער האָט מיך געהייסען קומען, און איך בין דאָ, איך ווארט אויף איהם, — האָט זי ארויסגערעדט מיט דעם אייגענעם ביטערען שמייכעל.

— אָבער הער, הער נאָר, — האָב איך זי ווידער אָנגעהויבען בעטען, זיך אָנכאַפּענדיג פאר א שטרוי, — דאָס אַלץ קען מען נאָך פאריכטען, מען קען עס נאָך מאכען אויף אַן׳אַנדערען אופן, אויף עפּעס א גאנץ אנדערען אופן! און מען קען — ניט אוועקגעהן פון דער היים. איך וועל דיך לערנען ווי צו טהאָן, נאַטאַשענקאַ. איך נעהם מיך אונטער אייך אַלץ איינצואָרדענען, אַלץ, און די זעהונגען, און אַלץ... נאָר פון דער היים געה ניט אוועק! איך וועל איבערטראָגען אייערע בריעף; פארוואָס זאָל איך זיי ניט איבערטראָגען? דאָס איז בעסער, איידער דאָס איצטיגע. איך וועל דאָס קענען טהאָן, איך וועל אייך ביידע צופריעדענשטעלען; איהר וועט זעהען, אז איך וועל אייך צופריעדענשטעלען... און דו וועסט דיך ניט אומברענגען, נאַטאַשענקאַ, אזוי ווי איצט... איצטער ברענגסטו דאָך דיך אינגאנצען אום, אינגאנצען! געה איין, נאַטאַשאַ: אַלץ וועט געהן אי שעהן, אי גליקליך, און איהר וועט אייך ליעבען איינער דעם אנדערען יוויפיעל איהר וועט נאָר וועלען... און ווען די טאַטעס וועלען זיך אויפהערען צו קריעגען (ווייל זיי וועלען זיך אומבעדינגט אויפהערען צו קריעגען) — דאַמאָלס...

— גענוג, וואַניא, הער אויף, — האָט זי איבערגעריסען, דריקענדיג פעסט מיין האנט און שמייכלענדיג דורך טרעהרען. — גוטער, גוטער וואַניא! דו ביזט א גוטער, אַן עהרליכער מענש! און קיין איינציג וואָרט ניט וועגען זיך! איך האָב דאָך דיך פאַרלאָזט די ערשטע, און דו האָסט מיר אַלץ מוחל געווען, נאָר וועגען מיין גליק טראַכסטו. די בריעף ווילסטו אונז איבערטראָגען.

זי האָט זיך צעוויינט.

— איך ווייס דאָך, וואַניא, ווי דו האָסט מיך ליעב געהאַט, ווי דו האָסט מיך נאָך איצטער ליעב, און קיין איינציגען פאַרוואורף, קיין איינציג ביטער וואָרט האָסטו מיר די גאנצע צייט ניט פאַרגעוואָר־

פען! און איך, איך... גאט מיינער, ווי שולדיג איך בין געגען דיר! געדענקסטו, וואניא, געדענקסטו אויך אונזערע צייט צוזאמען? א, בע־סער וואלט איך איהם קיינמאל ניט געקענט, ניט בעגעגענט! איך וואלט געלעבט מיט דיר, וואניא, מיט דיר, דו גוטינקער מיינער, טייערער מיינער!... ניין, איך בין דיך ניט ווערט! זעהסט, וואס איך בין: אין אזא מינוט, דערמאן איך דיך אן אונזער פארגאנגען גליק, און דו ליידסט אויך אהן דעם! אט ביזטו דריי וואכען ניט געקומען: און איך שווער דיר, וואניא, אז קיין איינציג מאל איז מיר ניט געקו־מען אין קאפ אריין דער געדאנק, אז דו האסט מיך פארשאלטען, און דו האסט מיך. איך האב געוואוסט, פארוואס דו ביזט אוועק: דו האסט אונז ניט געוואלט שטערען און אונז זיין א לעבעדיגער פאר־ווארף. און דיר אליין איז דען ניט געווען שווער אויף אונז צו קו־קען? און ווי איך האב געווארט אויף דיר, וואניא, ווי איך האב גע־ווארט! וואניא, הער, אויב אפילו איך האב ליעב אליאשא'ן אזוי ווי א זינלאזע, אזוי ווי א משוגע'נע, האב איך דיך, קען זיין, נאך מעהר ליעב, אזוי ווי מיינעם א פריינד. איך הער שוין, איך וויים שוין, אז אהן דיר וועל איך ניט איבערלעבען; איך דארף דיך, איך דארף דיין הארץ, דיין גאלדענע נשמה... אך, וואניא! וואס פאר א בימערע, וואס פאר א שווערע צייט עס קומט אן!

זי האט זיך בעגאסען מיט טרעהרען. יא, שווער איז איהר גע־ווען!

— אוי, ווי מיר האט זיך געוואלט דיך זעהען! — האט זי ווייי־טער געדערט אונטערדריקענדיג איהרע טרעהרען. — ווי דאר דו ביזט געווארען, ווי קראנק, בלייך; ביזטו ווירקליך געווען ניט געזונט, וואניא? נו וואס, איך וועל דיך ניט פרעגען! איך רעד אלץ וועגען מיר; נו, ווי געהען איצטער דיינע געשעפטען מיט די זשורנאליסטען? ווי איז דיין נייער ראמאן, ער ריהרט זיך עפעס?

— וועמען געהען איצטער אן די ראמאנען אדער איך, נאטאשא! און וואס זיינען מיינע געשעפטען! גארנישט; אזוי זיך, נעמט זיי דער גוטער יאהר! אבער הער, נאטאשא: דאס האט ער אליין געפאדערט, אז דו זאלסט געהן צו'ן איהם?

— ניין, ניט ער אליין, איך מעהר. עס איז אמת, אז ער האט גע־זאגט, אבער איך אליין... זעהסטו, טייערער, איך וועל דיר אלץ דער־

צעהלען: איהם שדכנ'ט מען א כלה, א רייכע און זעהר אן אנגעזעהענע; א קינד פון זעהר אן אנגעזעהענער משפחה. דער פאטער וויל אומבעדינגט, אז ער זאָל חתונה האָבען מיט איהר, און דער פאָטער, ווייסטו דאָך, איז א שרעקליכער אינטריגאנט; ער האָט אלע רעדער אָנגעדרעהט: אין צעהן יאָהר קען מען אזא געלעגענהייט ניט האָבען. פארבינדונגען, געלד... און זי, זאָגט מען, איז זעהר א שעהנע; מיט בילדונג און מיט א הארץ — שעהן מיט אלעם; אפילו אַליאָשא'ן געפעלט זי. און דערצו וויל איהם דער פאטער אליין וואָס גיכער אראָבווארפען פון די פּלייצעס, אז ער זאָל אליין קענען חתונה האָבען, דערפאר האָט ער זיך פארנומען, אומבעדינגט און וואָס עס זאָל ניט קאָסטען, צו צושטערען אונזער פארבינדונג. ער שרעקט זיך פאר מיר און פאר מיין איינפלוס אויף אליאָשא'ן...

— **ווייסט דען דער קניאז, — האָב איך איהר איבערגעריסען** מיט פערוואונדערונג, — וועגען אייער ליעבע? ער האָט דאָך נאָר **בלויז פארדעכטיגט, און אויך דאָס ניט אויף זיכער.**

— ער ווייסט, ער ווייסט אלץ.

— **און ווער האָט עס איהם געזאָגט?**

— אַליאָשאַ האָט עס איהם אליין אלץ דערצעהלט, ניט לאנג צוריק. ער האָט מיר אליין געזאָגט, אז ער האָט אלץ דערצעהלט דעם פאָטער.

— גאָט וואָס קומט עס דאָ פאָר צווישען אייך! און ער האָט דאָס אלץ אליין דערצעהלט, און נאָך אין אזא צייט...

— בעשולדיג איהם ניט, וואניא, — האָט נאַטאַשא איבערגעשלאָגען, — לאַך ניט פון איהם! איהם דארף מען ניט משפּט'ן אזוי ווי אלע אנדערע. זיי גערעכט. ער איז דאָך ניט אזא, ווי מיר זיינען. ער איז אַ קינד; און מען האָט איהם ניט אזוי ערצויגען. פארשטעהט ער דען, וואָס ער טהוט? דער ערשטער איינדרוק, דער ערשטער פרעמדער איינפלוס קען איהם אָברייסען פון אלץ, צו וועלכען ער האָט זיך מיט א מינוט צוריק אָבגעגעבען מיט א שבועה. ער האָט ניט קיין כאַראַקטער. אָט וועט ער זיך בוקען צו דיר, און אין דעם אייגענעם טאָג, פונקט אזוי אמת'דיג און עהרליך, וועט ער זיך אָבגעבען אימיצען אנדערש; און ער וועט נאָך אליין קומען דער ערשטער דיר דערצעהלען וועגען דעם. ער וועט אמאָל טהון, זעהסטו, א שלעכטע זאך אויך; און מען

וועט איהם אפילו פאר דער שלעכטער זאך ניט קענען בעשולדיגען, נאר אפשר גאר רחמנות האבען אויף איהם. ער איז אפילו פעהיג זיך מקריב צו זיין און נאך ווי אזוי! נאר אזוי גיך, ווי עס קומט עפּעס א נייער איינדרוק, פארגעסט ער באלד וויעדער אלץ. אזוי וועט ער מיך אויך פארגעסען, אויב איך וועל ניט שטענדיג זיין מיט איהם. אט וואס ער איז!

— אך, נאטאשא, אפשר קען זיין איז דאס ניט אמת, נאר בלויז קלאנגען. נו, ווי קומט ער, אזא אינגעל נאך, חתונה צו האבען!

— דער פאטער האט עפּעס בעזונדערע פּלענער, זאג איך ד'אך דיר.

— און פון וואנען ווייסטו, אז זיין כלה איז אזוי שעהן און אז זי געפעלט איהם שוין?

— ער האט דאך מיר אליין געזאגט.

— וואס! ער האט דיר אליין געזאגט, אז קען זיין, אז ער ליעבט אן אנדערע, און פון דיר האט ער איצטער פארלאנגט אזא קרבן?

— ניין, וואניא, ניין! דו קענסט איהם ניט, דו ביזט װעניג געווען מיט איהם; איהם דארף מען נעהנטער דערקענען און ערשט דערנאך איהם משפט'ן. עס איז אויף דער וועלט נישטא קיין הארץ, אמת'דיגער און ריינער פון זיינס! נו, וואס? וואלט געווען בעסער, ווען ער זאל זאגען ליגען? און דאס וואס זי איז איהם געפעלען, איז מיר נאר גענוג, אז איך זאל מיך א וואך מיט איהם ניט זעהען, וועט ער מיך פארגעסען און ליעב בעקומען אנ'אנדערע, און דערנאך, אזוי ווי ער וועט מיך דערזעהען וועט ער וויעדער ליעגען ביי מיינע פיס. ניין! דאס איז נאך גוט, וואס איך וויים, אז דאס איז פון מיר ניט בעהאלטען; אז ניט וואלט איך געשטארבען פון פארדאכט. יא, וואניא! איך האב מיר שוין בעשלאסען: אויב איך וועל ניט זיין מיט איהם שטענדיג, דורכאנאנד, יעדען אויגענבליק, וועט ער מיך אויפהערען ליעב האבען, וועט מיך פארגעסען און אוועקווארפען. אזוי איז ער שוין; יעדע אנדערע קען איהם פארשלעפען מיט זיך און וואס וועל איך דאמאלס טהאן? איך וועל דאמאלס שטארבען... אבער וואס איז שטארבען! איך וואלט אפילו געווען צופריעדען איצטער צו שטארבען! ווייל ווי אזוי קען איך

דען לעבען אָהן איהם? אָט וואָס עס איז ערגער פון טויט אליין, ער־גער פון אלע צרות! אוי, וואַניא, וואַניא! עס איז דאָך דאָ עפּעס אין דעם, וואָס איך האָב איצטער צוליעב איהם אוועקוואָרפען דעם טאַטען מיט דער מאַמען! רעד מיך נישט אָב: אלץ איז שוין בעשלאָסען! ער דאַרף זיין נעבען מיר יעדע שעה, יעדען אויגענבליק; איך קען מיך ניט אומקעהרען איך ווייס, אז איך האָב מיך אומגעבראַכט און האָב אנדערע אומגעבראַכט... אוי, וואַניא! — האָט זי פּלוצלונג אויס־געשריגען און אינגאַנצען א ציטער געטהאָן, — וואָס אויב ער ליעבט מיך שוין אויף אנ'אמת ניט! וואָס אויב דו האָסט איצטער דעם אמת געזאָגט וועגען איהם (איך האָב דאָס קיינמאָל ניט געזאָגט), אז ער נאַרט מיך בלויז אָב און ער ווייזט זיך נאָר אויס אזוי אמת'דיג און אויפריכטיג, און אליין איז ער א שלעכטער און א בעריהמער! אָט פאַרטייד'יג איך איהם איצטער פאַר דיר; און ער, קען זיין, איז אין דער אייגענער מינוט מיט אַן אנדערער און לאַכט פאַר זיך... און איך, איך, נידעריגע, האָב אלץ אוועקגעוואָרפען און געה איבער די גאַסען, און זוך איהם... אוי, וואַניא!

דער קרעכץ האָט זיך מיט אזא וועהטאָג ארויסגעריסען פון איהר האַרץ, אז מיין גאַנצע נשמה האָט מיר וועה געטהאָן פון בענקשאַפט. איך האָב פאַרשטאַנען, אז נאַטאַשא האָט שוין פאַרלוירען יעדע הער־שאַפט איבער זיך. נאָר די בלינדע, זינלאָזע אייפערזוכט אין דער לעצ־טער שטופע האָט זי געקענט צופיהרען צו אזא וואהנזיניגען שריט. נאָר אין מיר אליין האָט זיך אָנגעצונדען די אייפערזוכט און האָט זיך ארויסגעריסען פון האַרץ. איך האָב ניט אויסגעהאַלטען: דאָס עקעל־האַפטע געפיהל האָט מיך פאַרשלעפּט.

— נאַטאַשא, — האָב איך געזאָגט, — איינס נאָר פאַרשטעה איך ניט: ווי קענסטו איהם ליעבען נאָכדעם, וואָס דו האָסט איצטער אליין גערעדט וועגען איהם? דו אַכסט איהם ניט, דו גלויבסט אפילו ניט אין זיין ליעבע, און דו געהסט צו'ן איהם זיך ניט אומצוקעהרען, און ברענגסט אלע אום צוליעב איהם? וואָס זשע איז דאָס אזוינס? ער וועט דיך אויספייניגען א גאַנצען לעבען און דו איהם אויך. דו האָסט איהם שוין צופיעל ליעב, נאַטאַשא, צופיעל! איך פאַר־שטעה ניט אזא ליעבע.

— יא, איך ליעב, ווי א משוגענע, — האט זי געענטפערט, בלייך ווערענדיג ווי פון וועהטאג. — איך האב דיך קיינמאל אזוי ניט ליעב געהאט, וואניא. איך וויים דאך אליין, אז איך בין פון זינען אראב און איך ליעב ניט אזוי ווי מען דארף. איך ליעב איהם ניט גוט... הער, וואניא: איך האב דאך פריהער אויך געוואוסט און אפילו אין די גליקליכסטע מינוטען אונזערע האב איך פריהער געפיהלט, אז ער וועט מיר געבען נאר בלויז צרות. אבער וואס קען איך טהאן, אז איצטער זיינען מיר אפילו די צרות פון איהם — גליק? געה איך דען אויף פרייד צו'ן איהם? וויים איך דען ניט פריהער, וואס עס ערווארט מיך ביי איהם און וואס איך וועל איבערטראגען פון איהם? אט האט ער זיך דאך געשוואוירען מיך ליעב צו האבען, אלץ מיר צוגעזאגט, און איך גלויב דאך קיין זאך ניט פון זיינע צוזאגען, איך שטעל אויף זיי גאר־נישט, און האב פריהער ניט געשטעלט, כאטש איך האב געוואוסט, אז ער האט מיר קיין ליגען ניט געזאגט, און אז ער קען קיין ליגען ניט זאגען. איך האב איהם אליין געזאגט, אליין, אז איך וויל איהם מיט קיין זאך ניט פארבינדען. מיט איהם איז דאס בעסער: צוגעבונדענ־קייט האט קיינער ניט ליעב, איך די ערשטע. און דאך בין איך צו־פריעדען צו זיין זיין שקלאפין, זיין גוטוויליגע שקלאפין; איבער־טראגען פון איהם אלץ, אלץ, נאר אז ער זאל זיין מיט מיר, נאר אז איך זאל קוקען אויף איהם! דוכט זיך, אז זאל ער אפילו אנ'אנדערע ליע־בען, נאר אז דאס זאל זיין ביי מיר, אז איך זאל אויך זיין דערנע־בען... אזא נידריגקייט, וואניא? — האט זי פלוצלונג געפרעגט, קור־קענדיג אויף מיר מיט עפעס א פיעבערהאפטען, אנגעצונדענעם בליק. איין אויגענבליק האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז זי איז אין פיעבער, — דאס איז דאך א נידעריגקייט, אזעלכע פארלאנגען? וואס? איך זאג אליין, אז דאס איז א נידריגקייט, און אויב ער וועט מיך אוועקוואר־פען, וועל איך איהם נאכלויפען אויף עק וועלט, כאטש ער וועט מיך אבשטויסען און אוועקטרייבען. אט רעדסטו מיך איצטער צו, אז איך זאל מיך אומקעהרען; — און וואס וועט זיין דערפון? איך וועל מיך אומקעהרען און מארגען וועל איך ווידער אוועקגעהן, ער וועט מיר בעפעהלען — און איך וועל אוועקגעהן; ער וועט א פייף טהאן, מיך א רוף טהאן, ווי א הינטעל, און איך וועל איהם נאכלויפען... צרות! איך שרעק מיך ניט פאר קיין שום צרות פון איהם! איך וויל וויסען,

אַז איך לייד פון א י ה ם... אַך, דו וועסט דאָך דאָס ניט דערצעה־לען, וואַניאַ!

„און דער טאַטע, און די מאַמע?" האָב איך געטראַכט, זי האָט שוין אַזוי ווי פאַרגעסען אַן זיי.

— וועט ער מיט דיר גאָר נישט חתונה האָבען, נאַטאַשאַ?

— ער האָט צוגעזאָגט, אַלץ צוגעזאָגט. ער רופט דאָך מיך איצ־טער צוליעב דעם, אַז מיר זאָלען מאָרגען שטילערהייט חתונה האָבען הינטער דער שטאָט; ער ווייסט דאָך גאָר נישט וואָס ער טהוט. עס קען זיין, אַז ער ווייסט גאָרנישט ווי אַזוי מען דאַרף מאַכען א חתונה. און וואָס פאַר אַ מאַן איז ער! ס'איז דאָך כמעט א געלעכטער. און אַז ער וועט חתונה האָבען וועט ער זיין אומגליקליך, ער וועט אָנהויבען פאַרצעוואַרפען... איך וויל ניט, אַז ער זאָל מיר ווען עס איז וואָס עס איז פאַרוואַרפען. איך וועל איהם אַלץ אַוועקגעבען און ער מיר מעג גאָרנישט געבען. נו, וואָס, אויב ער וועט זיין אומגליקליך, ווען ער וועט חתונה האָבען, פאַרוואָסזשע זאָל איך איהם מאַכען אומגליקליך?

— ניין, דאָס איז עפּעס א צוטומלעניש, נאַטאַשאַ, — האָב איך געזאָגט. — וואָס זשע, געהסטו איצטער גלייך צו'ן איהם?

— ניין, ער האָט צוגעזאָגט צו קומען אהער, מיך נעמען; מיר האָבען זיך אָבגערעדט...

און זי האָט זשעדנע א קוק געטהאָן אין דער ווייט, נאָר ס'איז נאָך קיינער ניט געווען.

— און ער איז נאָך נישטאָ! און דו ביזט ד י ע ר ש ט ע געקומען! — האָב איך א געשריי געטהאָן מיט צאָרן. נאַטאַשאַ האָט זיך א וואַקעל געטהאָן ווי פון א שלאָג געטראָפען. איהר פּנים האָט זיך קרענקליך פאַרקרומט.

— עס קען זיין, אַז ער וועט אינגאַנצען ניט קומען, — האָט זי ארויסגערעדט מיט א ביטערען שמייכעל. — אייערנעכטען האָט ער געשריבען, אַז אויב איך וועל איהם ניט געבען מיין וואָרט צו קומען, מוז ער ניט ווילענדיג אָבלעגען זיין בעשלוס — צו פאָהרען און חתונה האָבען מיט מיר; און דער פאָטער וועט איהם אַוועקפיהרען צו דער כלה. אַזוי איינפאַך, אַזוי נאַטירליך האָט ער געשריבען, גלייך דאָס וואָלט גאָרנישט געווען. וואָס, אויב ער איז אויף אַן אמת אַוועקגע־פאָהרען צו'ן א י ה ר, וואַניאַ?

איך האָב ניט געענטפערט. זי האָט פּעסט א דריק געטהאָן מיין האנד און איהרע אויגען האָבען גענומען פינקלען.

— ער איז ביי איהר, — האָט זי קוים הערבאר ארויסגערעדט.— ער האָט געהאָפט, אז איך וועל ניט קומען אהער, אז ער זאָל פאָהרען צו'ן איהר, און דערנאָך זאָגען, אז ער איז גערעכט, אז ער האָט מיר פריהער געלאָזט וויסען און איך בין אליין ניט געקומען. איך בין איהם דערעסען, דערפאר שטעהט ער אָב... אוי, גאָט! איך בין א משוגענע! ער האָט דאָך מיר אליין דאָס לעצטע מאָל געזאָגט, אז איך בין איהם דערעסען... וואָסזשע ווארט איך!

— אָט איז ער! — האָב איך א געשריי געטהאָן, איהם פּלוצלונג דערזעהענדיג פון ווייטען אויפ'ן ברעג.

נאַטאַשאַ האָט אויפגעציטערט, א געשריי געטהאָן, זיך איינגע־קוקט אין אליאָשאַ'ן, וועלכער האָט זיך דערנעהנטערט, און פּלוצלונג, אוועקווארפענדיג מיין האנד, האָט זי זיך געלאָזט צו'ן איהם. ער האָט אויך געמאכט שנעלערע טריט, און אין א מינוט ארום איז זי שוין געוועזען אין זיינע אָרעמס. אויף דער גאַס איז, אויסער אונז, כמעט קיי־נער ניט געוועזען. זיי האָבען זיך געקושט, געלאַכט; נאַטאַשאַ האָט גע־לאַכט און געוויינט, אלץ צוזאַמען, גלייך זיי וואָלטען זיך צוזאַמענ־געטראָפען נאָך א שרעקליך לאַנגער צושיידונג. א פאַרב האָט פאַרגאָ־סען איהרע בלייכע באַקען; זי איז געוועזען ווי אויסער זיך... אליאָשאַ האָט מיך בעמערקט און איז גלייך צוגעגאַנגען צו מיר.

---

## ניינטער קאַפּיטעל.

איך האָב מיך גיעריג איינגעקוקט אין איהם, כאָטש איך האָב איהם שוין פיעל מאָל פאר דעם געזעהען; איך האָב אריינגעקוקט אין זיינע אויגען, גלייך זיין בליק וואָלט מיר געקענט ערקלעהרען אלץ וואָס איך האָב ניט פארשטאַנען, גלייך ער וואָלט מיר געקענט ער־קלעהרען: מיט וואָס, ווי אזוי האָט דאָס קינד זי געקענט פאר־

כשוף'ן, געקענט פארפלאנצען אין איהר אזא וואַנזיניגע ליעבע, — אַ ליעבע ביז צום פארגעסען דעם סאַמע ערשטען חוב, ביז צום זינ־לאָזען מקריב זיין אלץ, וואָס איז פאַר נאַטאַשאַ'ן ביז איצט געווזען די גרעסטע הייליגקייט? דער קניאַז האָט מיך אַנגענומען פאַרביידע הענד, האָט זיי פעסט גערריקט, און זיין בליק, א העלער און א שאַר־פער, איז דורכגעדרונגען אין מיין הארץ אריין.

איך האָב דערפיהלט, אז איך האָב געקענט מאַכען א טעות אין מיינע מיינונגען וועגען איהם, שוין דערפאַר אליין, וואָס ער איז געווען מיין שונא. יאָ, איך האָב איהם ניט ליעב געהאַט און איך בעדויער עס, איך האָב איהם קיינמאָל ניט געקענט ליעב בעקומען, — בלויז איך איינער, קען זיין, פון אלע, וואָס האָבען איהם געקענט. א סך אין איהם איז מיר פאַר'עקשנ'ט ניט געפעלען, אפילו זיין ציערליכע אוי־סערליכקייט און, קען זיין, טאַקע דערפאַר, ווייל זי איז שוין עפּעס געווזען צו ציערליך. צום סוף האָב איך פארשטאַנען, אז אויך אין דעם האָב איך געאורטיילט פּאַרטייאיש. ער איז געווען הויך, שלאַנק, דין; זיין פּנים איז געווען לענגליך, שטענדיג בלאַס; בלאָנדע האָר, גרויסע בלאָהע אויגען, בעשיידענע און פארטראַכטע, אין וועלכע עס האָט פּלוצלונג, ווי אַן אויפריים, געפינקעלט טיילמאָל די גוטהאַר־ציגסטע, די קינדישסטע פרעהליכקייט. זיינע ניט־גרויסע פולע טונקעל־רויטע ליפּען, וואָס זיינען געווען אויסגעצייכענט געשניצט, האָבען כמעט שטענדיג געהאַט עפּעס אַן ערנסטען קנייטש; אלץ אונערוואַר־טעטער און אלץ פאַר'כשופ'טער איז געווזען דער פּלעצליכער שמייכעל, וואָס האָט זיך בעוויזען אויף זיי, אזא נאַאיווער און אויפ־ריכטיגער, אז איהר אליין האָט באלד נאָך איהם, אין וואָס פאַר א שטימונג איהר זאָלט ניט געווען זיין, געפיהלט א באלדיגע נויטווענ־דיגקייט איהם אלס ענטפער, צו שמייכלען, פּונקט אזוי ווי ער. גע־קליידט האָט ער זיך ניט־געקינסטעלט, אָבער שטענדיג ציערליך; מען האָט געזעהען, אז עס האָט איהם ניט געקאָסט די מינדסטע מיה די גאַנצע ציערליכקייט אין אלעם, אז זי איז אין איהם געווען איינגע־בוירען. אמת, אז אין איהם זיינען אויך געווזען עטליכע ניט־גוטע גאַנגען, עטליכע שלעכטע געוואוינהייטען פון א גוטען טאָן: לייכטזין זעלבסטצופריעדענהייט, העפליכע חוצפּה. נאָר ער האָט געהאַט א צו־ליכטיגע און איינפאַכע נשמה און האָט אליין דער ערשטער אנער־

קענט אין זיך די געוואוינהייטען, האט זיי בעדויערט און געלאכט פון זיי. מיר דוכט זיך, אז דאס קינד וואלט קיינמאל, אפילו אין שפאס, ניט געקענט זאגען קיין ליגען, און אפילו ווען ער וואלט גע־זאגט א ליגען, וואלט ער, ווירקליך, אין דעם קיין שום שלעכטס ניט פארדעכטיגט. אפילו דער עגאאיזם איז עפעס געווען אין איהם אנ־ציהענד, טאקע דערפאר, קען זיין, ווייל ער איז געווען אפענהערציג, און ניט בעהאלטען. אין איהם איז קיין בעהאלטענעס ניט געווען מיט׳ן הארץ איז ער געווען שוואך, צוטרויאיג און שרעקעדיג; קיין ווילען האט ער אינגאנצען ניט געהאט. באליידיגען, אבנארען איהם וואלט געווען אי א זינד אי א רחמנות, פונקט אזוי ווי עס איז זינדיג אבצונארען און צו באליידיגען א קינד. ער איז געווען ניט לויט די יאהרען נאאיוו און האט כמעט גארנישט פארשטאנען אין ווירקליכען לעבען; איבריגענס, אפילו אין פערציג יאהר וואלט ער זיך, דוכט זיך, גארנישט דערוואוסט אין לעבען. אזעלכע מענשען זיינען ווי פאר־משפט אויף אייביגער מינדעריעהריגקייט. מיר דוכט זיך, עס וואלט זיך ניט געפונען קיין מענש, וואס וואלט איהם געקענט ניט ליעב בעק־קומען; ער וואלט זיך צוגעלאשטשעט צו׳ן אייך ווי א קינד. נאטאשא האט געזאגט דעם אמת: ער וואלט געקענט טהאן אפילו א שלעכטע זאך, ווען ער זאל זיין געצוואונגען דערצו דורך אימיצענס שטארקען איינפלוס; נאר, ווען ער זאל געוואהר ווערען די פאלגען פון זיין טהאט וואלט ער, דענק איך, געשטארבען פון חרטה. נאטאשא האט אינסטינקטיוו געפיהלט, אז זי וועט זיין זיין בעל־הבית׳טע, זיין הער־שערין; אז ער וועט אפילו זיין איהר קרבן. זי האט געפיהלט דעם זיסען טעם צו ליעבען אהן א זין און צו פייניגען ביז וועהטאג דעם, וועמען דו ליעבסט, טאקע דערפאר, ווייל דו ליעבסט און דערפאר, קען זיין, האט זי זיך געאיילט זיך איהם אבצוגעבען אלס קרבן די ערשטע.— אבער אין זיינע אויגען האט אויך געשיינט די ליעבע, און ער האט מיט בעגייסטערונג געקוקט אויף איהר. זי האט מיט טריאומף א קוק געטהאן אויף מיר. זי האט אין דעם אויגענבליק פארגעסען אלץ — אי די עלטערען, אי דאס געזעגענען זיך, אי די פארדאכטען... זי איז בעווען גליקליך.

— וואניא! — האט זי א געשריי געטהאן, — איך בין שולדיג געגען איהם און איך בין איהם ניט ווערט! איך האב געמיינט, אז דו

וועסט שוין ניט קומען, אליאָשאַ. פארגעס מיינע שלעכטע געדאנקען, וואַניאַ. איך וועל דאָס פארגלעטען! — האָט זי צוגעגעבען, קוקענדיג אויף איהם מיט אונענדליכער ליעבע. ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן, אַ קוש געטהאָן איהר האנד, און ניט ארויסלאָזענדיג איהר האנד, האָט ער געזאָגט, זיך ווענדענדיג צו מיר:

— בעשולדיגט מיך אויך ניט. שוין אזוי לאנג ווי איך האָב אייך געוואָלט ארומנעמען ווי אן אייגענעם ברודער; זי האָט דאָך מיר אזוי פיעל דערצעהלט וועגען אייך! מיר האָבען זיך ביז איצטער כמעט קוים דערקענט און עפּעס זיך ניט צונויפגעגאנגען. מיר וועלען זיין פריינד און... זייט אונז מוחל, — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ האלב קול און אביסעל רויט ווערענדיג, נאָר מיט אזא פּרעכטיגען שמייכעל, אז איך האָב ניט געקענט ניט ענטפּערען מיט'ן גאנצען הארצען אויף זיין בעגריסונג.

— יאַ, יאַ, אליאָשאַ, — האָט נאטאשאַ אונטערגעכאפּט, — ער איז אונזער ברודער, ער האָט אונז שוין מוחל געווען און אָהן איהם וועלען מיר ניט זיין גליקליך. איך האָב דיר שוין געזאָגט... אַך, שרעקליכע קינדער זיינען מיר, אליאָשאַ! אָבער מיר וועלען לעבען אין דרייען... וואַניאַ! — האָט זי ווייטער גערעדט און איהרע ליפּען האָבען געציטערט, — אָט וועסטו איצטער צוריקגעהן צו ז י י, אַהיים; דו האָסט אזא גאָלדען הארץ, אז כאָטש זיי וועלען מיר ניט פארגעבען, נאָר זעהענדיג, אז דו האָסט מיר שוין פארגעבען, וועלען זיי, קען זיין, ווערען אביסעל ווייכער צו מיר. דערצעהל זיי אלץ, אלץ, מיט ד י י נ ע ווערטער פון הארצען; געפין אזעלכע ווערטער... פארטיידיג מיך, ראַטעווע; גיב זיי איבער אלע אורזאכען, אלץ ווי דו האָסט אליין פארשטאַנען. ווייסטו, וואַניאַ, אז, קען זיין, איך וואָלט מיך ניט בעשלאָסען אויף ד ע ם, ווען איך וואָלט מיך היינט מיט דיר ניט צוזאמענגעטראָפען! דו ביזט מיין רעטונג: איך האָב באלד געהאָפט אויף דיר, אז דו וועסט עס זיי קענען אזוי איבערגעבען, אז, אַמוועניגסטענס אזוי צו זאָגען דעם ערשטען שרעק, וועסטו פאר זיי לייכטער מאכען. אוי, גאָט מיינער, גאָט!... זאָג זיי פון מיר, וואַניאַ, אז איך וויים, אז מוחל זיין מיר קען מען שוין איצטער ניט: וועלען זיי עס מיר מוחל זיין, וועט עס מיר גאָט ניט מוחל זיין; נאָר אז אויב זיי וועלען מיך פארשעלטען, וועל איך זיי דאָך בענשען און וועל בע־

מען גאָט פאר זיי דאָס גאנצע לעבען מיינס. — מיין גאנץ הארץ איז ביי זיי! אוי, פארוואָס זיינען מיר ניט אלע גליקליך! פארוואָס, פאר־וואָס!... גאָט! וואָס אזוינס האָב איך געטהאָן! — האָט זי פּלוצלונג אויסגעשריגען, ווי זי וואָלט צום שכל געקומען, און, ציטערענדיג איינ־גאנצען פון שרעק, זיך פארשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט. אליאָשא האָט זי ארומגענומען און זי שווייגענדיג פעסט צוגעדריקט צו זיך. עס זיינען פארביי עטליכע מינוט פון שווייגען.

— און איהר האָט געקענט פאָדערען אזא קרבן! — האָב איך געזאָגט, מיט פאָרוואורף קוקענדיג אויף איהם.

— בעשולדיגט מיך ניט, — האָט ער איבערגע׳חזר׳ט, — איך פארזיכער אייך, אז איצטער זיינען די אלע אומגליקען, כאָטש זיי זיי־נען זעהר שטאַרק, — בלויז אויף איין מינוט. איך בין אין דעם גענצ־ליך איבערצייגט. מען דארף נאָר פעסטקייט איבערצוטראָגען די מי־נוט; דאָס אייגענע האָט זי מיר אויך געזאָגט. איהר ווייסט, אין אלעם איז שולדיג די פאמיליען־שטאָלצקייט, די אבסאָלוט נישט־נוי־טיגע קריגעריייען מיט די געריכטליכע לאָדענישען!... אָבער... (איך האָב לאנג געטראכט וועגען דעם, איך פארזיכער אייך...) דאָס אלץ מוז אויפהערען. מיר וועלען זיך אלע ווידער פאראייניגען און דאַ־מאָלס וועלען מיר שוין זיין פאָלשטענדיג גליקליך, אזוי אז אפילו די אלטע לייט וועלען מאכען שלום, קוקענדיג אויף אונז. וואָס קען מען וויסען, קען זיין, אז גראָד אונזער חתונה וועט דיענען פאר אן אָנהויב צו זייער שלום! איך מיין, אז עס קען גאָר אנדערש ניט זיין. ווי מיינט איהר?

— איהר זאָגט: חתונה. ווען זשע דענקט איהר חתונה צו האָ־בען? — האָב איך געפרעגט, א קוק טהוענדיג אויף נאטאשא׳ן.

— מאָרגען אָדער איבערמאָרגען; העכסטענס איבערמאָרגען — זיכער. אָט זעהט איהר, אז איך ווייס נאָך אליין ניט גוט, און דעם אמת געזאָגט, האָב איך נאָך קיין זאך ניט איינגעאָרדענט. איך האָב געמיינט, אז נאטאשא, קען זיין, וועט נאָך היינט ניט קומען. דערצו האָט דער טאַטע אומבעדינגט געוואָלט מיך אוועקפיהרען היינט צו דער כלה (מען שדכנ׳ט דאך מיר א כלה; נאטאשא האָט אייך דער־צעהלט? און איך וויל ניט). נו, האָב איך נאָך ניט געקענט אויסרעכע־נען אלץ אויף זיכער. נאָר דאך וועלען מיר זיכער חתונה האָבען אי־

בערמאַרגען. מיר, אַמוועניגסטענס, ווייזט זיך אויס אזוי, ווייל מען קען דאָך ניט אנדערש. מאָרגען פאָהרען מיר ארויס מיט דער פּסקאָ־וועֶר באהן. ניט ווייט, אין א דאָרף האָב איך דאָ א חבר, א סטודענט, זעהר א גוטער מענש; איך וועל אייך, מעגליך, בעקענען דאָרט אין דאָרף איז שוין דאָ א גלח, און, איבריגענס, אויף זיכער ווייס איך ניט, צי עס איז דאָ צי ניט. מען האָט דאָס בעדאַרפט פריהער אויס־געפינען, נאָר איך האָב קיין צייט ניט געהאַט... אבער, אייגענטליך, אין אמת'ן, איז דאָס אַלץ קליינינקייטען. וואָלט נאָר געווען די הויפּטזאך. מען קען דאָך פון א דערבייאיגען דאָרף איינלאַדען א גלח; ווי מיינט איהר? — עס זיינען דאָך פאַרהאַן דאָרט דערפער אין שכנות! איינס איז נאָר א שאָד, וואָס איך האָב ביז איצטער ניט בעוויי־זען אָנצושרייבען אהין קיין איינציגע שורה; מען וואָלט בעדאַרפט לאָזען וויסען פריהער. אמת, מיין פריינד איז איצטער גאָר אין דער היים נישטאָ... אבער — דאָס איז די לעצטע זאך! וואָלט נאָר געווען ענטשלאָסענהייט, דאָס איבריגע וועט זיך שוין אַלץ אליין איינאָרדנען. ניט אמת? און דערווייל, ביז מאָרגען, צי אפילו ביז איבערמאָרגען, וועט זי פאַרברענגען דאָ מיט מיר. איך האָב געדונגען א בעזונדערע דירה, אין וועלכער מיר וועלען אויך וואוינען ווען מיר וועלען צוריק־קומען. איך וועל שוין ניט געהן וואוינען צום טאַטען, — ניט אמת? איהר וועט קומען צו'ן אונז; איך האָב מיך זעהר שעהן איינגעאָר־דענט. צו מיר וועלען קומען אונזערע סטודענטען; איך וועל איינפיה־רען אָווענדען...

איך האָב מיט ערשטוינונג און בענקשאַפט געקוקט אויף איהם. נאַטאַשאַ האָט מיך מיט א בליק געבעטען איהם ניט שטרענג צו משפּט'ן און צו זיין נענעדיגער. זי האָט געהערט זיינע טענות מיט א מין טרויריגען שמייכעל, און אין דער אייגענער צייט האָט זי זיך, ווי נעשפּינעלט אין איהם, פונקט אזוי ווי מען שפּיגעלט זיך אין א ליעב, פרעהליך קינד, ווען מען הערט זיין נאַרישע, נאָר ליעבע פּלאַפּלעריי. איך האָב מיט פאַרוואורף א קוק געטהאָן אויף איהר. מיר איז געוואָ־רען אונערטרעגליך שווער.

— אבער אייער פאָטער? — האָב איך געפרעגט, — צו זיינט איהר פעסט איבערצייגט ביי זיך, אז ער וועט אייך מוחל זיין?

— אומבעדינגט: וואָס וועט איהם בלייבען צו טהאָן? דאָס

הייסט, ער וועט, פארשטעהט זיך, מיך אין אַנהויב פארשעלטען; איך בין אפילו איבערצייגט אין דעם. ער איז שוין אזוי, און איז אזוי שטרענג מיט מיר. ער קען נאָך אמאָל זיך בעקלאָגען פאר אימעצען, בענוצען, מיט איין וואָרט, זיין פאטערליכע מאכט... אבער דאָס אלץ איז דאָך ניט ערנסט. ער האָט מיך שרעקליך ליעב; ער וועט אין כעס ווערען און וועט מיר מוחל זיין. דאמאָלס וועלען זיך אלע איבערבעטען און מיר וועלען אלע זיין גליקליך. איהר פאָטער אויך.

— און אויב ער וועט ניט מוחל זיין? צו האָט איהר א טראכט געטהאָן וועגען דעם?

— ער וועט אומבעדינגט מוחל זיין, נאָר, עס קען זיין, אז ניט אזוי גיך. נו, איז וואָס? איך וועל איהם בעווייזען, אז איך האָב אויך א כאראקטער. ער זידעלט מיך, אז איך האָב ניט קיין כאראקטער, אז איך בין לייכטזיניג. אָט וועט ער איצטער זעהן, צו בין איך לייכט־זיניג, צו ניט? ווערען א פאמיליען־מענש איז דאָך ניט קיין שפאס; איך וועל דאָך שוין דאמאָלס זיין ניט קיין אינגעלע... דאָס הייסט, איך האָב געוואָלט זאָגען, אז איך וועל זיין פונקט אזוי ווי אלע אנדערע... נו, פאמיליען־לייט. איך וועל לעבען פון מיין ארבייט: נאטאשא זאָגט, אז דאָס איז א סך בעסער, איידער לעבען אויף א פרעמדען חשבון, אזוי ווי מיר לעבען אלע. ווען איהר וואָלט נאָר געוואוסט, וויפיעל גוטע זאכען זי זאָגט מיר! איך וואָלט דאָס אליין קיינמאָל ניט אויסגע־טראכט; — ניט אזוי בין איך אויפגעוואקסען, ניט אזוי האָט מען מיך ערצויגען. אמת, איך ווייס אליין אויך, אז איך בין לייכטזיניג און טויג כמעט צו קיין זאך ניט; אָבער, ווייסט איהר, מיר איז אייער־נעכטען איינגעפאלען א וואונדערליכער געדאנק. איצט איז אפילו ניט די צייט, אבער איך וועל עס אייך דערצעהלען, ווייל נאטאשא דארף עס דאָך אויך הערען, און איהר וועט אונז געבען אן עצה. אָט זעהט איהר: איך וויל שרייבען ערצעהלונגען און זיי פארקויפען אין זשור־נאלען, פונקט אזוי ווי איהר. איהר וועט מיר ארויסהעלפען מיט די זשורנאליסטען, ניט אמת? איך האָב גערעכענט אויף אייך און נעכ־טען האָב איך א גאנצע נאכט בעטראכט א ראָמאן, אזוי, אויף א פראָ־בע, און איהר ווייסט: עס וואָלט געקענט ארויס א זעהר שעהנע זאך. די טעמע האָב איך גענומען פון סקריב׳ס א קאָמעדיע... אבער דאָס וועל איך אייך שפעטער דערצעהלען. די הויפטזאך מען וועט פאר איהם

בעצאָהלען געלד... אייך צאָהלט מען דאָך!

איך האָב ניט געקענט איינהאלטען מיין שמייכעל.

— איהר לאַכט, — האָט ער געזאָגט, שמייכלענדיג גלייך נאָך מיר. ניין, הערט, — האָט ער צוגעגעבען מיט אזא פשוט'קייט, וואָס איז ניט צום דערגרייכען, — קוקט ניט אויף מיר, וואָס איך זעה אויס אזוי; ווירקליך, איך האָב אויסערגעוועהנליך פיעל בעמערקונגס־פעהיגקייט; אָט וועט איהר אליין זעהען. פאַרוואָס־זשע זאָל איך ניט פּרובירען? אפשר וועט עפּעס ארויס... און איבריגענס, איהר זענט, דוכט זיך, געווען אין אונזער... איך ווייס דאָך גאַרנישט אינ'ם ווירקליכען לע־בען; אזוי זאָגט מיר נאַטאַשאַ אויך; דאָס זאָגען מיר, איבריגענס, אַלע; וואָס־זשע וועל איך זיין פאר א שרייבער? לאַכט, לאַכט, בע־סערט מיך אוים; איהר וועט דאָך דאָס טהאָן פאר איהר און איהר ליעבט דאָך זי. איך וועל אייך זאָגען דעם אמת: איך בין זי ניט ווערט; איך פיהל דאָס; דאָס איז מיר זעהר שווער, און איך ווייס ניט, פאַר־וואָס זי האָט עס מיך אזוי ליעב בעקומען? און איך וואָלט, דוכט זיך, דאָס גאַנצע לעבען פאר איהר אוועקגעגעבען! אמת, איך האָב ביז דער מינוט גאַרנישט קיין מורא געהאט, און איצטער האָב איך מורא: וואָס טראַכטען מיר! גאָט! מוז דען אין א מענשען, ווען ער איז אינ־גאנצען איבערגעגעבען צו זיין פליכט, פעהלען פעהיגקייט און פעסט־קייט אויסצופיהרען זיין פליכט? העלפט איהר אונז כאָטש, אונזער פריינד! איהר זענט דער איינציגער פריינד ביי אונז געבליבען. און וואָס פאַרשטעה איך דען איינער אליין! ענטשולדיגט, וואָס איך בע־רעכען אייך אזוי; איך האַלט אייך פאר א צו עהרליכען מענשען און פאר א פיעל בעסערען פון מיר. אבער איך וועל מיך אויסבעסערען, זייט זיכער, און איך וועל אייך ביידע ווערט זיין.

דאָ האָט ער מיר ווידער געדריקט די האנד, און אין זיינע וואונדערשעהנע אויגען האָט א בליץ געטהאָן א גוט, שעהן געפיהל. ער האָט מיר אזוי פאַרטרוייליך אויסגעשטרעקט די האנט, אזוי גע־גלויבט, אז איך בין איהם א פריינד!

— זי וועט מיר העלפען זיך אויסבעסערען, — האָט ער ווייי־טער גערעדט. — איהר, איבריגענס, דאַרפט ניט דענקען זעהר שלעכט, איהר דאַרפט אייך ניט צופיעל מצער זיין איבער אונז. איך האָב טראָץ אַלעם א סך האָפנונגען, און אין מאַטעריעלער בעציהונג וועלען

מיר זיין פאלשטענדיג פארזארגט. איך וועל, צומביישפיעל, אויב דער ראמאן וועט זיך ניט איינגעבען (איך האב, דעם אמת, שוין לאנג גע־טראכט, אז דער ראמאן איז א נארישקייט, און איצט האב איך נאר גלאט אזוי דערצעהלט וועגען איהם, כדי אויסצוהערען אייער בע־שלום), — אויב דער ראמאן וועט זיך ניט אייגעבען, קען איך דאך אין ערגסטען פאל געבען מוזיק־לעקציעס. איהר האט דאך ניט גע־וואוסט, אז איך קען מוזיק? איך שעהם מיך ניט צו לעבען אפילו פון אזא ארבייט. איך האב אין דעם פאל גאנץ נייע אידעען. און אויסער דעם האב איך א סך טייערע צאצקעס, טואלעט־זאכען; צו וואס זיי טויגען? איך וועל זיי פארקויפען און מיר וועלען, ווייסט איהר, א געוויסע צייט לעבען דערפון! און צום סוף, אין סאמע אויסערסטען פאל וועל איך, קען זיין, טאקע געהן דיענען. דעם אלטען וועט עס אפילו פרעהען; ער טרייבט מיך אלץ צו געהן דיענען, און איך גיב אלץ תירוצים, אז איך בין ניט געזונט. (איך בין שוין, איבריגענס, ער־געץ פארשריבען). און אזוי ווי ער וועט דערזעהען, אז די חתונה האט מיר געבראכט נוצען, אז זי האט מיך געסטאטקעוועט און אז איך האב שוין ווירקליך אנגעהויבען ארבייטען, — וועט ער זיך דערפרעהען און וועט מיר מוחל זיין...

— אבער, אלעקסעי פיעטראוויטש, צי האט איהר א טראכט גע־טהאן, וואס פאר א געשיכטע עס וועט ארויסקומען איצטער צווישען אייער פאטער און איהר פאטער? ווי דענקט איהר, וואס וועט היינט אוונד זיין ביי זיי אין הויז?

און איך האב איהם אנגעוויזען אויף נאטאשא'ן, וועלכע איז טויט בלייך געווארען פון מיינע ווערטער. איך בין געווען אומ־ברחמנות'דיג.

— יא, יא, איהר זענט גערעכט, דאס איז שרעקליך! — האט ער גענטפערט, — איך האב שוין געטראכט וועגען דעם און שטארק געליטען... אבער וואס קען מען טהאן? איהר זענט גערעכט: ווען איהרע עלטערען וואלטען אונז באטש מוחל געווען. און ווי ליעב איך האב זיי ביידען, ווען איהר וואלט געוואוסט! זיי זיינען דאך מיר אלצאיינס, ווי אייגענע, און אט מיט וואס איך צאהל זיי!... אך, די קריגערייען, די פראצעסען! איהר וועט ניט גלויבען, ווי דאס איז אונז איצטער אונאנגענעהם! און פאר וואס קריגען זיי זיך! אלע

האָבען מיר אזוי ליעב איינער דעם אנדערען, און מיר קריעגען זיך! וואָלטען מיר זיך איבערגעבעטען און א מעשה מיט א סוף! ווירקליך, איך וואָלט אזוי געטהאָן אויף זייער אָרט... מיר איז שרעקליך פון איי־ערע ווערטער. נאטאשא, דאָס איז א שרעק, וואָס מיר ביידע טהאָן אָב! איך האָב דאָס שוין לאנג געזאָגט... דו שטעהסט אליין צו... אבער הערט, איוואן פּיעטראָוויטש, אפשר וועט זיך דאָס אלץ אויסדרעהען צום גוטען; ווי מיינט איהר? זיי וועלען זיך דאָך איבערבעטען, אמאָל! מיר וועלען זיי איבערבעטען. אזוי איז עס, דאָס איז אומבעדינגט; זיי וועלען ניט ביישטעהן געגען אונזער ליעבע... זאָלען זיי אונז פאר־שעלטען, און מיר וועלען זיי דאָך ליעב האָבען; זיי וועלען עס ניט קענען ביישטעהן. איהר וועט ניט גלויבען, וואָס פאר א גוט הארץ מיין אלטער האָט טיילמאָל! ער קוקט דאָך נאָר גלאָט אזוי פון היני־טער'ן שטערען, אבער אין אנדערע פאלען איז ער דאָך גאָר גאָר א פארשטענדיגער מענש. ווען איהר וואָלט געוואוסט, ווי ווייך ער האָט היינט גערעדט מיט מיר, מיך איבערצייגט, און איך געה דאָך גאָר היינט געגען איהם; דאָס טהוט מיר זעהר וועה. און אלץ צוליעב די שלעכטע פאָראורטיילען! איינפאך — משוגעת! נו, וואָס, ווען ער וואָלט אויף איהר א קוק געטהאָן און וואָלט פארבליבען מיט איהר כאָטש א האלבע שעה? ער וואָלט דאָך אונז גלייך אלץ ערלויבט. — רעדענדיג דאָס, האָט אליאָשא צערטליך און ליידענשאפטליך א קוק געטהאָן אויף נאטאשא'ן.

— איך האָב מיר טויזענד מאָל מיט נחת פאָרגעשטעלט, — האָט ער פאָרטגעזעצט זיין פּלאפּלעריי, — ווי ליעב ער וועט זי בעקומען, ווען ער וועט זי דערקענען, און ווי זי וועט זיי אלע ערשטוינען. זיי האָבען דאָך אלע קיינמאָל ניט געזעהען אזא מיידעל! דער טאַטע איז איבערצייגט, אז זי איז איינפאך עפּעס אן אינטריגאנטקע. איך מוז אויפשטעלען איהר כבוד און איך וועל עס טהאָן! אוי, נאטאשא! אלע וועלען דיך ליעב בעקומען, אלע; עס איז נישטאָ אזא מענש, וואָס זאָל דיך קענען ניט ליעב האָבען, — האָט ער צוגעגעבען מיט בעגייסטער־רונג. — כאָטש איך בין דיך אינגאנצען ניט ווערט, נאָר דו האָב מיך ליעב, נאטאשא, און איך וועל שוין... די קענסט דאָך מיך! און א סך דארפען מיר דען פאר אונזער גליק! ניין, איך גלויב, אז דער אָווענד דארף אונז אלע ברענגען אי גליק, אי שלום, אי איינשטימונג! גע־

בענשט זאָל זיין דער אָוונד! יאַ, נאַטאַשאַ? אָבער וואָס איז מיט דיר? גאָט מיינער, וואָס איז מיט דיר?

זי איז געווען בלייך ווי א טויטע. די גאַנצע צייט וואָס אַליאָשאַ האָט גערעדט אין דער וועלט אריין, האָט זי אויפמערקזאַם געקוקט אויף איהם; נאָר איהר בליק איז געוואָרען אַלץ נעבעלדיגער און אומבעוועגליכער, דאָס פּנים אַלץ בלייכער און בלייכער. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זי האָט צום סוף, שוין ניט געהערט, נאָר זי איז געווען אין עפּעס א פאַרגעסענהייט. אַליאָשאַ'ס אויסרוף האָט זי אַזוי ווי פּלוצלונג אויפגעוועקט. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, זיך אומגעקוקט און פּלוצלונג — זיך געוואָרפען צו מיר. שנעל, ווי זי וואָלט זיך געאיילט און זי וואָלט זיך אויסבעהאַלטען פון אַליאָשאַ'ן, האָט זי ארויסגענומען פון קעשענע א בריעף און איהם מיר דערלאַנגט. דער בריעף איז געווען צו די אַלטע לייט און אָנגעשריבען נאָך מיט א טאָג פריהער. אָבגעבענדיג איהם מיר, האָט זי פאַר'עקשנ'ט געקוקט אויף מיר, ווי זי וואָלט זיך צוגעשמיעדט צו מיר מיט איהר בליק. אין דעם דאָזיגען בליק איז געווען פאַרצווייפלונג; איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען דעם שרעקליכען בליק. א שרעק האָט מיך ארומגעכאַפּט; איך האָב געזעהען, אַז נאָר איצטער האָט זי ערשט דערפיהלט די גאַנצע שרעקליכקייט פון איהר שריט. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט מיר עפּעס צו זאָגען; זי האָט אפילו אָנגעהויבען צו רעדען, און איז פּלוצלינג געפאַלען אין חלשות. איך האָב בעוויזען זי אונטערצוכאַפּען. אַליאָשאַ איז בלאַס געוואָרען פון שרעק; ער האָט איהר געריבען די שלייפען, געקושט די הענט, די ליפּען. אין א צוויי מינוט ארום האָט זי אויפגעוואַכט. ניט ווייט איז געשטאַנען די דראָשקע, אין וועלכער אַליאָשאַ איז געקומען צופאָהרען; ער האָט זי צוגערופען. אריינזעצענדיג זיך אין דער דראָשקע האָט נאַטאַשאַ, ווי א וואַנזיניגע אָנגעכאַפּט מיין האַנט און א הייסע, קליינע טרעהר האָט א בריה געטהאָן מיינע פינגער. די דראָשקע האָט זיך א ריהר געטהאָן. איך בין נאָך לאַנג געשטאַנען אויפ'ן אָרט, בעגלייטענדיג זי מיט די אויגען. דאָס גאַנצע גליק מיינס איז פאַרלוירען געגאַנגען אין דער מינוט, און דאָס לעבען האָט זיך איבערגעבראָכען אין צוויי. איך האָב דאָס וועהטאָגליך דערפיהלט... פּאַמעליך בין איך געגאַנגען צוריק, מיט'ן פריהריגען וועג, צו די אַלטע. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס איך וועל זיי זאָגען, ווי אַזוי איך וועל

אריינגעהן צו זיי. מיינע געדאנקען זיינען אָבגעשטאָרבען, די פים האָ־בען זיך אונטערגעהאקט...

און אָט איז די גאנצע געשיכטע פון מיין גליק; אזוי האָט זיך געענדיגט און אזוי האָט זיך פותר געווען מיין ליעבע. איך וועל אצינד פאָרטזעצען די איבערגעריסענע דערצעהלונג.

---

## צעהנטער קאַפּיטעל.

א טאָג פינף נאָך סמיט'ס טויט האָב איך מיך איבערגעצויגען אין זיין דירה. יענעם גאנצען טאָג איז מיר געוועזען אונערטרעגליך טרויריג. דאָס וועטער איז געווען פאסקודנע און קאלט; עס איז גע־גאנגען א נאסער שניי, צוזאמען מיט א רעגען. נאָר אָוועגד־צו האָט אויף איין אויגענבליק ארויסגעקוקט די זון און עפּעס א פארבלאָנ־דזשעטער שטראַל, הפּנים אויס נייגעריגקייט, האָט אריינגעבליקט אויך אין מיין צימער. איך האָב אָנגעהויבען חרטה האָבען, וואָס איך האָב מיך איבערגעצויגען אהער. דאָס צימער איז, איבריגענס, געווען גרויס, נאָר אזוי נידריג, פארויכערט פארשטיקט און אזוי אונאנגענעהם לע־דיג, ניט קוקענדיג אויף דעם ביסעל מעבעל. טאקע דאמאָלס האָב איך א טראכט געטהאָן אז איך וועל אין דער דירה אוועק'פּטר'ן מיין לעצט ביסעל געזונד אזוי איז עס טאקע געשעהען.

יענעם גאנצען אין־דער־פריה האָב איך מיך ארומגעפיהרט מיט מיינע פּאַפּירען, צונעמענדיג זיי און ברענגענדיג זיי אין אָרדנונג. דער־פאר וואָס איך האָב ניט געהאט קיין פּאָרטפעל, האָב איך זיי איבער־געפיהרט אין א ציכעל; דאָס אלץ האָט זיך צוקנייטשט און איבער־געמישט. דערנאָך האָב איך מיך געזעצט שרייבען. איך האָב נאָך אלץ געשריבען דאמאָלס מיין גרויסען ראָמאן, אבער די ארבייט איז מיר ווידער ארויסגעפאלען פון די הענט; ניט מיט דעם איז פול געווען דער קאָפּ...

איך האָב אװעקגעװאָרפען די פעדער און מיך געזעצט בײם פענסטער. ס'איז טונקעל געװאָרען, און מיר איז געװאָרען אַלץ טרויריגער און טרויריגער. פאַרשיעדענע שװערע געדאַנקען האָבען מיך באַלאַנגערט. עס האָט זיך מיר אַלץ אויסגעװיזען, אַז אין פּעטערבורג װעל איך, צום סוף, פאַרלירען װערען. דער פריהלינג האָט זיך דערנעהנטערט; איך װאָלט דאָך אַזוי אויפגעלעבט, דוכט זיך, האָב איך געטראַכט, זיך אַרויסרײסענדיג פון דער קליפּה אויף גאָט'ס װעלט, אָטעמענדיג מיט דעם ריח פון פרישע פעלדער און װעלדער, און איך האָב זײ שוין אַזוי לאַנג ניט געזעהען!... — איך געדענק, עס איז מיר אויך געקומען אויפ'ן געדאַנק: װי גוט עס װאָלט געװעזען, װען איך זאָל, דורך עפּעס אַ כשוף אָדער דורך אַ נס, פאַרגעסען אַלץ, װאָס איז געװעזען, װאָס איך האָב איבערגעלעבט אין די לעצטע יאָהרען; פאַרגעסען אַלץ, אָבפרישען דעם קאָפּ און װיעדער אָנהויבען מיט נײע כחות. דאַמאָלס האָב איך נאָך גע'חלומ'ט װעגען דעם און געהאָפט אויף אַ תחית המתים. — „כאָטש אפילו אין אַ משוגעים־הויז אַרײנגעהן“, האָב איך בעשלאָסען צום סוף, „אַז דער גאַנצער מח זאָל זיך װי עס איז איבערקעהרען אין קאָפּ און זאָל זיך צולײגען אויפסנײ, און דערנאָך זיך װיעדער אויסהײלען.“ עס איז דאָך געװען אַ דורשט נאָך לעבען און אַ גלויבען דערין!... נאָר איך געדענק, אַז איך האָב מיך באַלד דאַמאָלס צולאַכט. „װאָס־זשע װאָלט מיר אויסגעקומען צו טהאָן נאָכ'ן משוגעים־הויז? אפשר װיעדער שרײבען ראָמאַנען?...“

אַזוי האָב איך גע'חלומ'ט און געפּײניגט זיך, און דערװײל איז די צײט אװעקגעגאַנגען. די נאַכט איז אָנגעקומען. יענעם אָװענד האָב איך געהאַט אָבגערעדט צו זעהן זיך מיט נאַטאַשאַ'ן; זי האָט מיך פעסט גערופען צו זיך דורך אַ צעטעלע נאָך מיט אַ טאָג פריהער. איך בין אויפגעשפּרונגען און מיך גענומען צוגרײטען. מיר האָט זיך שוין אָהן דעם געװאָלט אַרויסרײסען פון שטוב, כאָטש װאוהין־עס־איז, כאָטש אין אַ רעגען, אין אַ בלאָטע. װאָס שטאַרקער די פינסטערניש איז צוגעפאַלען, אַלץ גערוימער איז עפּעס געװאָרען מײן צימער, גלײך עס װאָלט זיך אַלץ מעהר און מעהר פאַרברײטערט. מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז איך װעל יעדע נאַכט אין יעדען װינקעל זעהען סמית'ן: ער װעט זיצען און קוקען אויף מיר אומבעװעגליך, אַזוי װי אין אַדאַם איװאַנאָװיטש'עס קאָנדיטאָרײ, און בײ זײנע פיס װעט

ליגעו אזאַרקאַ. און אַט אין דעם אויגענבליק איז מיט מיר געשעהען א פאַל, וואָס האָט מיך שטארק איבעראַשט.

איבריגענס, מען דאַרף זיך אין אַלעם מודה זיין אָפענהערציג: צו פון די צושטרייטע נערוועו, צו פון די נייע איינדרוקען אין דער נייער דירה, צו פון דער קירצליכער מרה שחורה, נאָר איך האָב ביסלעכווייז און שטופענווייז, פון סאמע אָנהויב פארנאכט, אָנגעהויבען אריינצופאלען אין יענעם נשמה־צושטאַנד, וועלכער קומט אזוי אָפט צו מיר איצטער אין מיין קראַנקהייט דורך די נעכט, און וועלכען איך רוף דער מ י ס ט י ש ע ר שרעק. דאָס איז דער שווערסטער און פייניגענדסטער שרעק פאר עפּעס, וואָס איך קען אליין ניט בעשטימען, פאר עפּעס אונדערגרייכבארעס, וואָס עקזיסטירט גאָרנישט אין דעם געוועהנליכען גאַנג פון זאכען, נאָר וואָס עס וועט אומבעדינגט, קען זיין, די מינוט זיך פארווירקליכען, אזוי ווי חוזק צו מאכען פון'ם פארשטאַנד, עס וועט קומען צו מיר און וועט זיך שטעלען אנטקעגען מיר ווי אַן אונווידערשטעהליכער פאקט, א שרעקליכער, א העסליכער און אומ'ברחמנות'דיגער. דער דאָזיגער שרעק וואַקסט געוועהנליך אַלץ שטארקער און שטארקער, ניט קוקענדיג אויף קיין באווייזען פונ'ם פארשטאַנד, אזוי, אז ענדליך, דער פארשטאַנד, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער נעמט פיליכט אָן אין די מינוטען נאָך א גרעסערע קלאָהרקייט, פארלירט אָבער דאָך יעדע מעגליכקייט אנטקעגען צו ווירקען די עמפּפינדונגען. זיי פאָלגען איהם ניט, ער ווערט אונגוצליך, און די צושפּאַלטונג פארשטארקט נאָך מעהר די שרעקענדיגע בענקשאפט פון ערוואַרטונג. מיר דוכט זיך, אז אזוי איז טיילווייז די בענקשאפט פון מענשען, וואָס שרעקען זיך פאר טויטע. נאָר אין מיין בענקשאפט פארשטארקט די אומבעשטימטקייט פון געפאהר נאָך מעהר די פּיין.

איך געדענק, איך בין געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו דער טהיר און האָב גענומען דעם הוט פון טיש, און פּלוצלונג, אין דעם איינענעם אויגענבליק איז מיר געקומען אויפ'ן געדאַנק, אז ווען איך וועל מיך צוריק אומדרעהען, וועל איך אומבעדינגט דערזעהען סמיט'ן: צונ'ערשט וועט ער שטיל עפענען די טהיר, וועט בלייבען שטעהן אויף דער שוועל און בעקוקען דאָס צימער; דערנאָך וועט ער שטיל, איינבייגענדיג דעם קאָפּ, אריינגעהן, וועט זיך שטעלען אנטקעגען מיר,

וועט זיך אַנשטעלען אויף מיר מיט זיינע גרויסע נעבעלדיגע אויגען און וועט זיך מיר פלוצלונג צולאכען גלייך אין די אויגען אריין מיט א לאַנגען אַהנציינערדיגען און אומגעהערטען געלעכטער און זיין גאַנ־צער קערפער וועט זיך צעוויעגען און זיך לאַנג וויעגען פון דעם דאָזי־גען געלעכטער. אַט דאָס דאָזיגע גאַנצע געשפענסט האָט זיך פּלוצלונג קלאַר און דייטליך אויסגעמאָהלען אין מיין פאַרשטעלונג, און צוזאַ־מען מיט דעם האָט זיך אין מיר פלוצלונג פארזעצט די פאַלשטענדיגס־טע, די אונווידערשטעהליכסטע איבערציינונג, אז אלץ וועט אומבע־דינגט, אונפארמיידליך געשעהען, אז דאָס איז שוין געשעהען, נאַר איך זעה ניט, דערפאר ווייל איך שטעה מיט'ן הינטען צו דער טהיר, און אז טאקע אין דעם אייגענעם אויגענבליק, קען זיין, עפענט זיך שוין די טהיר. איך האָב מיך האסטיג אומגעקוקט, און וואָס? די טהיר האָט זיך ווירקליך געעפענט שטיל, אומגעהערט, פונקט אזוי, ווי מיר האָט זיך פאַרגעשטעלט מיט א מינוט צוריק. איך האָב א געשריי גע־טהאָן. א לאַנגע צייט האָט זיך קיינער ניט בעוויזען, גלייך די טהיר וואָלט זיך אליין געעפענט; פּלוצלונג האָט זיך אויפ'ן שוועל בעוויזען עפּעס א מאָדנע בעשעפעניש; אימיצענס אויגען, אויף וויפיעל איך האָב געקענט אונטערשיידען אין דער פינסטער, האָבען מיך אויפמערק־זאם און עקשנות'דיג בעקוקט. א קעלט איז איבערגעלאָפען אלע מיינע אברים. צו מיין גרעסטען שרעק האָב איך דערזעהען, אז דאָס איז א קינד, א מיידעלע, און ווען דאָס וואָלט אפילו געוועזען סמיט אליין, וואָלט אפילו ער, קען זיין, מיך ניט אזוי איבערגעשראָקען, ווי די מאָד־נע, אונערוואַרטע ערשיינונג פון דעם אומבעקאנטען קינד אין מיין צימער, אין אזא שעה און אין אזא צייט.

איך האָב שוין געזאָגט, אז די טהיר האָט זיך געעפענט אזוי שטיל און פאַמעליך, ווי זי וואָלט מורא געהאט אריינצוגעהן. ווען זי האָט זיך בעוויזען איז זי געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל און האָט לאַנג געקוקט אויף מיר מיט ערשטוינונג, וואָס איז דערגאַנגען ביז פארגליווערט־קייט; צום סוף האָט זי שטיל, פאַמעליך, געמאַכט צוויי שריט פאָר־אויס און איז געבליבען שטעהן פאַר מיר, נאָך אלץ ניט רעדענדיג קיין וואָרט. איך האָב זי בעטראַכט נעהנטער. דאָס איז געווען א מיידעלע פון א יאָהר צוועלף אָדער דרייצעהן, פון קליינעם וואוקס, א דאַרע, א בלייכע. גלייך זי וואָלט נאַרוואָס אויפגעשטאַנען פון א גרויזאַמער

קרענק. אַלע קלאָרער האָבען געפינקעלט איהרע גרויסע, שוואַרצע אויגען. מיט דער לינקער האַנט האָט זי צוגעהאַלטען אַן אַלט, לעבערדיג טיכעל, מיט וועלכען זי האָט צוגעדעקט איהר ברוסט, וואָס האָט נאָך געציטערט פון דער אָווענד־קעלט. דאָס אַנטהאָן אויף איהר האָט מען געקענט פאַלשטענדיג אָנרופען שמאַטעס; די געדיכטע שוואַרצע האָר זיינען געווען ניט צוגעלעגט און צופּאַדעלט. מיר זיינען אַזוי געשטאַנען אַ מינוט צוויי, אָנקוקענדיג מיט עקשנות איינער דעם צווייטען.

— וואו איז דער זיידעשי? — האָט זי ענדליך געפרעגט מיט אַ קוים־געהערטען און הייזעריגען קול, גלייך די ברוסט אָדער דער האַלז וואָלט איהר וועה געטהאָן.

מיין גאַנצער מיסטישער שרעק איז פון מיר אַראָבגעשפּרונגען ביי דער פראַגע. מען האָט געפרעגט אויף סמיט'ן; אונערוואַרט האָבען זיך בעוויזען זיינע שפּורען.

— דיין זיידעשי? ער איז דאָך שוין געשטאָרבען! — האָב איך פּלוצלונג געזאָגט, זיך איינגאַנצען ניט פּאַרברייטענדיג צו ענטפערען אויף איהר פראַגע, און האָב באַלד חרטה געהאַט. אונגעפעהר אַ מינוט איז זי געשטאַנען אַזוי ווי פריהער און פּלוצלונג האָט זי איינגאַנצען גענומען ציטערען, אָבער אַזוי שטאַרק, אַזוי ווי עס וואָלט זיך פאַרגעברייט אין איהר עפּעס אַ געפעהרליכער נערוועזער צוזאַמענברוך. איך האָב מיך שוין אַ כאַפּ געטהאָן זי אונטערצוהאַלטען, זי זאָל ניט אומפאַלען. אין עטליכע מינוט אַרום איז איהר געוואָרען בעסער און איך האָב קלאָר געזעהען, אַז זי בענוצט איבער זיך אומנאַטירליכע אָנשטרענגונגען, בעהאַלטענדיג פון מיר איהר אויפרעגונג.

— זיי מוחל, זיי מיר מוחל, מיידעלע! זיי מוחל, קינד מיינס! — האָב איך גערעדט: — איך האָב דיר אַזוי פּלוצלונג געלאָזט וויסען, און קען זיין, אַז עס איז נאָך ניט דאָס... אָרעם קינד!... וועמען זוכסטו? דעם אַלטען, וואָס האָט דאָ געוואוינט?

— יאָ, — האָט זי אַרויסגעמורמעלט מיט אָנשטרענגונג און קוקענדיג אויף מיר מיט אונרוהיגקייט.

— זיין פאַמיליען־נאָמען איז געווען סמיט? יאָ?

— י־יאָ!

— נו, איז ער... נו יאָ, דאַן איז ער עס טאַקע געשטאָרבען... נאָר

דו זאָרג דיך ניט, פייגעלע מיינס. פאַרוואָסזשע ביזטו ניט געקומען? פון וואַנען קומסטו איצט? איהם האָט מען נעכטען בעגראָבען; ער איז געשטאָרבען פּלוצלונג, מיט א געשווינדען טויט... ביזטו עס זיין אייניקעל?

דאָס מיידעלע האָט ניט געענטפערט אויף מיינע געשווינדע און ניט אין אָרדנונג געשטעלטע פראַגען. שווייגענדיג האָט זי זיך אומגעדרעהט און איז שטיל ארויס פון שטוב. איך בין געוועזן אזוי איבעראַשט, אז איך האָב זי שוין ניט אָבגעהאַלטען און זי מעהר ניט אויסגעפרעגט. זי האָט זיך נאָכאַמאָל אָבגעשטעלט אויפ'ן שוועל, זיך האַלב אויסגעדרעהט צו מיר און געפרעגט:

— אַזאַרקאַ איז אויך געשטאָרבען?

— יאָ, און אַזאַרקאַ איז אויך געשטאָרבען, — האָב איך געענטפערט און מיר האָט זיך אויסגעוויזען מאָדנע איהר פראַגע: גלייך זי וואָלט אויך געוועזן איבערצייגט, אז אַזאַרקאַ האָט אומבעדינגט געמוזט שטאַרבען צוזאַמען מיט דעם אַלטען.

אויסהערענדיג מיין ענטפער, איז דאָס מיידעלע שטיל ארויס פון שטוב, פאַרמאַכענדיג פאָרזיכטיג די טהיר הינטער זיך.

אין א מינוט ארום בין איך ארויסגעלאָפען זיך נאָכיאָגען נאָך איהר, האָבענדיג א שרעקליכען פאַרדרוס, וואָס איך האָב זי געלאָזט אוועקגעהן! זי איז אזוי שטיל ארויסגעגאַנגען, אז איך האָב ניט געהערט, ווי זי האָט געעפענט די צווייטע טהיר צו די שטיגען. פון די שטיגען האָט זי נאָך ניט קיין צייט געהאַט אראָבצוגעהן, — האָב איך געטראַכט, — און בין געבליבען שטעהן אין הויז זיך צוצוהערען. נאָר אַלץ איז געווען שטיל, און מען האָט ניט געהערט קיינעם'ס טריט. עס האָט נאָר א קלאַפּ געטהאָן ערגיץ א טהיר אין אַנ'אונטערשטען שטאָק און אַלץ איז ווידער שטיל געוואָרען.

איך האָב גענומען געשווינד אראָבגעהן אונטען. די שטיגענען זיינען פון מיין דירה אָן, פון פינפטען שטאָק ביז'ן פערטען, געגאַנגען געדרעהט ווי א שרויף; נאָר פון פערטען האָבען זיי זיך אָנגעהויבען גלייך. דאָס זיינען געווען שמוציגע, שוואַרצע און שטענדיג פינסטערע שטיגען, פון די, וואָס טרעפען זיך געוועהנליך אין די גרויסע הייזער מיט קליינע דירות. אין דער מינוט איז שוין דאָרט געווען אינגאַנצען פינסטער. טאַפּענדיג בין איך אראָבגעגאַנגען פון פערטען שטאָק,

בין געבליבען שטעהן און פּלוצלונג האָט עס מיך ווי אונטערגעשטוי־
סען, אז דאָ אין הויז איז אימיצער געוועזען און האָט זיך אויסבעהאל־
טען פון מיר. איך האָב גענומען ארומטאַפּען מיט די הענד: דאָס מיי־
דעלע איז דאָ געוועזען, אין סאַמע ווינקעל און, אומגעדרעהט מיט'ן
פּנים צו דער וואנד, האָט זי שטיל און אומגעהערט געוויינט.

— הער, וואָס זשע האָסטו מורא? — האָב איך אָנגעהויבען.— איך האָב דיך אזוי איבערגעשראָקען; איך בין שולדיג. דער זיידע, ווען ער איז געשטאָרבען, האָט גערעדט וועגען דיר; דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער... ביי מיר זיינען נאָך ביכער געבליבען; געווים דיינע. ווי רופט מען דיך? וואו וואוינסטו? ער האָט געזאָגט, אז אין דער זעקסטער ליניע...

נאָר איך האָב ניט דערענדיגט. זי האָט א געשריי געטהאָן מיט שרעק, ווי דערפון, וואָס איך וויים, וואו זי וואוינט, האָט מיך אבגע־שטופּט מיט איהר דארינקער, ביינערדיגער האנט און זיך א לאָז גע־טהאָן אראָב פון די שטיעגען. איך נאָך איהר; איך האָב נאָך געהערט איהרע טריט אונטען. פּלוצלונג האָבען זיי אויפגעהערט... ווען איך בין ארויסגעשפּרונגען אויף דער גאס איז זי שוין ניט געווען. אבלוי־פענדיג ביז'ן וואָזנעסענסקי פּראָספּעקט, האָב איך דערזעהען, אז מיין זוכען איז אומזיסט: זי איז פארשוואונדען. — „זי האָט זיך מן הסתם ערגיץ בעהאַלטען פון מיר, — האָב איך געטראכט, — ווען זי איז נאָך אראָבגעגאנגען פון די שטיעגען.“

---

## עלפטער קאַפּיטעל.

נאָר ווי איך האָב נאָר ארויפגעטרעטען אויפ'ן שמוציגען, נאַסען טראָטואר פונ'ם פּראָספּעקט, האָב איך מיך פּלוצלונג אָנגעשטויסען מיט א פאַרבייגעהער, וועלכער איז געגאנגען, ווייזט אויס, טיעף פאר־טראכט, איינגעבויגען דעם קאָפּ, שנעל און איילענדיג זיך ערגיץ. צו מיין גרעסטער ערשטוינונג האָב איך דערקענט דעם אלטען איכמעניעוו.

דאָס איז געווען פאַר מיר אַנ׳אָווענד פון אונערוואַרטעטע בעגעגעני־שען. איך האָב געוואוסט, אַז מיט אַ טאָג דריי צוריק איז דער אַלטער געווען שטאַרק קראַנק, און פּלוצלינג טרעף איך איהם אין אַזאַ פייכ־טען וועטער אויף דער גאַס. דערצו פלעגט ער פריהער קיינמאָל ניט ארויסגעהן אָווענדצייט, און פון דער צייט, וואָס נאַטאַשאַ איז אַוועק, דאָס הייסט, שוין כמעט אַ האַלב יאָהר, איז ער געוואָרען אַן אמת׳ער היימזיצער. ער האָט זיך עפּעס ניט ווי געוועהנליך דערפרעהט מיט מיר, אַזוי ווי אַ מענש, וואָס האָט ענדליך געפונען אַ פריינד, מיט וועלכען ער קען טיילען זיינע געדאַנקען, האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנד, זי פעסט געדריקט און, ניט פרעגענדיג וואוהין איך געה, מיך מיט־געשלעפּט מיט זיך. ער איז געווען פון עפּעס צורודערט, אייליג און האַסטיג. „וואוהין זשע געהט ער דאָס?“ — האָב איך געטראַכט ביי זיך. פרעגען איהם איז געווען איבריג; ער איז געוואָרען שרעקליך צווייפעלדיג און טיילמאָל האָט ער אין דער אייגפאַכסטער פראַגע אָדער בעמערקונג געזעהען אַ באַליידיגענדע אַנצוהערעניש, אַ באַ־ליידיגונג.

איך האָב איהם אָנגעקוקט פון דער זייט: דאָס פּנים איז ביי איהם געווען קראַנק; די לעצטע צייט איז ער זעהר דאַר געוואָרען; זיין באָרד איז שוין געווען פון אַ וואָך ניט געגאָלט. די האָר, וואָס זיי־נען שוין אינגאַנצען גראָה געוואָרען, האָבען אין אונאָרדנונג ארויסגע־שטעקט פון אונטער דעם צוקנייטשטען קאַפּעלוש און זענען זיינע ווי לאַנגע צעפּ געלעגען אויפ׳ן קאָלנער פון זיין אַלטען, אָבגעטראָגענעם מאַנטעל. איך האָב שוין פריהער בעמערקט, אַז אין געוויסע מינוטען האָט ער זיך ווי פאַרגעסען; האָט פאַרגעסען, צומביישפּיעל, אַז ער איז ניט אַליין אין צימער, האָט גערעדט מיט זיך אַליין, געסטיקולירט מיט די הענט. עס איז געווען שווער צו קוקען אויף איהם.

— נו וואָס, וואַניאַ, וואָס? — האָט ער אָנגעהויבען רעדען.— וואוהין ביזטו געגאַנגען? און אָט איך, ברודער, בין ארויסגעגאַנגען; געשעפטען. ביזטו געזונט?

— צי זענט איהר געזונט? — האָב איך געענטפערט, — נאָך מיט אַזאַ קורצער צייט צוריק זענט איהר געווען קראַנק, און איהר געהט ארויס.

דער אַלטער האָט ניט געענטפערט, גלייך ער וואָלט מיך ניט געהערט.

— וואָס מאַכט אַננאַ אַנדרעיעווגאַ ?

— געזונט, געזונט... איבעריגענס, זי קרענקט אויך אונטער. עפּעס איז זי ביי מיר טרויעריג געוואָרען... האָט דערמאַנט וועגען דיר : פאַר־וואָס דו קומסט ניט. דו געהסט דאָך איצטער צו'ן אונז וויאַניאַ ? צי ניין ? איך האָב דיר, אפשר, געשטערט, דיך פון עפּעס אָבגעריסען ?— האָט ער פּלוצלונג געפרעגט, מיסטרויאיש און פאַרדעכטיג זיך איינ־קוקענדיג אין מיר. דער צווייפעלדיגער אַלטער איז געוואָרען אַזוי ווייט עמפּפינדליך און צורייצט, אַז וואָלט איך איהם איצט געענטפערט, אַז איך געה ניט צו זיי, וואָלט ער זיך אומבעדינגט באַליידיגט און זיך קאַלט צושיידט מיט מיר. איך האָב מיך געאיילט צו ענטפערען מיט א בעשטעטיגונג, אַז איך בין טאַקע געגאַנגען בעזוכען אַננאַ אַנדרע־יעווגאַיעוונאַ'ן, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז איך פאַרשפּעטיג, אָדער וועל, אפשר, אינגאַנצען ניט אוספּעיען אריינצופאַלען צו נאַ־טאַשאַ'ן.

— נו, אַזוי איז גוט, — האָט דער אַלטער געזאָגט, א פאַלשטענ־דיג בערוהיגטער מיט מיין ענטפער, — דאָס איז גוט... — און איז פּלוצלונג שטיל געוואָרען און זיך פאַרטראַכט, גלייך ער וואָלט עפּעס ניט דערערדט.

— יאָ, דאָס איז גוט ! — האָט ער מעכאַניש איבערגע'חזר'ט, אין א פינף מינוט אַרום, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט נאָך א טיע־פער פאַרטראַכטקייט. — הם.. זעהסטו, וואַניאַ, דו ביזט שטענדיג גע־ווען פאַר אונז, ווי אַנ'אייגענער זוהן ; גאָט האָט מיך מיט אַננאַ אַנדרעיעווגאַ'ן ניט געבענשט... מיט קיין זוהן... און האָט אונז גע־שיקט דיך ; איך האָב שטענדיג אַזוי געטראַכט. די אַלטע אויך... יאָ ! און דו האָסט דיך שטענדיג געפיהרט מיט אונז בכבוד'יג, צערטליך, ווי אַנ'אייגענער, דאַנקבאַרער זוהן. זאָל דיך גאָט בענשען דערפאַר, וואַניאַ, אַזוי ווי מיר ביידע, אַלטע לייט, בענשען און ליעבען דיך... יאָ !

זיין קול האָט גענומען ציטערען ; ער האָט איבערגעוואַרט א מינוט.

— יאָ... נו, און וואָס ? ביזטו ניט קראַנק געווען ? פאַרוואָס־זשע

ביזטו ביי אונז לאנג ניט געווען? איך האב איהם דערצעהלט די גאנצע געשיכטע מיט סמיט'ן, זיך ענטשולדיגענדיג, אז די סמיט־געשיכטע האט מיך פארהאלטען, אז אויסער דעם בין איך שיער קראנק געווא־רען און אז צוליעב די אלע דאגות איז מיר צו זיי, אויפ'ן וואסילעווסקי (זיי האבען דעמאלט געוואוינט אויפ'ן וואסילעווסקי) געווען ווייט צו געהן. איך האב מיך שיער געהאט ארויסגערעדט, אז איך האב דאך געפונען א געלעגענהייט צו זיין ביי נאטאשא'ן אין דער צייט, נאר איך האב אין צייט פארשוויגען.

סמיט'ס געשיכטע האט דעם אלטען זעהר פאראינטערעסירט. ער איז געווארען אויפמערקזאמער. דערוויסענדיג זיך, אז מיין נייע דירה איז פייכט און, קען זיין, נאך ערגער פון דער פריהעריגער, און זי קאסט זעקס רובעל א חודש, האט ער זיך אפילו צוהיצט. אין אל־געמיין איז ער געווארען אויסערגעוועהנליך האסטיג און אומגעדול־דיג. נאר אננא אנדרעיעוונא האט נאך געקענט מיט איהם זיך אויס־גלייכען אין אזעלכע מינוטען, און אויך דאס ניט שטענדיג.

— הם... דאס איז דיין גאנצע ליטעראטור, וואניא! — האט ער א געשריי געטהאן כמעט מיט כעס: — האט דיך צוגעפיהרט צום בוי־דעם, זי וועט דיך נאך צופיהרען צום בית עולם אויך! איך האב דיר דאמאלס געזאגט, נביאות געזאגט!... און ב. שרייבט נאך אלץ קריי־טיק?

— ער איז דאך שוין געשטארבען, אויף שווינדזוכט. איך האב אייך, דוכט זיך, שוין דערצעהלט וועגען דעם.

— געשטארבען, הם... געשטארבען! אזוי האט טאקע בעדארפט זיין. וואס זשע, ער האט עפעס איבערגעלאזט דעם ווייב מיט די קינ־דער? דו האסט דאך געזאגט, אז עפעס האט ער דארט געהאט א ווייב... און צו וואס האבען די מענשען חתונה!

— ניין, ער האט גארנישט איבערגעלאזט, — האב איך געענט־פערט.

— נו, אזוי איז עס! — האט ער א געשריי געטהאן מיט אזא פאראינטערעסירטקייט, גלייך די זאך וואלט איהם געווען א נאהענטע, פון דער אייגענער משפחה און גלייך דער פארשטארבענער ב. וואלט געווען זיינער א לייבליכער ברודער. — גארנישט! עס איז גארנישט! אבער ווייסטו, וואניא, איך האב דאך דאס פריהער געפיהלט, אז אזוי

וועט מיט איהם זיין דער כוח, נאָך דאמאָלס, געדענקסטו, ווען דו האָסט מיר איהם אַלץ געלויבט. עס איז גרינג צו זאָגען: ער האָט גאָרנישט איבערגעלאָזט! הם... רוהם האָט ער פארדיענט. לאָמיר זאָגען, אַז קען זיין, אפילו אונשטערבליכען רוהם, אָבער רוהם קען דאָך ניט אָנ־קאָרמען. איך, ברודער, האָב וועגען דיר אויך דאמאָלס אַלץ פאראויס געטראָפען, וואַניאַ; איך האָב דיך געלויבט און פאר זיך האָב איך אַלץ פריהער געטראָפען. איז ב. געשטאָרבען? און ווי אַזוי זאָל מען ניט שטאַרבען! דאָס לעבען איז אַזוי גוט... דאָס אָרט אַזוי גוט, זעה!

און ער האָט מיט אַ געשווינדער, נישטווילענדיגער באוועגונג פון דער האַנט מיר אָנגעוויזען אויף דער נעבעלדיגער פערספעקטיוו פון דער גאַס, בעלויכטעט מיט לאַמטערנס, וואָס האָבען שוואַך געפינ־קעלט אינ׳ם פייכטען נעבעל, אויף די שמוציגע הייזער, אויף די טראָ־טואַרען, וואָס האָבען געגלאַנצט פון פייכטקייט, אויף די חושכ׳דיגע, בייזע און דורכגענעצטע פאַרבייגעהער, אויף דעם גאַנצען בילד, וואָס דער שוואַרצער, ווי מיט טוש־פאַרגאָסענער פעטערבורגער הימעל האָט ארומגעכאַפּט. מיר זיינען שוין אַרויסגעגאַנגען אויפ׳ן פּלאַץ; פאַר אונז איז אינ׳ם נעבעל געשטאַנען אַ מאָנומענט, בעלויכטעט פון אונ־טען מיט גאַז־הערנער און נאָך ווייטער איז געשטאַנען די פינסטערע, ריעזיגע מאַסע פון איסאַאַק, וועלכע האָט זיך ניט דייטליך אָבגעטיילט פון דעם פינסטערען קאָלאָריט פונ׳ם הימעל.

— דו האָסט דאָך געזאָגט, וואַניאַ, אַז ער איז געווען אַ מענש אַ גוטער, אַ גרויסהאַרציגער, אַ סימפּאַטישער, מיט געפיהל, מיט האַרץ. נו, אָט זיינען זיי אַלע אַזעלכע, אָט די מענשען מיט האַרץ, די סימפּאַטישע דיינע! אַלץ וואָס זיי קענע,ן איז נאָר יתומים׳לעך פאַר־מעהרען! הם... נו, און צו שטאַרבען, מיין איך, איז איהם געווען פרעהליך!... ע־ע־עך! וואָלט ער אוועקגעפאָהרען ערגיץ פון דאַנען, כאָטש קיין סיביר!... וואָס איז מיט דיר, מיידעלע? — האָט ער פּלוצלונג געפרעגט, דערזעהענדיג אויפ׳ן טראָטואַר אַ קינד, וואָס האָט געבעטען אַ נדבה.

דאָס איז געווען אַ קליין, דאַר מיידעלע פון אַ יאָהר זיבען־אכט, ניט מעהר, אָנגעטהאָן אין ברודיגע שמאַטעס; איהרע קליינע פיסלעך זיינען געווען בעשוכט, אויף די בורוועסע פיס, מיט לעבערדיגע קאָ־

מאשען. זי האט זיך אנגעשטרענגט צו פארדעקען איהר קערפערי׳ל, וואס האט געציטערט פון קעלט, מיט עפעס א פארעלטערטער זאך, וואס איז עהנליך געווען אויף א פיצעלע מאנטעל, פון וועלכען זי איז שוין לאנג ארויסגעוואקסען. איהר דאר, בלאס און קראנק פנים׳על איז געווען געווענדט צו׳ן אונז; זי האט שרעקענדיג און שווייגענדיג געקוקט אויף אונז און מיט א מין אונטערטעניגען שרעק פאר אנ׳אבזאג האט זי אונז אויסגעשטרעקט איהר ציטערדיג הענטיל. דער אלטער האט אזא ציטער געטהאן איינגאנצען, דערזעהענדיג זי, און האט זיך אזוי שנעל געווענדט צו׳ן איהר, אז ער האט זי אפילו איבערגעשראקען. זי האט א ציטער געטהאן און האט זיך אבגערוקט פון איהם.

— וואס, וואס איז דיר, מיידעלע? — האט ער אויפגעשריגען,— וואס? דו בעטסט? יא? אט, אט האסטו... נעם, נא!

און ער האט פארענדיג זיך און ציטערענדיג פון אויפרעגונג, גענומען זוכען ביי זיך אין קעשענע און ארויסגענומען צוויי צו דריי זילבערנע מטבעות. נאר איהם האט זיך עס אויסגעוויזען וועניג; ער האט ארויסגענומען זיין בייטעלע און ארויסנעמענדיג דערפון א פאפירענעם רובעל, — אלץ, וואס דארט איז געוועזען, — האט ער אריינגעלעגט דאס געלד אין דער קליינינקער בעטלערין׳ס האנט.

— זאל דיך גאט אבהיטען, קליינינקע... קינד דו מיינס! א מלאך פון גאט זאל דיך אבהיטען!

און ער האט עטליכע מאל מיט א ציטערדיגער האנט איבערגעצלמ׳ט דאס ארימע קינד; נאר דערזעהענדיג פלוצלונג, אז איך קוק דא אויך אויף איהם, האט ער זיך אנגעכמורעט און איז מיט שנעלע טריט געגאנגען ווייטער.

— איך, זעהסטו, וואניא, קען ניט קוקען, — האט ער אנגעהויבען נאך א גענוג לאנגען, בייזען שווייגען, — ווי די קליינינקע, אומשולדיגע בעשעפענישען ציטערען פון קעלט אויף דער גאס... דורך די פארשאלטענע מאמעס און טאטעס. און, איבריגענס, וואס פאר א מאמע וועט דאס ארויסשיקען אזא קינד אויף אזא שרעק, אויב ניט שוין די סאמע אומגליקליכסטע! מן הסתם זיצען דארט ביי איהר אין א ווינקעל נאך יתומים, און די איז די עלטסטע; אליין איז זי קראנק, די אלטע; און... הם! ניט קיין גרעפליכע קינדער! א סך, וואניא, זייגען דא אויף דער וועלט, ניט קיין גרעפליכע קינדער! הם!

ער האָט געשוויגען אַ ווייל, ווי עפּעס וואָלט איהם שווער געווען.

— איך, זעהסטו, וואַניאַ, האָב צוגעזאָגט אַננאַ אַנדרעיעווגאַ'ן, — האָט ער אָנגעהויבען, אביסעל פּלאָנטערענדיג זיך און אראָבשלאָגענדיג זיך פון וועג: — האָב איהר צוגעזאָגט... דאָס הייסט, מיר האָבען ביידע צוזאַמען איינגעשטימט אַ יתומה'לע, אַוואָסער ס'איז, צו נעמען צום אויפכאָרעווען... אַזוי, עפּעס אַנ'אָרעמע, דאָס הייסט, און אַ קליי־נע אַריינגעמען איינגאַנצען אין הויז אריין; פאַרשטעהסט? אַזוי איז אונז אומעטיג, אונז אַלטע לייט, אַליין, הם... נאָר, זעהסטו: אַננאַ אַנדרעיעווגאַ האָט עפּעס אָנגעהויבען צו זיין געגען דעם. טאָ רעד דו מיט איהר, אַזוי זיך, ווייסטו, ניט פון מיר; נאָר אַזוי ווי פון דיין זייט... ערקלעהר איהר... פאַרשטעהסט? איך האָב דיך שוין לאַנג געוואָלט בעטען וועגען דעם... אַז דו זאָלסט זי צורעדען איינצוגעהן, און מיר איז עפּעס ניט בעקוועם אליין צו בעטען זעהר שטאַרק... נו, וואָס איז דאָ צו רעדען וועגען נארישקייטען!... וואָס איך דאַרף אַ מיידעלע? איך דאַרף זי טאָקע ניט; נאָר אַזוי, פאַר אַ טרייסט... אַז מען זאָל עפּעס אַ קינדעריש קול הערען... און, איבריגענס, דעם אמת געזאָגט, איך טהו דאָך דאָס פאַר דער אַלטער; איהר וועט דאָך זיין פרעהליכער, ווי מיט מיר אליין. אבער דאָס איז אַלץ אונזין! ווייסט, וואַניאַ, עס וועט אונז לאַנג נעמען צו געהן; מיר וועלען נעמען אַ דראָשקע; צו געהן איז ווייט און אַננאַ אַנדרעיעווגאַ וואַרט שוין אויף אונז לאַנג...

עס איז געווען האַלב אכט, ווען מיר זיינען געקומען צו פאָהרען צו אַננאַ אַנדרעיעווגאַ'ן.

---

## צוועלפטער קאַפּיטעל.

די אַלטע האָבען זיך זעהר ליעב געהאַט איינער דעם אַנדערען. די ליעבע און די לאַנגצייטיגע צוגעוואוינטקייט האָבען זיי צונויפגע־בונדען ניט צום צורייסען. נאָר ניקאָלאַי סערגעאיטש איז, ניט נאָר

איצטער, נאר אפילו פריהער, געוועזן עפעס ניט חבר'שאפטליך מיט זיין אננא אנדרעיעוונא, טיילמאל איז ער אפילו געווען הארב צו'ן איהר, בעזונדערס פאר מענשען. אין טייל נאטורען, אין צארט און דין פיהלענדע, איז פארהאן טיילמאל א מין איינגעשפארטקייט, א מין טוגענדליכער אונווילען זיך ארויסצורעדען און ארויסצואווייזען אפילו צום ליעבסטען בעשעפעניש די איינענע צערטליכקייט, ניט נאר פאר מענשען, נאר אפילו אונטער פיער אויגען: אונטער פיער אויגען נאך מעהר; נאר טיילמאל רייסט זיך דורך אין זיי א צערטליכקייט, און אלץ פלעצליכער רייסט זי זיך דורך, וואס לענגער זי איז געווען איינגעהאלטען. אזא מענש איז אויך טיילוויז געווען דער אלטער איכמעניעוו מיט זיין אננא אנדרעיעוונא, אפילו אין דער יוגענד. ער האט זי געאכט און ליעב געהאט אהן א גרעניץ, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דאס איז געווען א פרוי בלויז א גוטע און האט גארנישט מעהר געקענט, ווי נאר ליעב האבען איהם, און איהם האט שרעקליך פארדראסען, וואס זי, אין איהר רייהע, איז מיט איהם געוועזן, צוליעב איהר פראסטקייט, טיילמאל שוין צו אונפארזיכטיג אפעטהערציג. נאר נאך נאטאשא'ס אוועקגעהן, זיינען זיי עפעס צערטליכער געווארען איינער צום אנדערען; זיי האבען קרענקליך דערפיהלט, אז זיי זיינען געבליבען אליין אויף דער וועלט. און כאטש ניקאלאי סערגעאיטש איז טיילמאל געווארען אויסערגעוועהנליך טרויריג, האבען זיי דאך ביידע, אפילו אויף צוויי שעה, ניט געקענט זיך צושיידען איינער מיט'ן צווייטען, אהן בענקשאפט און אהן וועהטאג. וועגען נאטאשא'ן האבען זיי זיך אזוי ווי אהן ווערטער אבגערעדט ניט צו רעדען קיין ווארט, ווי זי וואלט גאר אויף דער וועלט ניט געוועזן. אננא אנדרעיעוונא איז זיך ניט אנטערגעשטאנען אפילו צו געבען א דייטליך אנצוהערעניש וועגען איהר פאר'ן מאן, כאטש דאס איז געווען פאר איהר זעהר שווער. זי האט שוין נאטאשא'ן לאנג מוחל געווען אין איהר הארץ. צווישען אונז איז אזוי ווי בעשטימט געווארען, אז מיט מיין יעדען קומען זאל איך איהר ברענגען בשורות וועגען איהר ליעב, אונפארגעסליך קינד.

די אלטע פלעגט קראנק ווערען, ווען זי האט לאנג קיין ידיעות ניט בעקומען, און ווען איך בין געקומען מיט זיי, האט זי זיך אינטערעסירט מיט יעדער קלענסטער איינצעלהייט, אויסגעפרעגט מיט א

ציטערדיגער נייגעריגקייט, האָט זיך גרינגער געמאַכט דאָס האַרץ מיט מיינע ערצעהלונגען און איז שיער ניט געשטאָרבען פון שרעק. ווען נאַטאַשאַ איז איינמאַל קראַנק געוואָרען, זי איז שוין אפילו שיער ניט אליין געגאַנגען צו'ן איהר. אבער דאָס איז געווען אַנ'אויסערסטער פאַל. אין אָנהויב האָט זי זיך אפילו פאַר מיר ניט ענטשלאָסען אויס־צודריקען דעם פערלאַנג צו זעהען זיך מיט דער טאָכטער און כמעט שטענדיג נאָך אונזערע געשפּרעכען, ווען זי פלעגט שוין האָבען ביי מיר אַלץ אויסגעפרעגט, האָט זי געהאַלטען פאַר אַ נויטווענדיגקייט עפּעס זיך איינצושליעסען פאַר מיר און אומבעדינגט בעשטעטיגען, אַז כאָטש זי אינטערעסירט זיך טאַקע מיט דער טאָכטער'ס מזל, נאָר דאָך איז נאַטאַשאַ אַזאַ פערברעכערין, וועלכער מען קען אפילו ניט מוחל זיין.— נאָר דאָס אַלץ איז געווען אַנ'אָנשטעל. עס זיינען געווען פאַלען, ווען אַננאַ אַנדרעיעוונאַ האָט געבענקט ביז האַרצווערטאָג, געוויינט, אָנגע־רופען נאַטאַשאַ'ן אין מיין געגענוואַרט מיט די ליעבסטע נעמען, זיך ביטער בעקלאָגט אויף ניקאָלאַי סערגאיטש'ן, און פאַר איהם האָט זי אָנגעהויבען געבען אַ נ צ ו ה ע ר ע נ י ש ע ן, כאָטש מיט גרויסער פאָרזיכטיגקייט, אויף מענשליכען שטאָלץ, אויף בייזהאַרציגקייט, אויף דעם, וואָס מיר קענען ניט מוחל זיין קיין באַליידיגונגען און אַז גאָט וועט ניט מוחל זיין די וואָס זיינען אַליין ניט מוחל, נאָר ווייטער פון דעם האָט זי זיך פאַר איהם ניט ארויסגערעדט. אין אַזעלכע מינוטען איז דער אַלטער באַלד געוואָרען פאַרהאַרטעוועט און פאַרטרויערט, ער האָט געשוויגען אַנ'אָנגעכמורעטער, אָדער ער האָט פּלוצלונג, גע־וועהנליך זעהר פאַרלעגען און הויך, אָנגעהויבען צו רעדען וועגען עפּעס אַנדערש, אָדער ער איז גאָר אוועקגעגאַנגען צ ו ז י ך, אי־בערלאָזענדיג אונז אַליין און געבענדיג אויף אַזאַ אופן אַננאַ אַנדרע־יעוונאַ'ן אַ מעגליכקייט איינגאַנצען אויסצוגיעסען פאַר מיר איהרע צרות דורך טרעהרען און געוויין. פּונקט אַזוי פלעגט ער אויך שטענ־דיג אוועקגעהן צו זיך ביי מיינע בעזוכען, עס פלעגט טרעפען, אַז ער האָט קוים צייט געהאַט זיך צו בעגריסען מיט מיר און איז שוין אוועק, אום איך זאָל קענען אַננאַ אַנדרעיעוונאַ'ן איבערגעבען אַלע לעצטע נייעס וועגען נאַטאַשאַ'ן. אַזוי האָט ער אויך איצטער געטהאָן.

— איך בין דורכגעווייקט, — האָט ער איהר געזאָגט, ווי נאָר ער איז אריינגעטרעטען אין שטוב, — איך וועל אריינגעהן צו זיך, און דו,

וואניא, זיץ דא א ווייל. אט האט זיך מיט איהם געטראפען א מעשה, מיט א דירה; דערצעהל עס איהר. און איך קום באלד צוריק...

און ער האט זיך געאיילט ארויסצוגעהן, בעמיהענדיג זיך אפילו ניט צו קוקען אויף אונז, גלייך דאס געוויסען וואלט איהם געפייניגט, וואס ער האט אונז אליין צוזאמענגעפיהרט. אין אזעלכע פאלען, און בעזונדערס ווען ער האט זיך אומגעקעהרט צו'ן אונז, איז ער שטענדיג געווארען שטרענג און גאליג אי מיט מיר אי מיט אננא אנדרעיעוונא, ער פלעגט זיך אפילו טשעפען, גלייך ער וואלט זיך געבייזערט אויף זיך אליין און גלייך עס וואלט איהם פארדראסען זיין ווייכקייט און נאכגעביגקייט.

— אט וואס פאר א מענש ער איז, — האט געזאגט די אלטע, וועלכע האט פאר דער לעצטער צייט אוועקגעווארפען פאר מיר איהר נאנצען אנשטעל און אלע איהרע הינטער־געדאנקען: — שטענדיג איז ער מיט מיר אזוי; און ער ווייסט דאך, אז מיר פארשטעהען אלע זיינע כיטרעקייטען. וואסזשע דארף ער עס מאכען אנשטעלען פאר מיר! א פרעמדע בין איך איהם, וואס? אזוי איז ער אויך מיט דער טאכטער. ער האט דאך איהר געקענט מוחל זיין און, קען זיין, אפשר וויל ער מוחל זיין, גאט ווייסט איהם. ביי נאכט וויינט ער, איך האב אליין געהערט! און פאר דער וועלט טהוט ער זיך אן א כח. דער שטאלץ האט איהם ארומגעכאפט... טייערינקער, איוואן פיעטראוויטש, דערצעהל געשווינדער: וואוהין איז ער געגאנגען?

— ניקאלאי סערגעאיטש? איך ווייס ניט; איך האב עס אייך געוואלט פרעגען.

— און איך בין שיער אבגעשטארבען, ווען ער איז ארויסגעגאנגען. ער איז דאך קראנק, אין אזא וועטער, און די נאכט פאלט צו; נו, טראכט איך, מן הסתם עפעס א וויכטיגע זאך; און וואס קען דען זיין וויכטיגער ווי די זאך וואס איהר ווייסט? טראכט איך מיר אזוי פאר זיך און פרעגען איהם דערוועג איך מיך ניט. איך דערוועג דאך מיך ניט איצטער צו פרעגען איהם וועגען קיין זאך. גאט אין הימעל, איך בין דאך שוין אזוי פארגליווערט געווארען דורך איהם און דורך איהר. נו, טראכט איך, ער איז אודאי געגאנגען צו'ן איהר; צי האט ער ניט אמאל בעשלאסען איהר מוחל צו זיין? ער האט זיך דאך אלץ דערוואוסט, ער ווייסט אלע לעצטע נייעסען וועגען איהר: איך מיין זי־

כער, אז ער ווייסט, און פון וואנען די נייעסען קומען צו'ן איהם, ווייס איך ניט. די בענקשאפט האט איהם שוין צו שטארק צוגעדריקט געכטען, און היינט אויך. נו וואס זשע שווייגט איהר! רעדט, טייע־רער, וואס איז דאָרט נאך געשעהען? אזוי ווי אויף א מלאך פון גאט האָב איך געוואַרט אויף אייך, אלע אויגען האָב איך מיר אויסגע־קוקט. נו, וואָס זשע, דער באַנדיט געהט פארלאזען נאטאשא'ן?

איך האָב אננא אנדרעיעוונא'ן באלד דערצעהלט אלץ, וואס איך האָב אליין געוואוסט. מיט איהר בין איך שטענדיג געווען אינגאנ־צען אָפענהערציג. איך האָב איהר דערצעהלט, אז צווישען נאטא־שא'ן און אליאשא'ן האלט עס ווירקליך ביי א ריס, און אז דאס איז ערנסטער, ווי זייערע פריהריגע ניט־איינשטימיגקייטען; אז נאטאשא האט מיר נעכטען געשיקט א צעטעלע, אין וועלכען זי האט מיך שטארק געבעטען צו קומען צו'ן איהר היינט אָוועגד, ניין אזייגער, דערפאר האָב איך אפילו ניט געטראכט היינט צו קומען צו זיי; נאר ניקאלאי סערגעאיטש האט מיך אליין אהערגעבראכט. איך האָב איהר דערצעהלט און ערקלעהרט, אז די לאגע איז איצטער אין אלגעמיין א קריטי־שע; אז אליאשא'ס פאטער, וועלכער האט זיך מיט א וואך צוריי צוריק אומגעקעהרט פון דער רייזע און וויל פון קיין זאך ניט הערען, האט זיך שטרענג גענומען צו אליאשא'ן; נאר וויכטיגער פון אלץ איז, וואס אליאשא, דוכט זיך, איז אליין אויך ניט געגען דער כלה און מען הערט, אז ער האט זיך אפילו פארליעבט אין איהר. איך האָב נאך צוגעגעבען, אז נאטאשא'ס צעטעלע, אויף וויפיעל מען קען זיך אָנשטויסען, איז געשריבען געווארען פון איהר אין גרויסער אויפ־רעגונג; שרייבען שרייבט זי, אז היינט אָוועט ווערט אלץ בעשלאָ־סען ווערען, נאר וואס? — ווייסט מען ניט; ס'איז אויך מאָדנע, וואס זי שרייבט פונ'ם נעכטיגען טאג, און זי בעשטימט צו קומען היינט, זי האט אפילו די שעה בעשטימט: ניין א זייגער. און דער־פאר מוז איך אומבעדינגט געהן און טאקע שנעלער.

— געה, געה, טייערינקער, געה אומבעדינגט, — האט די אל־טיטשקע זיך גענומען פארען — אט וועט ער נאך אריינקומען, דו וועסט נאר טרינקען טעע... אי, מען ברענגט דאך ניט דעם סאמאָוואר! מאטרענא! וואו איז דער סאמאָוואר? א מערדעריןִ, ניט קיין מיי־דעל!... נו, וועסטו אויסטרינקען טעע, געפין עפעס א שעהנעם אויס־

רייד און געה. און מאָרגען קום אומבעדינגט צו מיר און דערציעהל מיר אַלץ; און קום טאַקע פריהער. גאָט! צו איז ניט אמאָל ארוים נאָך עפּעס א צרה! וואָס, דוכט זיך, קען שוין זיין ערגער פונ'ם איצ־טיגען! ניקאָלאי סערגעאיטש איז דאָך שוין אַלץ געוואָר געוואָרען. דאָס הארץ זאָגט מיר, אז ער איז געוואָר געוואָרען. איך דערוואוס מיך א סך דורך מאַטרענען, און זי דורך אַגאַשאַ'ן, און אַגאַשאַ דורך מאַריאַ וואַסיליעוונא'ן, וועלכע וואוינט ביים קניאז אין הויז... נו, דו ווייסט דאָך אליין. מיינער איז היינט שרעקליך בייז געוועזן, ניקאָלאי מיין איך. איך דרעה מיך אהין און אהער, און ער האָט שיער ניט אַנגעשריגען אויף מיר, און דערנאָך איז איהם עפּעס געוואָרען א רחמנות, זאָגט ער: ס'איז דאָ ווייניג געלד. גלייך ער וואָלט געשריגען צוליעב דעם געלד. נו, דו ווייסט דאָך אונזערע אומשטענדען. נאָכ'ן מיטאָג האָט עם געהייסען, אז ער געהט שלאָפען. איך האָב אריינגעקוקט צו'ן איהם דורך א שפּאַרע (ס'איז דאָ אזאַ שפּאַרעלע אין דער טהיר; ער ווייסט אפילו ניט דערפון), און ער, מיין ליעבינקער, ליעגט גאָר אויף די קניהען פאר'ן הייליגען בילד און בעט צו גאָט. ווען איך האָב דאָס דערזעהען, האָבען זיך מיר די פיס אונטערגע־האקט. און קיין טעע האָט ער ניט געטרונקען, און איז ניט געשלאָ־פען, האָט גענומען דאָס היטעל און איז אוועקגעגאנגען. פינף אזייגער איז ער אוועק. איך האָב מיך ניט דערוועגט אפילו צו פרעגען איהם: ער וואָלט אַנגעשריגען אויף מיר. ער האָט אַנגעהויבען אָפט צו שרייען, מעהרסטענס אויף מאַטרענען, און אז ניט איז אויף מיר; און ווען ער טהוט א געשריי שטאַרבען ביי מיר באַלד די פיס אָב און אין הארץ רייסט זיך מיר אָב. ער בעט דאָך נאָר, איך ווייס, אז ער בעט נאָר, און דאָך איז מיר שרעקליך. א גאנצע שעה האָב איך געבעטען צו גאָט ווען ער איז אוועקגעגאנגען, אז ער זאָל איהם ארויפפיהרען אויף א גוטען געדאנק. וואַרזשע איז דאָס צעטעלע, וויין עס מיר!

איך האָב עס איהר געוויזען. איך האָב געוואוסט, אז אננאַ אנדרע־יעוונא האָט געהאט איין געליעבטען, הייליגען געדאנק, אז אַליאָשאַ, וועלכען זי האָט דאָ גערופען באנדיט און דאָ געפיהללאָזער, נארישער אינגעל, וועט סוף כל סוף, חתונה האָבען מיט נאַטאַשאַ'ן, און אז דער פאָטער זיינער, קניאז פּיאָטר אַלעקסאַנדראָוויטש, וועט איהם דאָס ערלויבען. זי האָט זיך אפילו ארויסגערעדט פאר מיר, כאָטש אין

אנדערע פאלען האָט זי חרטה געהאט און אָבגעלייקענט איהרע ווער־טער. נאָר פאר קיין זאך אין דער וועלט וואָלט זי ניט געוואגט ארויס־צוזאָגען איהרע האָפנונגען פאר ניקאָלאַי סערגעאיטש׳ן, כאָטש זי האָט געוואוסט, אז דער אַלטער פארדעכטיגט זיי אין איהר און ער האָט עס איהר אפילו ניט איינמאָל פאַרגעווארפען אויף א זייטיגען אופן. איך מיין, ער וואָלט אינגאַנצען פארשאָלטען נאטאשא׳ן און וואָלט זי ארויסגעריסען פון זיין הארץ אויף אייביג, ווען ער וואָלט געוואָר געוואָרען וועגען דער מעגליכקייט פון דער דאָזיגער חתונה.

אלע האָבען מיר דאמאָלס אזוי געטראכט. ער האָט געווארט אויף דער טאָכטער מיט אלע פארלאנגען פון זיין הארץ, נאָר ער האָט ער־ווארט, אז זי זאָל קומען אליין, פול חרטה און זי זאָל ארויסרייסען פון איהר הארץ אפילו די עראינערונג וועגען איהר אַליאָשאַ. דאָס איז געווען דער איינציגער בעדינג פון מוחל זיין, כאָטש ער האָט איהם ניט ארויסגעזאָגט, נאָר קוקענדיג אויף איהם, האָט מען געקענט זע־הען, אז דער בעדינג איז א פארשטענדליכער און אונצווייפעלהאפטער.

— ער האָט קיין כאראקטער ניט, א אינגעל אָהן כאראקטער, אָהן כאראָקטער און האָט א בייז הארץ, איך האָב דאָס שטענדיג געזאָגט,— האָט ווידער אָנגעהויבען אננא אַנדרעיעווּנא.—ערציהען האָט מען איהם ניט געקענט, עפּעס א ווינדיגער איז פון איהם ארויסגעקומען; ווארפט זי אוועק פאר אזא ליעבע, גאָט מיין האר! וואָס וועט זיין מיט איהר, מיט דער אָרעמער נעבעך! און וואָס האָט ער אזוינס אין דער נייער געפונען, וואָלט איך געוואָלט וויסען!

— איך האָב געהערט, אננא אַנדרעיעווּנא, — האָב איך מיך אָנ־גערופען, — אז די דאָזיגע כלה איז א מיידעל א כשוף, און נאטאַליא ניקאָלאַיעווּנא האָט וועגען איהר דאָס אייגענע גערעדט...

— און דו גלויב ניט! — האָט די אַלטיטשקע איבערגעשלאָ־גען — וואָס פאר א כשוף? פאר אייך, שמיערערס, איז יעדע כשוף׳דיג, אבי א קליידעל דיהרט זיך. און דאָס וואָס נאטאשא לויבט זי, טהוט זי עס, ווייל זי האָט אַן עהרליכע נשמה. זי קען איהם ניט איינ־האַלטען, איז זי איהם אלץ מוחל און אליין ליידט זי. וויפיעל מאָל האָט ער זי שוין אָבגענארט! בייזהארציגע באנדיטען! און אויף מיר, איוואַן פּיעטראָוויטש, געהט פּשוט אַן א שרעק. דער שטאָלץ האָט אלע ארומגעכאפּט. וואָלט זיך מיינער כאָטש בערוהיגט, וואָלט איהר

מוחל געוועזן, מיין טייבעלע, און וואָלט זי געבראַכט אהער. איך וואָלט זי אַרומגענומען, וואָלט זי אַנגעקוקט! זי איז אַבגעפאַלען!

— זי איז אַבגעפאַלען, אננאַ אַנדרעיעוונאַ.

— טייבעלע מיינס! און ביי מיר, איוואַן פּיעטראָוויטש, איז אַ צרה! אַ גאַנצע נאַכט און אַ גאַנצען טאָג האָב איך היינט דורכגע־וויינט... און וואָס! איך וועל דיר שפּעטער דערצעהלען! וויפיעל מאָל האָב איך שוין געשטאַמעלט איהם צו זאָגען פון דערוויטענס, אַז ער זאָל איהר מוחל זיין; גלייך קען איך עס ניט, איז פון דער־וויטענס, אויף אַ הינטער־אופן האָב איך אַנגעהויבען רעדען. און ביי מיר אליין שטאַרבט אַזוי דאָס האַרץ אַב: ער קען זיך צובייזער׳ען, טראַכט איך, און וועט זי אינגאַנצען פאַרשעלטען! קיין קללה האָב איך נאָך פון איהם ניט געהערט... האָב איך מורא, ער זאָל קיין קללה ניט אַרויפלעגען. וואָרום וואָס וועט דעמאָלט זיין? דער טאַטע האָט פאַרשאָלטען און גאָט וועט שטראָפען. און אַזוי לעב איך און ציטער יעדען טאָג פון שרעק. און דו, איוואַן פּיעטראָוויטש, מעגסט דיך אויך שעהמען; דוכט זיך, אין אונזער הויז אויפגעוואַקסען און פאַר־טערליכע צערטליכקייטען פון אונז אַלע געזעהען: אויך אויסגעטראַכט, אַ מיידעל אַ כשוף! וואָס געהט עס דיך אָן? וואָס פאַר אַ כשוף? אָט זייער מאַריאַ וואַסיליעוונאַ רעדט שוין בעסער. (איך האָב דאָך געזינ־דיגט און האָב זי איינמאָל גערופען אויף קאַווע, ווען מיינער איז אויף אַ גאַנצען מאָרגען אַוועקגעפאָהרען צוליעב געשעפט). זי האָט מיר דערצעהלט יעדע מינדסטע קלייניגקייט. דער קניאַז, אַליאָשאַ׳ס פאָ־טער הייסט עס, האָט זיך געפונען אין אַ ניט־ערלויבליכער פאַרבינ־דונג מיט אַ גרעפין. די גרעפין, זאָגט מען, האָט איהם שוין לאַנג מאַר־געוואָרפען, פאַרוואָס ער האָט מיט איהר ניט חתונה, און ער האָט אַלץ אַבגעלעגט. און די דאָזיגע גרעפין האָט זיך אויפגעפיהרט פאַסקודנע, ווען איהר מאַן האָט נאָך געלעבט. דער מאַן איז געשטאָרבען, — פאָהרט זי קיין אויסלאַנד: אַוועק אַ געשיכטע מיט איטאַליענער און מיט פראַנצויזען, באַראָנען האָט זי צו זיך אַריינגעפיהרט; און דאָר־טען האָט זי עס אַריינגעכאַפּט דעם קניאַז פּיאָטר אַלעקסאַנדראָוויטש. און די שטיעף־טאָכטער פון איהר ערשטען מאַן, אַנ׳אויפקויפער׳ס אַ טאָכטער, איז דערווייל געוואַקסען און געוואַקסען. די גרעפין, די שטיעפמאַמע הייסט עס, האָט אַלץ פאַרלעבט, און קאַטערינאַ פיאָדאָ־

ראָוונאַ איז דערווייל אונטערגעוואַקסען, און די צוויי מיליאָן, וואָס איהר טאַטע דער אויפקויפער האָט איהר איבערגעלאָזט, זיי־נען אויך אונטערגעוואַקסען. איצטער, זאָגט מען, האָט זי דריי מיליאָן; איז עס דעם קניאַז איינגעפאַלען: מען דאַרף דאָ אַליאָשאַ׳ן חתונה מאַכען! (אַ בעוואָרענטער! דאָס זייניגע וועט ער ניט דורכלאָזען.) דער גראַף ווייעדער, דער הויפמענש, דער אַנגעזע־הענער, געדענקסט, דער קרוב זייערער, איז אויך איינשטימיג: דריי מיליאָן איז ניט קיין שפּאַס. גוט, זאָגט ער, רעדט מיט דער דאָזיגער גרעפין. לאָזט דער קניאַז וויסען דער גרעפין זיין פאַרלאַנג. יענע האָט אַנגעהויבען צו וואַרפען מיט די הענט און מיט די פיס: זי איז, זאָגט מען, אַ פרוי אָהן געזעצען גאָר, אַ קריעגערקע אַזאַ! מען זאָגט, אַז דאָ נעמען זי שוין ניט אַלע אויף; ניט נאָר אין אויסלאַנד. ניין, זאָגט זי, דו קניאַז, האָב אַליין מיט מיר חתונה, און ניט מיין שטיעפטאָכטער מיט דיין אַליאָשאַ. און דאָס מיידעל, די שטיעפטאָכטער ווייעדער, זאָגט מען, וואָלט איהר די נשמה אוועקגעגעבען; זי וואָלט שיער תפילה געטהאָן צו׳ן איהר, און זי פאָלגט זי אין אַלעם. אַנ׳עניוות׳דיגע אַזאַ, זאָגט מען, אַנ׳ענגלישע נשמה! דער קניאַז זעהט אין וואָס עס געהט דאָ, זאָגט ער: דו גרעפין, בעאונרוהיג זיך ניט. דיין גוט האָסטו פאַר־לעבט און חובות האָסטו אויף זיך ניט צום בעצאָהלען. און ווען דיין שטיעפטאָכטער וועט חתונה האָבען מיט אַליאָשאַ׳ן, וועלען זיי זיין אַ פּאָר: אי דיינע איז אַ נאַאיווע, אי מיין אַליאָשאַ איז אַ גולם׳ל; מיר וועלען זיי נעמען אין אַנהויב און מיר וועלען זיי צוזאַמען באַשיצען; דאַמאָלס וועסטו אויך האָבען געלט. וואָס טויג דיר דען, זאָגט ער, מיט מיר חתונה צו האָבען? אַ כיטרער מענש! דורכגעטריבען! אַזוי איז געוועזען מיט אַ האַלב יאָהר צוריק, די גרעפין האָט זיך ניט ענטשלאָסען, און איצטער, זאָגט מען, זיינען זיי געפאָהרען קיין וואַרשע און האָבען דאָרטען איינגעשטימט. אָט וואָס איך האָב געהערט. דאָס האָט מיר אַלץ מאַריאַ וואַסיליעוונאַ דערצעהלט, יעדעס פּיצעלע, זי האָט עס אַליין געהערט פון אַ זיכערען מענשען. נו, אָט וואָס דאָ ליעגט: געל־טעלע, מיליאָנען, ניט — אַ כשוף׳דיג מיידעל!

אַננאַ אַנדרעיעוונאַ׳ס ערצעהלונג האָט מיך איבעראַשט. די ער־צעהלונג האָט פאָלשטענדיג געשטימט מיט דעם אַלעם, וואָס איך האָב אַליין ניט לאַנג צוריק געהערט פון אַליאָשאַ׳ן אַליין. דערצעהלענדיג,

האט ער זיך בעריהמט, אז ער וועט אויף קיין פאל ניט חתונה האַ־
בען מיט קיין געלט. נאר קאטערינא פיעטראָוונא האט איהם איבער־
ראשט און איז איהם געפעלען. איך האב אויך געהערט פון אליאשא'ן,
אז זיין פאטער אליין, קען זיין, וועט חתונה האבען, כאטש ער לייי־
קענט אָב די קלאנגען, כדי ניט אויפצורעגען די גרעפין ביז דאמאלס.
איך האב שוין געזאגט, אז אליאשא האט זעהר ליעב געהאט דעם פאַ־
טער, האט זיך געשפיגעלט אין איהם, בעריהמט זיך מיט איהם און
געגלויבט אין איהם, ווי אין א נס.

— זי שטאמט דאך אויך ניט פון קיין גראפען, דאס כשופ'דיגע
מיידעל דיינס! — האט ווייטער גערעדט אננא אנדרעיעוונא, א
שטארק צורייצטע דערפון. וואס איך האב געלויבט דעם יונגען קניאז'ס
צוקונפטיגע כלה. — און נאטאשא האט איהם נאך גיכער געפאסט
פאר א שידוך. יענע איז אנ'אויפקויפערקע, און נאטאשא איז פון אן
אלט, איידעל הויז, א הויפטעהרליך מיידעל. דער אלטער מיינער האט
נעכטען (איך האב אייך פארגעסען צו דערצעהלען), געעפענט זיין
קעסטיל, דאס געשמיעדטע, — איהר ווייסט? און איז א גאנצען
אָוועכד געזעסען אנטקעגען מיר, און צונומען די אלטע פאפירען. ער
זיצט אזא ערנסטער. איך שטריק א זאק און קוק ניט אויף איהם, איך
האב מורא. זעהט ער, אז איך שווייג, איז ער בייז געוואָרען, דער־
נאך רופט ער מיך אליין און א גאנצען אָוועכד האט ער מיר דער־
צעהלט וועגען אונזער יחוס. און אזוי קומט עס אויס, אז מיר, די איכ־
מעניעווס הייסט עס, זיינען נאך פאר איוואן וואסיליעוויטש דעם
שרעקליכען, געווען דוואריאנעס, און אז מיין משפחה, די שומילאָווס,
איז נאך פאר אלעקסעי מיכאילאוויטש'ן בעקאנט געווען, און מיר האַ־
בען די דאקומענטען, און עס איז אין קאראמזינ'ס געשיכטע דערמאנט.
אָט וואס, טייערינקער, מיר, ווייזט אויס, זיינען אויך ניט ערגער פון
אנדערע אין דער הינזיכט. ווען דער אלטער האט מיר גענומען דער־
צעהלען, האב איך פארשטאנען, וואס איהם ליגט אין זינען. דער גע־
דאנק אליין, אז מען ווארפט זיך מיט נאטאשא'ן, קרענקט איהם. נאר
מיט רייכקייט שטעהען זיי העכער פון אונז. נו מילא, זאל זיך דארט
דער מערדער, דער פיאטר אלעקסאנדראוויטש פארנעמען מיט געלט;
אלע ווייסען: א בייזע, זשעדנע נשמה. מען זאגט, אז ער האט זיך
בסוד פארשריבען צו די יעזואיטען אין ווארשא. איז דאס אמת?

— א נארישער קלאנג, — האָב איך געענטפערט, ניט ווילענדיג פאראינטערעסירט מיט דער ווירקליכקייט פון דעם קלאנג. נאָר די ידיעה וועגען ניקאָלאַי סערגעאיטש'ן, וועלכער האָט צונומען זיינע פאפירען איז געווען אינטערעסאנט. פריהער האָט ער זיך קיינמאָל ניט בעריהמט מיט זיין יחוס.

—אלץ באנדיטען מיט בייזע הערצער !—האָט ווייטער גערעדט אננא אנדרעיעוונא : — נו, וואָס זשע, טייערינקער, זי בעדויערט, זי וויינט? אי, ס'איז דיר שוין צייט צו געהן צו'ן איהר. מאטרענא, מאטרענא! א גזלן, ניט קיין מיידעל! מען האָט זי ניט באליידיגט? רעד זשע, וואניא.

וואָס האָב איך איהר געהאט צו ענטפערען? די אלטיטשקע האָט זיך צעוויינט. איך האָב זי געפרעגט, וואָס נאָך פאר א צרה עס איז ביי איהר געשעהען, וואָס זי האָט זיך ניט לאנג צוריק געקליבען מיר צו דערצעהלען?

— אוי, מיין ליעבינקער, עס זיינען נאָך ווייניג געווען די צרות, איז נאָך א פנים דער בעכער ניט פול געווען! געדענקסט, טייערינקער, צי דו געדענקסט ניט, איך האָב געהאט א מעדאַליאָנטשיק אין גאָלד איינגעפאסט, געמאכט אזוי זיך פאר א געדעכעניש, און דערין איז געווען נאטאשא'ס בילד אין די קינדער־יאָהרען; אכט יאָהר איז זי דעמאָלט אלט געווען, מיין מלאכ'ל. מיר האָבען עס נאָך דאמאָלס צוזאַמען בעשטעלט מיט ניקאָלאַי סערגעאיטש'ן ביי א מאהלער וואָס איז פארבייגעפאָהרען. דו האָסט עס אפנים פארגעסען, מיין ליעבינקער! א גוטער מאהלער געוועזען, אזוי ווי א קופּיד האָט ער זי פארגעשטעלט: אזעלכע ליכטיגע הערעלעך האָט זי דעמאָלט געהאט, אויפגעשאָסענע; אין א מוסלינען העמדעלע האָט ער זי פאַרגעשטעלט, אזוי אַז דאָס לייבעלע שיינט דורך און אזא שעהנינקע איז זי ארויסגעקומען, אז מען קען זיך גאַרנישט זאַט אָנקוקען. איך האָב געבעטען דעם מאהלער, אז ער זאָל איהר צומאהלען פליגעלעך, האָט ער ניט געוואָלט דער מאהלער. האָב איך מיר, זעהסטו, טייערינקער, נאָך די אלע צרות אונזערע, ארויסגענומען דעם מעדאַליאָנטשיק פון קעסטעלע און האָב עס מיר אויפגעהאנגען אויפ'ן הארץ אויף א שנירעלע, און האָב

עס אזוי געטראגען נעבען צלמ'ל, און אליין האב איך מורא, אז מיינער זאל עס ניט דערזעהען. ער האט דאך דאמאלס געהייסען אלע איהרע זאכען פון הויז ארויסוווארפען אדער פארברענען, אז קיין זאך זאל ביי אונז ניט דערמאנען אן איהר. און איך וואלט כאטש געוואלט אויף איהר בילד קוקען; איך קען מיך אמאל צעוויינען קוקענדיג דערויף, — עס ווערט דאך אלץ גרינגער, און טיילמאל, ווען איך בלייב אליין, קען איך מיך גאר נישט אנקושען, גלייך איך וואלט זי אליין געקושט; צערטליכע נעמען זוך איך איהר אויס און צלם זי נאך איבער אויף ביינאכט. איך רעד מיט איהר הויך, ווען איך בלייב אליין, איך פרעג זי עפעס און שטעל מיר פאר ווי זי וואלט מיר געענטפערט און איך פרעג זי ווידער. אי, טייערינקער וואניא, עס איז אפילו שווער דאס צו דערצעהלען! נו, בין איך צופריעדען, וואס כאטש ועגען מעדאליאן ווייסט ער ניט און האט ניט בעמערקט; נאר נעכטען אין דער פריה גיב איך מיך א כאפ, דער מעדאליאן איז נישטא, נאר דאס שנירעלע הענגט, אפנים ער האט זיך אויסגעריבען און איך האב איהם פארלוירען. א פארגליווערטע בין איך געווארען. זוכען: איך האב געזוכט און געזוכט און געזוכט — נישטא! פארלוירען געווארען און פארפאלען! און וואו האט ער געקענט פארלוירען ווערען? אודאי, טראכט איך, אין בעט פארלוירען; האב אלץ איבערגעקעהרט — נישטא! קוים האט ער זיך אבגעריסען און איז אראבגעפאלען ערגיץ, קען דאך זיין, אז אימיצער האט איהם געפונען, און ווער האט איהם געקענט געפינען אויב ניט ער אדער מאטרענא? נו, אויף מאטרענא'ן קען מען אפילו ניט טראכטען, זי איז מיר איבערגעגעבען מיט דער גאנצער נשמה... (מאטרענא, וועסטו שוין אמאל דערלאנגען דעם סאמאוואר?) נו, טראכט איך, וואס וועט זיין, אויב ער וועט איהם געפינען? איך זיץ מיר און טרויער אזוי און ויין און ויין, קען די טרעהרען ניט איינהאלטען. און ניקאלאי סערגעאיטש איז אלץ צערטליכער און צערטליכער מיט מיר; טרויערט אויף מיר קוקענדיג, גלייך ער ווייסט אויך וועגען וואס איך וויין און בעדויערט מיך. אט טראכט איך ביי מיר: אפשר ווייסט ער עס? צו האט ער אמאל טאקע ניט געפונען דעם מעדאליאן און איהם ארויסגעווארפען דורכ'ן פענסטער. ווען ער איז אין כעס איז ער דאך פעהיג אויף דעם; האט עס ארויסגעווארפען און איז איצטער טרויריג: בעדויערט, וואס ער האט עס

ארויסגעוואָרפען. איך בין שוין הינטער'ן פענסטער געגאַנגען זובען מיט מאַטרענע'ן און האָב גאָרניט געפונען. פאַרפאַלען, ווי אין וואַסער אריין. א גאַנצע נאַכט האָב איך געוויינט. צום ערשטען מאָל האָב איך זי אויף ביי נאַכט ניט איבערגע'צלמ'ט. אוי, צום שלעכטען איז דאָס, צום שלעכטען, איוואַן פּיעטראָוויטש, עס זאָגט ניט אָן קיין גוטס; דעם צווייטען טאָג שוין, ווי די אויגען טרוקענען מיר ניט פון וויינען. אויף אייך, טייערינקער, האָב איך געוואַרט, ווי אויף א מלאך פון גאָט, כאָטש דאָס האַרץ זיך אויסרעדען...

און די אַלטיטשקע האָט זיך ביטער צעוויינט.

— אוי, יאָ, און איך האָב אייך פאַרגעסען צו דערצעהלען! — האָט זי פּלוצלונג אָנגעהויבען, דערפרעהענדיג זיך, וואָס זי האָט זיך דערמאָנט: — האָט איהר עפּעס געהערט פון איהם וועגען א יתומה'לע?

— איך האָב געהערט, אַננאַ אַנדרעיעוונאַ, ער האָט מיר געזאָגט, אַז איהר האָט מכלומרש'ט ביידע צוגעטראַכט און איינגעשטימט צו נעמען אַנ'אָרעם מיידעלע, א יתומה'לע, צום ערציהען. איז דאָס אמת?

— איך האָב עס אפילו ניט געטראַכט, ליעבינקער, אפילו ניט געטראַכט! און איך וויל ניט קיין שום יתומה'לע! זי וועט מיך דערמאָנען אונזער ביטער מזל, אונזער אומגליק. אויסער נאַטאַשאַ'ן וויל איך קיינעם ניט. איין טאָכטער איז געוועזען, און איינע וועט זי בלייבען. נאָר וואָס הייסט דאָס, ליעבינקער, וואָס ער האָט א יתומה'לע אויסגעטראַכט? ווי מיינסטו, איוואַן פּיעטראָוויטש? מיך צו טרייסטען, וואָס אויף מיינע טרערען קוקענדיג, די אייגענע טאָכטער אינגאַנצען פון זכרון צו פאַרטרייבען און זיך צו'ן אַנ'אַנדער קינד צוביגדען? וואָס האָט ער וועגען מיר, גערעדט מיט אייך? ווי האָט ער אייך אויסגעוויזען, — שטרענג, בייז? שש! ער גערט! שפּעטער, טייערינקער, וועט איהר עס מיר שוין דערזאָגען, שפּעטער!... פאַרגעסט נאָר ניט מאָרגען צו קום...

## דרייצענטער קאפיטעל.

דער אלטער איז אריינגעקומען. ער האט מיט נייגעריגקייט און ווי ער וואלט זיך געשעהמט פאר עפעס אונז אנגעקוקט, זיך אנגעכמר־רעט און איז צוגעגאנגען צום טיש.

— וואו איז דער סאמאוואר? — האט ער געפרעגט, — ביז איצטער האט מען איהם נאך ניט געקענט דערלאנגען?

— מען טראגט שוין, טאטעלע, מען טראגט שוין; נו, אט האט מען איהם שוין געבראכט, — האט זיך אננא אנדרעיעוונא אנגעהוי־בען צו פארען.

מאטרענא האט זיך בעוויזען מיט'ן סאמאוואר באלד ווי זי האט דערזעהען ניקאלאי סערגעאיטש'ן, גלייך זי וואלט געווארט מיט'ן דער־לאנגען אויף זיין אריינקומען. דאס איז געווען אן אלטע, געפרופטע, איבערגעגעבענע דיענסט, נאר די אייגעשפארטסטע כעסנ'טע פון אלע דיענסטען אין דער וועלט, מיט א הארטען און פאר'עקשנ'טען כא־ראקטער. פאר ניקאלאי סערגעאיטש'ן האט זי מורא געהאט און אין זיין געגענווארט האט זי שטענדיג פארביסען די צונג. דערפאר האט זי זיך פאלשטענדיג בעלוינט ביי אננא אנדרעיעוונא'ן, האט זיך בעצוי־גען גראב צו'ן איהר אויף יעדען שריט און האט ארויסגעוויזען אנ'אפע־נע פרעטענזיע צו בעל הבית'עווען איבער איהר בעל הבית'טע, כאטש אין דער אייגענער צייט האט זי הארציג און אינערליך ליעב געהאט אי זי אי נאטאשא'ן. די מאטרענא האב איך נאך געקענט אין איכ־מעניעווקע.

— הם... ס'איז ניט אזוי אנגענעהם, ווען מען ווערט דורכגע־ווייקט; און דא ווייל מען דיר אפילו קיין טעע ניט צוגרייטען, — האט דער אלטער געבורטשעט מיט א האלב קול.

אננא אנדרעיעוונא האט מיר גלייך צוגעוואונקען אויף איהם. ער האט ניט געקענט פארטראגען די בעהאלטענע צוואונקענישען און כאטש ער האט זיך אין דער מינוט בעמיהט ניט צו קוקען אויף אונז, האט מען דאך אויף זיין פנים געקענט בעמערקען, אז אננא אנדרעיעוונא האט מיר טאקע איצטער צוגעוואונקען אויף איהם, און אז ער ווייסט דאס גאנץ גוט.

— איך בין געגאנגען וועגן די געשעפטען, וואניא, — האָט ער פלוצלונג אנגעהויבען רעדען. — אזא פאסקודסטווע האָט זיך פאר־שלעפט. איך האָב דיר געזאָגט ? מען בעשולדיגט מיך אינגאנצען. איך האָב ניט קיין בעווייזען, זעהסטו ; קיין נויטיגע פאפירען נישטאָ. די אויספאָרשונגען קומען ניט ארויס ריכטיג... הם...

ער האָט גערעדט וועגען זיין פּראָצעס מיט'ן קניאז ; דער דאָזי־גער פּראָצעס האָט זיך אלץ נאָך געצויגען ; נאָר ער האָט אָנגענומען די ערגסטע ווענדונג פאר ניקאָלאי סערגעאיטש'ן. איך האָב געשווי־גען, ניט וויסענדיג, וואָס איהם צו ענטפערען. ער האָט פארדעכטיג א קוק געטהאָן אויף מיר.

— נו וואָס ! — האָט ער פלוצלונג אונטערגעכאַפּט, ווי א צור־רייצטער פון אונזער שווייגען, — וואָס שנעלער, אלץ בעסער. פאר קיין פאָדלעץ וועלען זיי מיך ניט מאכען, כאָטש זיי וועלען בעשליע־סען, אז איך דארף בעצאָהלען. איך האָב מיין געוויסען, און זאָלען זיי בעשליעסען. אמוועניגסטענס איז די זאך געענדיגט ; וועלען עס אויפ־בינדען, אויפגריבלען... וועל איך אלץ אוועקוואַרפען און אוועקפאָהרען קיין סיביר.

— גאָט מיינער, וואוהין פאָהרען ! און צו וואָס אין אזא ווייט־קייט ? — האָט זיך אננאָ אנדרעיעוונא ניט געקענט איינהאלטען זיך אנצורופען.

— און פון וואָס איז דיר דאָ נאָהענט ? — האָט ער גראָב גע־פרעגט, ווי ער וואָלט זיך דערפרעהט מיט זיין אויסרוף.

— נו, דאָך.. פון מענשען... — האָט אננאָ אנדרעיעוונא ארויס־גערעדט און מיט בענקשאַפט א קוק געטהאָן אויף מיר.

— פון וואָסערע מענשען ? — האָט ער א געשריי געטהאָן, אי־בערפיהרענדיג זיין בליק פון מיר אויף איהר און צוריק, — פון וואָ־סערע מענשען ? פון רויבערס, פון רכילות'ניקעס, פון פארעטערס ? אזעלכע זיינען אומעטום דאָ א סך ; זאָרג דיך ניט, מיר וועלען זיי אין סיביר אויך געפינען. און אויב דו ווילסט מיט מיר ניט פאָהרען, גע־זונטערהייט, בלייב דיר דאָ ; איך צווינג דיך ניט.

— טאַטעלע, ניקאָלאי סערגעאיטש ! מיט וועמען וועל איך בליי־בען אָהן דיר ! — האָט די אָרעמע אננאָ אַנדרעיעוונאָ א געשריי גע־

טהאָן. — אויסער דיר האָב איך דאָך אויף דער גאַנצער וועלט קיינ...

זי האָט זיך פאַרהאַקט, איז שטיל געבליבען און געווענדט צו מיר אַ דערשראָקענעם בליק, ווי זי וואָלט געבעטען שוץ און הילף. דער אַלטער איז געווען אויפגערעגט, האָט זיך צו יעדער זאַך געטשעפּעט; אַנטקעגען רעדען איהם האָט מען ניט געטאָרט.

— געננוג אייך, אננאַ אַנדרעיעוונאַ, — האָב איך געזאָגט, — איז סיביר איז גאָרנישט אַזוי שלעכט, ווי עס ווייזט אויס. אויב עס וועט געשעהען אַנ'אומגליק און איהר וועט דאַרפען פאַרקויפען איכמע־ניעווקע, איז ניקאָלאַי סערגעיעוויטשעס אַבזיכט אַפילו אַ גאַנץ גוטע. אין סיביר קען מען געפינען אַנ'אַנשטענדיגע פּריוואַטע שטעלע און דערנאָך...

— אַט, כאָטש דו אַמוועניגסטענס, איוואַן, רעדסט צו דער זאַך. איך האָב טאַקע אַזוי געטראַכט. איך וועל אַלץ אַוועקוואַרפען און וועל פאָהרען.

— נו, דאָס האָב איך שוין ניט ערוואַרט! — האָט אננאַ אַנדרע־יעוונאַ אויסגעשריגען, אַ פאַטש טהוענדיג מיט די הענט, — דו וואַניאַ, אויך אַהין! פון דיר, איוואַן פּיעטראָוויטש, האָב איך עס שוין ניט ערוואַרט... דוכט זיך, קיין זאַך אויסער טובות, האָסטו פון אונז ניט געזעהען, און איצטער...

— חאַ־חאַ־חאַ! און וואָס האָסטו ערוואַרט! און טהו נאָר אַ טראַכט, פון וואָס וועלען מיר דאָ לעבען! דאָס געלט איז פאַרלעבט; די לעצטע קאָפּיקע נעמען מיר שוין אַרויס! וועסט שוין אפשר הייסען געהן צום קניאַז פּיאָטר אַלעקסאַנדראָוויטש בעטען ער זאָל מיר מוחל זיין?

דערהערענדיג וועגען דעם קניאַז, האָט די אַלטיטשקע אַ ציטער געטהאָן פון שרעק. דאָס טעע־לעפעלע אין איהר האַנט האָט הויך אַ קלונג געטהאָן אַנ'ם טעצעלע.

— ניין, ווירקליך, — האָט איכמעניעוו אונטערגעכאַפּט, זיך אַליין צוהיצענדיג מיט אַ בייזער, איינגעשפּאַרטער פרייד, — ווי מיינסטו, וואַניאַ, אפשר טאַקע געהן! צו וואָס פאָהרען קיין סיביר? בעסער וועל איך מיך מאָרגען אויספּוצען, צוקעמען זיך און צוגלעטען זיך; אננאַ אַנדרעיעוונאַ וועט מיר אַנגרייטען אַ ניי האַרציל (צו אַזאַ

פאַרשווין קען מען דאָך שוין ניט אנדערש), קויפען א פּאַר הענטשקעס צום גאנצען רימעל, און אהינגעהן צו זיין מאַיעסטעט: טאַטעלע, מאַ־יעסטעט, שפּייזער, טאַטע מיינער! זיי מוחל און האָב רחמנות, גיב אַ שטיקעל ברויט, — א ווייב, קליינע קינדערלעך... אזוי, אננא אנדרע־יעוונא? אַט דאָס ווילסטו?

— טייערינקער... איך וויל גאָרנישט! אזוי, אוים נאַרישקייט האָב איך עס געזאָגט; זיי מוחל, אויב איך האָב דיר פאַרשאַפט קרענ־קונג מיט עפּעס, נאָר שריי ניט, — האָט זי ארויסגערעדט, ציטערנ־דיג אַלץ מעהר און מעהר פון שרעק.

איך בין איבערצייגט, אז אין דער נשמה האָט איהם אַלץ וועה געטהאָן און זיך איבערגעקעהרט אין דער מינוט, קוקענדיג אויף די טרעהרען און דעם שרעק פון זיין אָרעמער חבר'טע; איך בין איבער־צייגט, אז איהם האָט עס א סך שטאַרקער וועה געטהאָן, איידער איהר; נאָר ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען. אזוי טרעפט עס טיילמאָל מיט די בעסטע, נאָר שוואכנערוויגע מענשען, וועלכע, ניט קוקענדיג אויף זייער גאנצער גוטסקייט, ווערען מיטגעריסען ביז זעלבסט־בער־פריעדיגונג פון זייערע אייגענע ליידען און צאָרן, זוכענדיג ארויסצו־רעדען זיך אין וואָס עס זאָל ניט געהן, אפילו ביז צום באַליידיגען א צווייטען, אנ'אומשולדיגען און הויפּטזעכליך שטענדיג דעם זיך נעהנטסטען מענשען. ביי א פרוי, צומביישפּיעל, איז פאַרהאַן טייל־מאָל א נויטווענדיגקייט זיך צו פיהלען אומגליקליך, באַליידיגט, כאָטש עס מעג ניט זיין קיין באַליידיגונג און ניט קיין אומגליק. עס זיינען פאַרהאַן א סך מאַנסלייט, וואָס זיינען אין דעם פאַל עהנליך צו פרויען, און אפילו מענער ניט קיין שוואכע, אין וועלכע עס איז גאָרנישטאָ אזוי פיעל פרויענהאַפטעס. דער אַלטער האָט געפיהלט א נויטווענדיגקייט צו קריעגען זיך, כאָטש ער האָט אליין געליטען פון דער נויטווענדיגקייט.

איך געדענק, אז מיר איז דאָמאָלס דורכגעלאָפען א געדאנק: צו האָט ער טאַקע ניט געטהאָן פאַר דעם עפּעס אזא שטיקעל, אזוי ווי אננאַ אנדרעיעוונאַ'ן איז איינגעפאַלען! וואָס איז, צו האָט איהם גאָט ניט אמאָל אריינגעגעבען א געדאנק אין הארצען און צו איז ער טאַקע ניט אוועקגעגאַנגען צו נאַטאַשאַ'ן, און האָט זיך בערעכענט דער ליעבער, אָדער אפשר האָט זיך עפּעס ניט איינגעגעבען, זיך אָבגעריסען אין זיין אַבזיכט, — אזוי ווי עס האָט געמוזט געשעהען, — און איצטער

האט ער זיך אומגעקעהרט אהיים א צו'כעס'טער און דערנידריגטער. שעהמענדיג זיך פאר די פארלאנגען און געפיהלען, וואס ער האט נארוואס געהאט, זוכענדיג אויף אימעצען אבצורייסען זיין הארץ פאר זיין שוואכקייט און אויסקלויבענדיג גראד די, וועלכע ער האט אממייסטען פארדעכטיגט אין אזעלכע פארלאנגען און געפיהלען. קען זיין, אז בעגעהרענדיג דער טאכטער מוחל צו זיין, האט ער זיך טאקע פארגעשטעלט די ענציקונג און די פרייד פון זיין ארעמער אננא אנדרעיעוונא, און ווען עס האט זיך ניט איינגעגעבען, פארשטעהט זיך, האט זי די ערשטע בעקומען דערפאר.

נאר דאס דערשלאגענע אויסזעהן פון איהר, וועלכע האט געציטערט פאר איהם פון שרעק, האט איהם געריהרט. ער האט זיך ווי פארשעהמט מיט זיין צארן און האט זיך איינגעהאלטען. מיר האבען אלע געשוויגען; איך האב מיך בעמיהט ניט צו קוקען אויף איהם. נאר די גוטע מינוט האט ניט לאנג געדויערט. מען האט זיך געמוזט ארויסרעדען אין וואס עס זאל ניט געהן, זאל אפילו זיין מיט אן אויסברוך, זאל זיין מיט א קללה.

— זעהסטו, וואניא, — האט ער פלוצלונג געזאגט, — מיר טהוט וועה, מיר וואלט זיך ניט געוואלט רעדען, אבער עס איז געקומען אזא צייט און איך מוז אפענהערציג קלאר מאכען, אהן דריידלעך, אזוי ווי יעדער גלייכער מענש דארף טהאן... פארשטעהסט, וואניא? מיך פרעהט, וואס דו ביזט געקומען און דערפאר וויל איך עס זאגען הויך פאר דיר, אזוי אז אנדערע זאלען אויך הערען, אז דער גאנצער אונזין, די אלע טרעהרען, זיפצען, אומגליקען זיינען מיר שוין ענדליך דערעסען. דאס, וואס איך האב ארויסגעריסען פון מיין הארץ, קען זיין מיט בלוט און מיט וועהטאג, וועט זיך שוין קיינמאל אין מיין הארץ אריין ניט אומקעהרען. יא! איך האב געזאגט און וועל טהאן. איך רעד וועגען דעם, וואס איז געוועזן מיט א האלב יאהר צוריק, פארשטעהסט, וואניא! — און איך רעד וועגען דעם אזוי אפענהערציג, אזוי גלייך, טאקע צוליעב דעם, אז דו זאלסט אויף קיין פאל ניט קענען קיין טעות האבען אין מיינע ווערטער, — האט ער צוגעגעבען קוקענדיג אויף מיר מיט אנגעצונדענע אויגען און אויסמיידענדיג, ווייזט אויס, דעם ווייב'ס דערשראקענע בליקען. — איך חזר איבער: דאס איז אונזין: איך וויל עס ניט!... מיך מאכט איבערהויפט ווילד,

וואס אלע רעכענען מיך פאר פעהיג, אזוי ווי א אידיאט, אזוי ווי דער נידריגסטער פאדלעץ, צו האבען אזעלכע נידריגע, אזעלכע שוואכע געפיהלען... מען מיינט, אז איך ווער משוגע פאר צרות!... אונזין! איך האב אוועקגעווארפען, איך האב פארגעסען די אלטע געפיהלען! פאר מיר זיינען נישטא קיין עראינערונגען... יא! יא! יא! און יא!

ער איז אויפגעשפרונגען פון שטוהל און האט א קלאפ געטהאן מיט דער פויסט אויפ'ן טיש אזוי, אז די שאלען האבען א קלונג גע־טהאן.

— ניקאלאי סערגעאיטש! איז איך דען ניט קיין רחמנות אויף אננא אנדרעיעוונא? זעהט, וואס איהר מאכט פון איהר, — האב איך געזאגט, ניט זייענדיג בכח זיך איינצוהאלטען און כמעט מיט צארן קוקענדיג אויף איהם. אבער איך האב נאר צוגעגאסען אייל צום פייער.

— ניט קיין רחמנות! — האט ער א געשריי געטהאן ציטערענדיג און איז בלאס געווארען, — ניט קיין רחמנות, דערפאר ווייל מען האט אויף מיר אויך קיין רחמנות ניט! ניט קיין רחמנות, דערפאר ווייל אין מיין אייגען הויז שטעלט מען צונויף בעהאלטענע פלענער געגען מיין בעזידעלטען קאפ פאר דער אויסגעלאסענער טאכטער, וואס איז ווערט אלע קללות און אלע שטראפען!...

— טאטעלע! ניקאלאי סערגעאיטש פארשעלט זי ניט!... אלץ, וואס דו ווילסט, נאר די טאכטער פארשעלט ניט! — האט אננא אנדרעיעוונא אויסגעשריגען.

— איך וועל זי פארשעלטען! — האט דער אלטער געשריגען נאכאמאל אזוי הויך ווי פריהער, — דערפאר, ווייל פון מיר באליי־דיגטען, בעזידעלטען, פאדערט מען, אז איך זאל געהן צו דער פאר־שאלטענער און זאל ביי איהר בעטען זי זאל מיר מוחל זיין! יא, יא, אזוי איז עס! מיט דעם פייניגט מען מיך יעדען טאג, בייטאג און ביי־נאכט, ביי מיר אין הויז, מיט טרעהרען, מיט זיפצען, מיט נארישע אנצוהערענישען! מען וויל אין מיר אויפוועקען רחמנות... זעה, זעה, וואניא, — האט ער צוגעגעבען, ארויסנעמענדיג געשווינד מיט ציטער־רענדיגע הענט פאפירען פון א זייטיגער קעשענע, — אט זיינען דא פאפירען פון אונזער פראצעס! לויט דעם פראצעס קומט איצטער

אויס, אז איך בין א גנב, אז איך בין א שווינדלער, אז איך האָב בע־גנב'עט מיין בעל טובה!... איך בין בעזידעלט, פארשעהמט דורך איהר! נא, נא, זעה, זעה!...

און ער האָט אָנגעהויבען ארויסצעוואַרפען פון דער זייטיגער קעשענע פון'ם ראָק פארשיעדענע פאַפּירען, איינס נאָכ'ן אַנדערען, אויפ'ן טיש, זוכענדיג צווישען זיי אומגעדולדיג דאָס, וואָס ער האָט מיר גע־וואָלט ווייזען; נאָר דאָס נויטיגע פּאַפּיר האָט זיך ווי אומיסטען ניט אָבגעפונען. אין אומגעדולד האָט ער געריסען פון קעשענע אַלץ, וואָס ער האָט דאָרט פארכאַפּט מיט דער האַנט, און פּלוצלונג — איז עפּעס הויך און שווער אראָבגעפאַלען אויפ'ן טיש... אַננאַ אנדרעיעווונא האָט א געשריי געטהאָן. דאָס איז געווען דער פאַרלוירענער מעדאַליאָן.

איך האָב קוים געגלויבט מיינע אויגען. דאָס בלוט האָט א זעץ געטהאָן דעם אַלטען אין קאָפּ און האָט פארגאָסען זיינע באַקען; ער האָט אויפגעציטערט. אַננאַ אַנדרעיעוונא איז געשטאַנען, פארלעגט די הענט, און געקוקט אויף איהם מיט געבעט. איהר פּנים האָט אויפ־געשיינט מיט א ליכטיגער, פריידיגער האָפנונג. די פארב אין פּנים, דעם אַלטענס'ס פארשעהמטקייט פאר אונז... יאָ, זי האָט ניט קיין טעות געהאָט, זי האָט איצטער פארשטאַנען, ווי אזוי איהר מעדאַליאָן איז פארפאַלען געוואָרען!

זי האָט פארשטאַנען, אז ער האָט איהם געפונען, האָט זיך דער־פרעהט מיט זיין געפינס און, קען זיין, ציטערענדיג פון פרייד האָט ער איהם בעהאַלטען ביי זיך פון אַלעמענס אויגען; אז ערגיץ אַליין, אין דער שטיל פון אַלע, האָט ער מיט גרענ־צלאָזער ליעבע געקוקט אויפ'ן פּנימ'ל פון זיין געליעבטן קינד, — געקוקט און ניט געקענט זיך זאַט קוקען; אז קען זיין, אז ער האָט אויך, פּונקט אזוי ווי די מאַ־מע, זיך פארמאַכט פון אַלע איינער אַליין צו ריעדען מיט זיין טייערס־טער נאַטאַשאַ'ן, אויסצוטראַכטען איהרע ענטפערס. אַליין אויף זיי צו ענטפערען; און בייגאַכט מיט פּלאָגענדער בענקשאַפט און מיט א דערשטיקט געוויין אין דער ברוסט געצערטעלט און געקושט איהר ליעב בילד און אַנשטאַט פארשעלטען האָט ער גאָר מוחל געווען און געבענשט די, וועלכע ער האָט ניט געוואָלט זעהען און האָט פאר־שאָלטען פאר אַלע.

— טייערינקער מיינער, האַסטו זי נאָך ליעב! — האָט אַננאַ

אנדרעיעוונא א געשריי געטהאָן, ניט קענענדיג זיך מעהר איינהאַל־טען פאר דעם שטרענגען טאַטען, וועלכער האָט מיט א מינוט צוריק פארשאָלטען איהר נאַטאַשאַ'ן.

נאָר אזוי ווי ער האָט נאָר דערהערט איהר געשריי, האָט א ווילדער צאָרן א פינקעל געטהאָן אין זיינע אויגען. ער האָט א כאַפּ געטהאָן דעם מעדאַליאָן, איהם מיט קראַפט א וואָרף געטהאָן אויף דער ערד און איהם מיט ווילדקייט אָנגעהויבען טרעטען מיט'ן פוס.

— אויף אייביג, אויף אייביג זיי פארשאָלטען פון מיר! — האָט ער געכריפּעט, מיט א פארהאַקטען אָטעם. — אויף אייביג, אויף אייביג!

— גאָט! — האָט די אַלטיטשקע א געשריי געטהאָן: זי, זי! מיין נאַטאַשאַ'ן! איהר פּנים'על... טרעט ער מיט די פיס!... מיט די פיס!... טיראַן! אזוי אָהן געפיהל צו זיין! אזא בייזהאַרציגע שטאָלצקייט!

דערהערענדיג דעם ווייב'ס קלאָגען, האָט זיך דער ווילדער אַלטער אָבגעשטעלט אין שרעק איבער דעם, וואָס דאָ איז געשעהען. פּלוצלונג האָט ער א כאַפּ געטהאָן דעם מעדאַליאָן און געוואָלט ארויס געשווינד פון צימער, נאָר מאַכענדיג צוויי שריט, איז ער אנידערגעפאַלען אויף די קניהען, האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אָן דער קאַנאַפּע, וואָס איז פאר איהם געשטאַנען און האָט אין אונמאַכט אָנגעבויגען זיין קאָפּ.

ער האָט געקלאָגט, ווי א קינד, ווי א פרוי. ספּאַזמען האָבען געדריקט זיין ברוסט, גלייך זיי וואָלטען זי געוואָלט צורייסען. דער שרעקליכער אַלטער איז אין איין מינוט געוואָרען שוואַכער פון א קינד. אָ, איצט האָט ער שוין ניט געקענט פארשעלטען; ער האָט זיך שוין פאר קיינעם פון אונז ניט געשעהמט און האָט אין א ספּאַזמיגען ליעבעס־אויסברוך, פאר אונז, ווידער בעדעקט מיט אונצעהליגע קושען דאָס בילד, וואָס ער האָט מיט א מינוט צוריק געטרעטען מיט די פיס. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אז זיין גאַנצע צערטליכקייט, זיין גאַנצע ליעבע צו דער טאָכטער, וואָס איז אזוי לאַנג געווען איינגעהאַלטען אין איהם, האָט איצטער געשטראָמט ארויסצורייסען זיך אין דרויסען מיט א ניטצוריקהאַלטבאַרער קראַפט, און האָט מיט דער קראַפט פון אויסברוך צובראָכען זיין גאַנץ וועזען.

— זײַ מוחל, זײַ איהר מוחל! — האָט קלאָגענדיג אויסגערופֿען אננא אנדרעיעוונא, אײַנבויגענדיג זיך איבער איהם און ארומנעמענדיג איהם. — ברענג זי צוריק אין די עלטערנ'ס הויז, טייערער, און גאָט אליין וועט דיר בײַ זיין שרעקליכען משפּט פֿאררעכענען דײַן נאָכגעביגקייט און דײַן רחמנות!...

— ניין, ניין! פֿאר קיין פֿאל ניט, קיינמאָל ניט! — האָט ער אויסגערופֿען מיט א הייזעריג, פֿארשטיקט קול. — קיינמאָל נישט! קיינמאָל נישט!

פֿערצענטער קאַפּיטעל.

איך בין געקומען צו נאַטאַשאַ'ן שוין שפּעט. זי האָט דעמאָלט געוואוינט אויף דער פֿאָנטאַנקע בײַם סעמיאָנאָווער בריק, אין א שמוציג גרויס הויז, וואָס האָט געהערט צום קופּיעץ קאָלאָטושקין, אויפֿ'ן פֿערטען שטאָק. די ערשטע צייט נאָך איהר אוועקגעהן פֿון דער היים האָט זי מיט אליאָשאַ'ן געוואוינט אין א פּראַכטפֿולער דירה, ניט קיין גרויסע, אבער א שעהנע און בעקוועמע, אויפֿ'ן דריטען שטאָק, אויף דער ליטעינער גאַס. נאָר די קוואלען פֿון דעם יונגען קניאז האָבען זיך אין גיכען אויסגעלאָזען. קיין מוזיק־לעהרער איז ער ניט געווארען, נאָר ער האָט אָנגעהויבען צו באָרגען און איז אריין אין חובות, וואָס זיינען געווען צו גרויס פֿאר איהם. דאָס געלד האָט ער בענוצט אויף צו פֿארשענערען די דירה, אויף מתנות פֿאר נאַטאַשאַ'ן, וועלכע האָט שטארק פּראָטעסטירט געגען זיין פֿארשווענדערישקייט, האָט איהם געשטראָפֿט מיט רייד און טײַלמאָל אפילו געוויינט. אליאָשאַ מיט זיין געפֿיהלפֿול און דורכדרינגליך הארץ, וועלכער האָט טײַלמאָל א גאנצע וואָך בעטראכט מיט נחת ווי אזוי איהר עפּעס צו שענקען און ווי אזוי זי וועט עס אויפֿנעמען די מתנה, וועלכער האָט זיך געמאכט דערפֿון אמת'ע יום טובים, וועלכער האָט מיר פֿריהער מיט בעגייסטערונג געלאָזט וויסען זיינע ערוואַרטונגען און חלומות, איז אריינגעפֿאלען אין א יאוש פֿון איהרע פֿארוואורפֿען און טרעה־

רען, אזוי אז עס איז געוואָרען א רחמנות אויף איהם און צום סוף זיי־נען צווישען זיי צוליעב די מתנות פאָרגעקומען פאָרוואורפען, קרענ־קונג און קריעגערייען. אויסער דעם האָט אליאָשא פאָרלעבט א סך געלט אהן נאטאשא׳ס וויסען; ער האָט זיך מיטגעשלעפּט מיט די חברים, איז איהר פאַלש געווען; איז געפאָהרען צו פארשיעדענע זשאַזעפינעס און מינים, און דאָך האָט ער זי אין דער אייגענער צייט זעהר ליעב געהאט. ער האָט זי ליעב געהאט עפּעס מיט א וועהטאָג; אָפטמאָל איז ער געקומען צו מיר א צוטומעלטער און א פארטרויער־טער, זאָגענדיג, אז ער איז ניט ווערט דעם קליינעם פינגער פון זיין נאטאשא׳ן; אז ער איז גראָב און שלעכט, איז ניט אימשטאַנד זי צו פארשטעהן און איז ניט ווערט איהר ליעבע. ער איז געווען טייל־וויז גערעכט; צווישען זיי איז געווען א פאָלשטענדיגע אונגלייכ־הייט; ער האָט זיך געפיהלט אנטקעגען איהר ווי א קינד, און זי האָט איהם אליין שטענדיג געהאלטען פאר א קינד. מיט טרעהרען האָט ער זיך מיר מודה געווען אין דער בעקאַנטשאפט מיט זשאַזעפינ׳ען, און מיך אין דער אייגענער צייט געבעטען ניט צו רעדען וועגען דעם מיט נאַ־טאשא׳ן; און ווען ער פלעגט א שרעקענדיגער און ציטערדיגער אוועק פון מיר צו׳ן איהר נאָך די אלע אָפענהערציגקייטען מיט מיר (אומבע־דינגט מיט מיר, פארזיכערענדיג מיך, אז ער האָט מורא א קוק צו טהאָן אויף איהר נאָך זיין פארברעכען און אז איך בין דער איינצי־גער, וואָס קען איהם אונטערשטיצען), האָט נאטאשא פון איהר ערש־טען בליק אויף איהם שוין געוואוסט אין וואָס עס האנדעלט זיך. זי איז געוועזען זעהר אייפערזיכטיג און איך פארשטעה ניט אויף וואָס פאר אן אופן זי האָט איהם שטענדיג מוחל געווען זיינע אויסגע־לאַסענהייטען. געוועהנליך פלעגט עס אזוי געשעהען: אליאָשא געהט אריין מיט מיר, הייבט אָן ציטערדיג צו רעדען מיט איהר, מיט צי־טערדיגער צערטליכקייט איהר קוקען אין די אויגען אריין. זי פלעגט באלד טרעפען, אז ער איז שולדיג, נאָר זי ווייזט עס ניט ארויס, זי הייבט קיינמאָל ניט אָן צו רעדען וועגען דעם די ערשטע, פרעגט קיין זאך ניט אויס, פארקעהרט, פארטאָפּעלט באלד איהרע צערט־ליכקייטען צו׳ן איהם, ווערט צארטער, פרעהליכער, — דאָס איז ניט געוועזען עפּעס א שפּיעל אָדער א דורכגעטראכטע כיטרעקייט פון איהר זייט. ניין; פאר דעם וואונדערליכען בעשעפעניש איז געווען עפּעס

אנ׳אונענדליכע בעפריעדיגונג מוחל צו זיין און רחמנות צו האבען; גלייך זי וואלט אין דעם פראצעס אליין פון מוחל זיין אליאשא׳ן געפונען עפעס א בעזונדערע פיינע פרעכטיגקייט. אמת, אז דאמאלס האט עס זיך נאך געהאנדעלט בלויז וועגען זשאזעפינעס. זעהענדיג, אז זי איז אזוי שטיל און איז איהם אלץ מוחל, האט אליאשא זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען און האט זיך איהר אליין באלד אין אלעם מודה געווען, אהן שום קשיות, כדי צו פארגרינגערען דאס הארץ און צו „זיין אזוי ווי פריהער“, האט ער געזאגט. נאכדעם ווי זי האט איהם מוחל געווען, איז ער אריינגעפאלען אין א בעגייסטערונג, און האט טיילמאל אפילו געוויינט פון פרייד און התפעלות, זי געקושט, ארומגענומען זי. דערנאך איז ער באלד פרעהליך געווארען און האט אנגעהויבען מיט א קינדישער אפענהערציגקייט צו דערצעהלען אלע איינצעלהייטען פון זיינע ערפארונגען מיט זשאזעפינע׳ן, האט געלאכט, געקייכט, געבענשט און געלויבט נאטאשא׳ן, און דער אווענד האט זיך געענדיגט גליקליך און פרעהליך. ווען דאס גאנצע געלט איז איהם אויסגעגאנגען, האט ער אנגעהויבען צו פארקויפען זאכען. אויף נאטאשא׳ס פאדערונג האט מען אויפגעזוכט א קליינע, ביליגע וואוינונג אויף דער פאנטאנקע. די זאכען האט מען אלץ געהאלטען אין פארקויפען, נאטאשא האט אפילו פארקויפט איהרע קליידער און גענומען זוכען ארבייט; ווען אליאשא איז דאס געוואר געווארען, האט זיין פארצווייפלונג ניט געהאט קיין גרעניץ: ער האט זיך אליין געשאלטען, געשריגען, אז ער האסט זיך אליין און האט אין דער זעלבער צייט די זאך ניט פארבעסערט. אין דער איצטיגער צייט האבען זיך אפילו די לעצטע קוואלען אויסגעלאזט; עס איז נאר בלויז געבליבען די ארבייט, אבער דאס געצאהלט פאר דער ארבייט איז געוועזען דאס קלענגליכסטע.

פון סאמע אנהייב, ווען זיי האבען נאך געוואוינט צוזאמען, האט אליאשא זיך דערפאר שטארק צוקריעגט מיט׳ן פאטער. דעם קניאז׳ס דאמאלסטדיגע אבזיכטען חתונה צו מאכען זיין זוהן מיט קאטערינא פיאדאראוונא פילימאנאוונא, דער גרעפינ׳ס שטיעפטאכטער, זיינען נאך דאמאלס געוועזען אינ׳ם פראיעקט בלויז; ער פלעגט פיהרען אליאשא׳ן צו דער צוקונפטיגער כלה, ער האט איהם איינגערעדט ער זאל זיך בעמיהען איהר צו געפעלען, האט איהם איבערצייגט אי מיט שטרענגקייטען, אי מיט שכל; נאר די זאך איז צושטערט געווארען

דורך דער גרעפין. דאמאָלס האָט דער פאטער אויך אנגעהויבען צו קר־
קען דורך די פינגער אויף זיין זוהן'ס פארבינדונג מיט נאָטאַשאַ'ן,
איבערלאָזענדיג עס צו דער צייט, און ער האָט געהאָפט, קענענדיג
אַליאָשאַ'ס צולאָזענקייט און לייכטזיניגקייט, אז זיין ליעבע וועט גיך
פארביי. וועגען דעם, אז ער קען מיט נאַטאַשאַ'ן חתונה האָבען, האָט
דער קניאז זיך ביז דער לעצטער צייט כמעט ווי ניט געזאָרגט. וואָס
אמבעלאַנגט אָבער די געליעבטע, האָט זיך ביי זיי די זאַך אלץ אבגע־
לעגט ביז מען וועט זיך פאָרמעל איבערבעטען מיט'ן פאָטער און אין
אלגעמיין ביז די אומשטענדען וועלען זיך ענדערען. איבריגענס, נאַ־
טאַשאַ האָט וועגען דעם, ווייזט אויס, ניט געוואָלט פארפיהרען קיין
רייד. אַליאָשאַ האָט זיך פאר מיר בסוד ארויסגערעדט, אז דער פאָטער
איז אביסעל אזוי ווי צופריעדען פון דער גאנצער געשיכטע: איהם
איז ביי דער גאנצער געשיכטע געפעלען איכמעניעוו'ס דערנידריגונג.
אויסערליך האָט ער אבער ווייטער ארויסגעוויזען דעם זוהן זיין אונצו־
פריעדענהייט: ער האָט איהם פארקלענערט זיין אזוי אויך ניט ריי־
כען אויפהאלט (ער איז געווען אויסערגעוועהנליך קארג צו'ן איהם),
האָט געסטראַשעט אלץ אוועקצונעמען; נאָר ער איז אין גיכען אוועק־
געפאָהרען קיין פוילען, נאַך דער גרעפין, וועלכע האָט דאָרט געהאט
געשעפטען, דורכאַנאַנד פארפאָלגענדיג זיין פלאַן וועגען דעם שידוך.
אמת, אַליאָשאַ איז נאָך געווען צו יונג חתונה צו האָבען, אָבער די
כלה איז געווען צו רייך, און דורכצולאָזען אזא געלעגענהייט איז גע־
ווען אונמעגליך. דער קניאז האָט זיך, ענדליך, דערשלאָגען צו זיין
ציעל. צו'ן אונז זיינען דערגאנגען קלאַנגען, אז דער שידוך איז ענד־
ליך אוועק אויף א דרך. אין דער צייט, וועלכע איך בעשרייב, האָט זיך
דער קניאז נאָר וואָס געהאט אומגעקעהרט קיין פעטערבורג. דעם זוהן
האָט ער בעגעגענט צערטליך, נאָר די פאר'עקשנ'טקייט פון זיין פאר־
בינדונג מיט נאַטאַשאַ'ן האָט איהם אונאנגענעהם איבעראשט. ער האָט
אָנגעהויבען צו צווייפלען, צו שרעקען זיך. ער האָט שטרענג און פעסט
געפאָדערט א צושיידונג, נאָר איהם איז שנעל איינגעפאלען צו בענו־
צען א פיעל בעסער מיטעל און האָט אוועקגעפיהרט אַליאָשאַ'ן צו דער
גרעפין. איהר שטיעפטאָכטער איז געווען כמעט א שעהנהייט, כמעט
נאָך א מיידעלע, נאָר מיט א זעלטען הארץ, מיט א ליכטיגער, פרומער
נשמה, א פרעהליכע, א קלוגע, א צארטע. דער קניאז האָט גערעכענט,

אז דאס האלבע יאָהר האָט דאָך געגומען דאָס ווייניגע, אז נאַטאַשאַ האָט שוין מעהר ניט געהאַט פאַר זיין זוהן דעם רייץ פון נייקייט, און אז ער וועט שוין איצטער ניט קוקען אויף זיין כלה מיט אזעלכע אויגען ווי מיט א האלב יאָהר צוריק. ער האָט נאָר טיילווייז געטראָפען... אליאָשא איז ווירקליך הינגעריסען געוואָרען. איך וועל נאָך צוגעבען, אז דער פאָטער איז פּלוצלונג געוואָרען אונגעוועהנליך צערטליך צום זוהן (כאָטש ער האָט איהם אלץ קיין געלט ניט געגעבען.) אליאָשא האָט געפיהלט, אז אונטער דער צערטליכקייט בעהאלט זיך א פעסטער, אונגעענדערטער בעשלוס, און ער האָט געבענקט, — ניט אזוי, איבריגענס, ווי ער וואָלט געבענקט, ווען ער וואָלט קאַטערינא פיעטראָוונאַ'ן ניט געזעהען טעגליך. איך האָב געוואוסט, אז ער האָט זיך שוין דעם פינפטען טאָג ניט געוויזען צו נאַטאַשאַ'ן. געהענדיג פון די איכמעניעווס האָב איך מיט אויפרעגונג אלץ געטראַכט, וואָס אזוינס קען זי מיר ווועלען זאָגען? נאָך פון דערווייטענס האָב איך דערזעהען, אז עס איז ליכטיג אין איהר פענסטער. צווישען אונז איז שוין לאַנג געווען אָבגערעדט, אז זי זאָל שטעלען א ליכטעל אויפ'ן פענסטער, אויב זי דאַרף מיך זעהר און אומבעדינגט זעהען, אזוי אז אויב מיר איז אויסגעקומען פאַרבייצוגעהן אין דער נאָהענט (און דאָס איז מיר אויסגעקומען כמעט יעדען אָווענד), האָב איך דאָך, לויט דעם אונגעוועהנליכען ליכט אין פענסטער, געקענט וויסען, אז מען וואַרט אויף מיר און אז זי דאַרפט מיך. פאַר דער לעצטער צייט האָט זי אָפט ארויסגעשטעלט דאָס ליכט...

---

## פינפצענטער קאַפּיטעל.

איך האָב געטראָפען נאַטאַשאַ'ן אליין. זי איז שטיל געגאַנגען הין און צוריק איבער דער שטוב, די הענט פאַרלעגט אויף דער ברוסט און איז געווען טיעף פאַרטראַכט. דער אויסגעהענדיגער סאַמאָוואַר איז געשטאַנען אויפ'ן טיש און האָט שוין פון לאַנג געוואַרט אויף מיר. שווייגענדיג און מיט א שמייכעל האָט זי מיר אויסגעשטרעקט

די האַנט. איהר פּנים איז געווען בלייך, מיט א קרענקליכען אויסדרוק. אין איהר שמייכעל איז געווען עפּעס ליידענדעס, צערטליכקייט, גע־דולד. איהרע בלאַהע, העלע אויגען זיינען ווי גרעסער געוואָרען, די האָר זיינען ווי געדיכטער געוואָרען, — דאָס אַלץ האָט זיך אויסגע־וויזען אַזוי פון דאַרקייט און קראַנקהייט.

— און איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט שוין ניט קומען, — האָט זי געזאָגט, דערלאַנגענדיג מיר די האַנט, — איך האָב אפילו געוואָלט שיקען מאַווראַ'ן צו דיר געוואַר ווערען; איך האָב געטראַכט, צי ביזטו ניט אַמאָל ווידער קראַנק געוואָרען?

— ניין, איך בין ניט קראַנק געוואָרען, מען האָט מיך פאַרהאַל־טען, איך וועל דיר באַלד דערצעהלען. אבער וואָס איז מיט דיר, נאַ־טאַשאַ? וואָס איז געשעהען?

— עס איז גאַרנישט געשעהען, — האָט זי געענטפערט ווי א פאַרוואונדערטע. — וואָס איז דען?

— דו האָסט דאָך געשריבען... נעכטען האָסטו געשריבען, אַז איך זאָל קומען, און דו האָסט נאָך בעשטימט א צייט ניט פריהער, ניט שפּעטער; דאָס איז עפּעס ניט ווי געוועהנליך.

— אַ, יאַ! דאָס האָב איך נעכטען געוואַרט אויף א י ה ם.

— וואָס זשע, ער איז נאָך אַלץ ניט געווען?

— ניין. און איך האָב געטראַכט: אויב ער וועט ניט קומען, וועט מען דאַרפען מיט דיר איבעררעדען, — האָט זי צוגעגעבען, נאָך א קור־צען שווייגען.

— און היינט אָוונד האָסטו איהם ערוואַרט?

— ניין, ניט ערוואַרט; אין אָוונד איז ער דאָרט.

— וואָס זשע דענקסטו, נאַטאַשאַ, ער וועט שוין אינגאַנצען קיינמאָל ניט קומען?

— פאַרשטעהט זיך, ער וועט קומען, — האָט זי געענט־פערט, א קוק טהוענדיג אויף מיר מיט א בעזונדערען ערנסט.

איהר איז ניט געפעלען די געשווינדקייט פון מיינע פראַגעס. מיר זיינען שטיל געבליבען, אומגעהענדיג ווייטער איבער'ן צימער.

— איך האָב אַלץ געוואַרט אויף דיר, וואַניאַ, — האָט זי ווידער אָנגעהויבען מיט א שמייכעל, — און דו ווייסט, וואָס איך האָב גע־טהאָן? איך בין געגאַנגען דאָ הין און צוריק און האָב געלעזען ליע־

דער פון אויסענווענינג: געדענקסט — א גלעקעלע, א ווינטערדיגער וועג: „אויפ׳ן דעמבענעם טיש קאַכט שוין מיין סאַמאָוואַר...“

עס ליעגט שוין דער שטורעם; עס לייכט שוין דער וועג,
די נאַכט קוקט מיט טויזענדער טונקעלע אויגען...

— און דערנאָך:

און פלוצלונג דערהער איך — אַ שטים אַזוי שעהן,
און גלעקעלעך פרעהליך מיט איהר:
„אוי, ווען וועט מיין ליעבסטער שוין קומען צוגעהן,
צו זוכען אַנ׳אָברוה ביי מיר!
האב איך דען ניט לעבען! — קוים בליצט נאָר אַ שטראַל,
און גיט אויף מיין פענסטער דעם פראָסט נאָר אַ גלעט,
אויפ׳ן דעמבענעם טיש קאָכט שוין מיין סאַמאָוואַר,
מיין אויוועלע קנאַקט און בעלייכט מיר דערפאַר
הינטער דעם פארביגען פוירהאַנגעל ס׳בעט“...

— ווי גוט דאָס איז! ווי דאָס ליעד פייניגט, וואַניא! און וואָס פאר א פאַנטאַסטיש, ריעזיג בילד. עס איז בלויז א קאַנווע און א פאָרם איז אַנגעצייכענט דערויף, נעה אויס וואָס דו ווילסט. צוויי געפיהלען: דאָס פריהעריגע און דאָס לעצטע. דער דאָזיגער סאַמאָוואַר, דער דאָזיגער סיצענער פוירהאַנג, — דאָס איז אַלץ אזוי היימיש... דאָס איז אַזוי ווי אין די בעל הבית׳ישע הייזלעך אין אונזער אויעזדנע שטעטיל; איך זעה כמעט דאָס הויז אפילו: ניי, פון קלעצער, נאָך מיט קיין ברעטער ניט בעשלאָגען... און דערנאָך דאָס צווייטע בילד:

און פלוצלונג — די אייגענע שטים אַזוי שעהן,
און גלעקעלעך טרויריג מיט איהר:
„וואו איז מיין פריינד? כ׳שרעק מיך, אַט קומט ער צוגעהן
און טוליעט זיך צערטליך צו מיר!
האָב איך דאָס אַ לעבען! אי פינסטער, אי קליין,
אי עס בלאָזט אין מיין שטיבעל: ס׳איז טרויריג און באַנג...
אַ קאַרשענבוים וואַקסט פאר׳ן פענסטער אַליין,

מען קען שוין אויך איהם דורך דער פראָסט־שויב ניט זעהן,
קען זיין ער איז טויט שוין פון לאַנג.
אַ לעבען! דאָס פאַרביגע פוירהאַנגעל בלייבט זיך אויף גראָה;
איך וואנדעל אַ קראַנקע און פאָהר ניט צו די עלטערען,
נישטאָ ווער ס'זאָל מיך זידלען — קיין ליעבער נישטאָ...
די אַלטע נאַר וואָרטשעט"... —

— „איך וואנדעל אַ קראַנקע"... ווי גוט די „קראַנקע" איז דאַ אריינגעשטעלט! „נ י ש ט אָ ו ו ע ר ס'ז אָ ל מ י ך ז י ד ־ ל ע ן." — וויפיעל צאַרטקייט, צערטליכקייט עס איז דאַ אין דעם ליעד און ליידען פון עראינערונגען, און דערצו ליידען, וועלכע דו האָסט אליין ארויסגערופען און שפיעלסט דיך נאָך מיט זיי... גאָט, ווי שעהן דאָס איז! ווי דאָס טרעפט זיך!

זי איז שטיל געבליבען, ווי זי וואָלט דערדריקט ספּאַזמען, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען אין האלז.

— טייערינקער מיינער, וואַניאַ! — האָט זי מיר געזאָגט אין אַ מינוט ארום און איז פּלוצים ווידער שטיל געבליבען, ווי זי וואָלט אליין פארגעסען, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגען, אדער זי האָט עס געזאָגט גלאָט אזוי, אָהן א געדאַנק, פון עפּעס א פּלעצליכען געפיהל.

דערווייל זיינען מיר אלץ אומגעגאַנגען איבער'ן צימער. פאַר'ן הייליגען בילד האָט געברענט דאָס לעמפּעלע. פאַר דער לעצטער צייט איז נאַטאַשאַ געוואָרען אלץ פרומער און זי האָט ניט ליעב געהאַט, ווען מען האָט מיט איהר אָנגעהויבען צו רעדען וועגען דעם.

— וואָס, מאָרגען איז א יום־טוב? — האָב איך געפרעגט, — ביי דיר ברענט דאָס לעמפּעלע.

— ניין, ניט קיין יום טוב... נו, זעץ דיך וואַניאַ, דו ביזט מן הסתם מיעד. ווילסט טעע? דו האָסט דאָך נאָך ניט געטרונקען?

— איך וועל מיך זעצען, נאַטאַשאַ. טעע האָב איך געטרונקען.

— פון וואַנען קומסטו דען איצט?

— פון ז י י. — אזוי האָבען מיר שטענדיג אָנגערופען צווישען זיך די עלטערענס הויז.

— פון זיי? ווי אזוי האָסטו צייט געהאַט? ביזט אליין אריינגע־גאַנגען? מען האָט דיך גערופען?...

זי האט מיך פארשיט מיט פראגען. איהר פנים איז נאך בלייכער געווארען פון אויפרעגונג. איך האב איהר גענוי דערצעהלט מיין בע־געגניש מיט דעם אלטען, דעם שמועס מיט דער מוטער, די סצענע מיט דעם מעדאליאנטשיק, — איך האב עס איהר דערצעהלט גענוי און מיט אלע פיצעלעך. איך האב פון איהר קיינמאל קיין זאך ניט בעהאלטען. זי האט געהערט גיעריג, אויפכאפענדיג מיין יעדעסווארט. טרעהרען האבען א בליץ געטהאן אויף איהרע אויגען. די סצענע מיט דעם מעדאליאנטשיק האט זי שטארק אויפגערעגט.

— ווארט, ווארט, וואניא, — האט זי געזאגט, איבעררייסענדיג אפט מיין ערצעהלונג, — רעד גענויער, אלץ, אלץ, ווי מעגליך גע־נויער, דו דערצעהלסט עס מיר ניט אזוי גענוי!...

איך האב איבערגע'חזר'ט א צווייט און א דריט מאל, אלע ווייל־ענטפערענדיג אויף איהרע אונאויפהערליכע פראגען וועגען איינצעל־הייטען.

— און דו מיינסט טאקע, אז ער איז געגאנגען צו מיר?

— איך וויים ניט, נאטאשא, און איך קען מיר אפילו ניט צו־זאמענשטעלען קיין מיינונג, אז ער בענקט נאך דיר און האט דיך ליעב, דאס איז קלאר; נאר, אז ער איז געגאנגען צו דיר, דאס... דאס...

— און ער האט געקושט דעם מעדאליאן? — האט זי מיר אי־בערגעשלאגען, — וואס האט ער געזאגט, ווען ער האט איהם גע־קושט?

— עס האט זיך ניט געקלעבט, בלויז אויסגעשרייען; ער האט דיך אנגערופען מיט די צערטליכסטע נעמען, ער האט דיך גערופען...

— גערופען?

— יא.

זי האט זיך שטיל צעוויינט.

— ארעמע! — האט זי געזאגט. — און אויב ער וויסט אלץ,— האט זי צוגענעבען נאך א געוויסען שווייגען, — איז דאס ניט קיין חכמה. ער וויסט אויך א סך וועגען אליאשא'ס פאטער.

— נאטאשא, — האב איך ציטערדיג געזאגט. — לאמיר געהן צו זיי...

— ווען? — האט זי א פרעג געטהאן, בלייך ווערענדיג און אין

שיער אויפגעשטאנען פון שטוהל. זי האט געמיינט, אז איך רוף זי נלייך.

— ניין, וואניא, — האט זי צוגעגעבען, ארויפלעגענדיג מיר בייר דע הענט אויפ'ן אקסעל און שמייכלענדיג טרויריג, — ניין, טייערער; דאס זיינען דיינע שטענדיגע רייד, נאר... רעד ניט בעסער וועגען דעם.

— וועט דאס צורייסעניש זיך קיינמאל, קיינמאל דען ניט ענדיגען? — האב איך טרויריג א געשריי געטהאן. — ניט שוין זשע ביזטו אויף אזוי פיעל שטאלץ, אז דו ווילסט דעם ערשטען שריט ניט טהאן! דער שריט ווענדט זיך אן דיר; דו דארפסט איהם די ערשטע טהאן. אפשר ווארט דער טאטע נאר אויף דעם, אז ער זאל דיר מוחל זיין... ער איז א טאטע; ער איז פון דיר באליידיגט! האב דרך ארץ פאר זיין שטאלץ; ער איז געזעצליך, ער איז נאטירליך! דו דארפסט דאס טהאן. פריוו, און ער וועט דיר מוחל זיין אהן שום בעדינגונגען.

— אהן בעדינגונגען! דאס איז אומעגליך; און ווארף מיר ניט פאר אומזיסט, וואניא. איך טראכט וועגען דעם טאג און נאכט. נאכדעם ווי איך האב זיי אוועקגעווארפען איז, קען זיין, ניט געווען קיין טאג, אז איך זאל וועגען דעם ניט טראכטען. און וויפיעל מאל האבען מיר שוין ביידע גערעדט וועגען דעם! דו ווייסט דאך אליין, אז דאס איז אומעגליך!

— פריוו!

— ניין, מיין פריינד, מען טאר ניט. און אויב איך וועל עס שוין יא פריוועו, וועל איך איהם נאך מעהר אין כעס מאכען אויף מיר. דאס וואס מען קען ניט אומקעהרען, ווערסטו שוין ניט אומקעהרען. און דו ווייסט, וואס אייגענטליך מען קען שוין דא ניט אומקעהרען? דו וועסט ניט אומקעהרען די קינדערישע, גליקליכע טעג, וואס איך האב פארלעבט צוזאמען מיט זיי. ווען דער טאטע זאל מיר שוין מוחל זיין, וואלט ער מיך דאך איצטער ניט דערקענט. ער האט מיך ליעב געהאט נאך א מיידעלע, א גרויס קינד. ער האט ליעב געהאט מיין קינדער... ע איינפאכקייט; ווען ער האט מיך געצערטעלט, האט ער מיך נאך געגלעט איבער'ן קעפעלע, פונקט אזוי ווי דאמאלס ווען איך בין געוועזען א זיבען יעהריג מיידעלע און האב זיצענדיג אויף

זיין שוים איהם געזונגען מיינע קינדערישע ליעדלעך. פון מיין סאַ־מע קינדהייט אַן ביז'ן לעצטען טאָג פלעגט ער צוקומען צו מיין בעט און מיך איבער'צלמ'ען אויף ביינאכט. א חודש פאר אונזער אומגליק האָט ער מיר געקויפט אוירינגלעך, אָהן מיין וויסען (און איך בין אַלץ געוואָר געוואָרען), און האָט זיך געפרעהט ווי א קינד, ווען ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי איך וועל מיך פרעהען מיט דער מתנה און איז שרעקליך ברוגז געוואָרען אויף אלע און אויף מיר די ערשטע, ווען ער איז פון מיר אליין געוואָר געוואָרען, אז איך ווייס שוין פון לאַנג, אז די אוירינגלעך זיינען געקויפט געוואָרען. דריי טעג פאר מיין אוועקגעהן האָט ער בעמערקט, אז איך בין אומעטיג, און באלד איז ער אליין אויך אומעטיג געוואָרען ביז קראנקהייט אַן, — ווי מיינסטו ? — כדי מיך צוצושטרייען איז איהם איינגעפאלען צו נע־מען א בילעט אין טהעאטער אריין !... מיין וואָרט, ער האָט מיך געוואָלט דערמיט אויסהיילען ! איך זאָג דיר איבער נאָך אמאָל, ער האָט געקענט און ליעב געהאט א מיידעלע און האָט אפילו ניט גע־וואָלט טראכטען וועגען דעם, אז איך וועל אמאָל אויך ווערען א פרוי... דאָס איז איהם אפילו אין קאָפּ אריין ניט געקומען. און איצ־טער, ווען איך זאָל מיך אומקעהרען אהיים, וואָלט ער מיך אפילו ניט דערקענט. און ווען ער וויל מיר שוין מוחל זיין, ווער ווען ווער ער — וועמען וועט ער איצטער בעגעגענען ? איך בין שוין ניט יענע, שוין ניט קיין קינד, איך האָב א סך איבערגעלעבט. ווען איך וועל איהם שוין צוליעב טהאָן, — וועט ער אַלץ קרעכצען אויפ'ן פארגאנגענעם גליק, וועט דענקען, אז איך בין גאָרנישט די אייגענע פון אמאָל, ווען ער האָט מיך נאָך ליעב געהאט אלס קינד ; און דאָס אלטע ווייזט זיך שטענדיג אוים בעסער ! עס דערמאנט זיך מיט וועהטאָג ! אָ, ווי גוט איז דאָס פארגאנגענע, וואַניא, — האָט זי א געשריי געטהאָן, ווערענדיג אליין הינגעריסען און איבערשלאָגענדיג זיך אליין מיט דעם אויסגעשריי, וועלכער האָט זיך מיט וועהטאָג ארויסגעריסען פון איהר הארץ.

— דאָס אלץ איז אמת, — האָב איך געזאָגט, — וואָס דו רעדסט, נאַטאַשאַ. הייסט עס, אז ער דארף דיך איצטער דערקענען און דיך ליעב בעקומען אויפסניי. און די הויפּטזאַך : דערקענען. וואָס זשע ? ער וועט דיך ליעב בעקומען אויך. מיינסטו טאקע, אז ער

איז ניט אימשטאַנד דיך צו דערקענען און פאַרשטעהן, — ער, ער, אזא הארץ!

— אָה, וואניא, זיי ניט אומגערעכט! און וואָס אזוינס איז דען דאָ אין מיר צו פאַרשטעהן? איך האָב ניט וועגען דעם גערעדט. זעהסטו, וואָס נאָך: דעם טאַטענס ליעבע איז אויך אייפערזיכטיג. איהם פארדריסט, וואָס אָהן איהם האָט זיך עס אלץ אָנגעהויבען און געענדיגט מיט אליאָשא'ן, און ער האָט עס ניט געוואוסט, פאַרזעהען. ער ווייסט, אז ער האָט דאָס ניט געאָהנט אפילו, און די אומגליקליכע פאָלגען פון אונזער ליעבע, מיין אנטלויפען שרייבט ער צו נאָר צו מיין „אונדאנקבארער" בעהאלטענקייט. איך בין ניט גע־קומען צו'ן איהם פון אָנהויב אָן, איך האָב שפעטער ניט קיין חרטה געהאט פאר איהם אין יעדען ריהר פון מיין הארץ, פונ'ם סאמע אָנהייב פון מיין ליעבע; פארקעהרט, איך האָב אלץ בעהאלטען אין מיר, איך האָב מיך אויסבעהאלטען פון איהם און איך פארזיכער דיך, וואניא, אז אין דער שטיל טהוט איהם דאָס נאָך מעהר וועה און באליידיגט איהם מעהר, איידער די פאָלגען פון דער ליעבע אליין, — דאָס וואָס איך בין פון זיי אוועקגעגאנגען און האָב מיך אינגאנצען אָבגעגעבען צו מיין געליעבטען. לאָמיר זאָגען, ער וואָלט מיך איצטער געטראָפען ווי א פאטער, ווארים און צערטליך, נאָר דער קערן פון שנאה וועט בלייבען. אויפ'ן צווייטען, אויפ'ן דריטען טאָג וועלען זיך אָנהייבען קרענקונגען, מיספארשטענדענישען. פאָר־ווארפען. דערצו וועט ער מיר ניט מוחל זיין אָהן בעדינגונגען. איך, לאָמיר זאָגען, וועל זאָגען דעם אמת פון טיעפסטען הארצען, אז איך פארשטעה, ווי איך האָב איהם באליידיגט, ווי ווייט פארשולדיגט איך בין געגען איהם. און כאָטש עס וועט מיר וועה טהאָן, אויב ער וועט ניט וועלען פארשטעהן, וואָס עס האָט מיך אליין געקאָסט דאָס גאנצע ג ל י ק מיט אליאָשא'ן, וואָסערע צרות איך האָב אליין איבערגעטראָגען, איך וועל אבער דערשטיקען מיין וועהטאָג, וועל אלץ איבערטראָגען, — אָבער איהם וועט דאָס אויך זיין ווייניג. ער וועט פאָדערען פון מיר אנ'אומעגליכע פארגיטיגונג: ער וועט פאָדערען, אז איך זאָל פארשעלטען מיין פארגאנגענהייט, זאָל פאַרשעלטען אליאָשא'ן און זאָל חרטה האָבען אין מיין ליעבע צו'ן איהם. ער וועט וועלען דאָס אומעגליכע: אומקעהרען דאָס פארגאנגענע און אויס־

מעקען פון אונזער לעבען דאָס לעצטע האַלבע יאָהר. אבער איך וועל קײנעם ניט פארשעלטען, איך קען ניט חרטה האָבען... אזוי איז עס שוין אויסגעקומען.. אזוי איז עס געשעהען... נײן, וואַניאַ, איצטער טאָר מען ניט. די צײט איז נאָך ניט געקומען.

— ווען זשע וועט קומען די צײט?

— איך ווײס ניט... מען דארף ווי עס איז אויפסנײ אויסלײדען אונזער צוקונפטיג גליק; קויפען עס מיט וואסערע ס'איז נײע צרות, מיט צרות רײניגט זיך אלץ אָב... אָך, וואַניאַ, וויפיעל וועהטאָג עס איז פאראהאן אין לעבען!

איך בין שטיל געבליבען און האָב פארטראכט געקוקט אויף איהר.

— וואָס קוקסטו אויף מיר אזוי, אַליאָשאַ, מײן איך וואַניאַ?— האָט זי ארויסגערעדט, א טעות האָבענדיג און צושמײכלענדיג זיך איבער איהר טעות.

— איך קוק איצטער אויף דײן שמײכעל, נאַטאַשאַ, וואו האָסטו איהם גענומען? דו האָסט פריהער ניט געהאַט אזא שמײכעל.

— און וואָס איז דען אין מײן שמײכעל?

די אמאָליגע קינדישע נאַאיווקײט, אמת, איז נאָך דא אין איהם... נאָר ווען דו שמײכעלסט, איז גלײך ווי עס וואָלט דיר אין דער אײנענער צײט עפּעס שטארק וועה געטהאָן אין הארצען. אָט ביזטו דארער געוואָרען, נאַטאַשאַ און די האָר זײנען עפּעס ווי גע־דיכטער געוואָרען... וואָס פאר א קלײד טראָגסטו עס? דאָס איז נאָך בײ זײ געמאַכט געוואָרען?

— ווי ליעב דו האָסט מיך, וואַניאַ, — האָט זי געענטפערט צערטליך א קוק טהוענדיג אויף מיר. — נו, און דו, וואָס טהוסט דו איצטער? ווי געהען עס דײנע געשעפטען?

— זײ האָבען זיך ניט געענדערט; איך שרײב אלץ דעם ראָ־מאַן; און ער געהט שווער, עס גײט זיך ניט. די בעגײסטערונג האָט זיך אויסגעגײסטערט. מען האָט עס אפילו, פארשטעהסטו, געקענט אנשרײבען פון דער האַנט אוועק, און עס וואָלט ארויס אינטערע־סאַנט; נאָר עס איז א שאָד קאַליע צו מאַכען א גוטע אידעע. די איז פון די בעליעבטע. און מען דארף עס אומבעדינגט צושטעלען צו דער צײט אין זשורנאַל אריין. איך טראכט אפילו אוועקצואווארפען דעם

ראמאן און צוצוטראַכטען אַנ'ערצעהלונג אויף גיך, אַזוי עפּעס א לייכטע און שעהנע זאַך און אבסאָלוט אָהן א טרויריגער ווענדונג... אָבער אבסאָלוט... אלע דאַרפען זיך פרעהען און צופריעדען זיין!

— ארעמער, ווי שווער דו ארבייטסט! און וואָס איז מיט סמיט'ן?

— סמיט איז דאָך געשטאָרבען.

— ער איז ניט געקומען צו דיר? איך זאָג דיר ערנסט, וואַניא: דו ביזט קראַנק, דיינע נערווען זיינען צושרויפט, דו האָסט אלץ חלומות. ווען דו האָסט מיר דערצעהלט וועגען דעם דינגען די דירה, האָב איך דאָס אלץ בעמערקט אין דיר. וואָס זשע די דירה איז פייכט, ניט גוט?

— יאָ! ביי מיר האָט זיך נאָך געטראָפען א מעשה, היינט אָוונד... איבריגענס, איך וועל עם דיר שפּעטער דערצעהלען.

זי האָט מיך שוין ניט געהערט און איז געזעסען טיעף פאַר־טראַכט.

— איך פאַרשטעה ניט, ווי אַזוי איך האָב דאַמאָלס געקענט אוועקגעהן פון ז י י; איך האָב געהאַט היץ, — האָט זי ארויס־גערעדט, ענדליך, א קוק טהוענדיג אויף מיר מיט אַזא בליק, מיט וועלכען זי האָט ניט ערוואַרט קיין ענטפער.

וואָלט איך מיט איהר גערעדט אין דער מינוט, וואָלט זי מיך אפילו ניט געהערט.

— וואַניא, — האָט זי געזאָגט מיט א שטים קוים צום דערהע־רען, — איך האָב דיך געבעטען צו מיר צוליעב א זאַך.

— וואָס אַזוינס?

— איך צושייד מיך מיט איהם.

— האָסט דיך שוין צושיידט אָדער דו צושיידסט דיך?

— מען דאַרף מאַכען א סוף צו דעם לעבען. איך האָב דיך גע־רופען, אז איך זאָל דיר אויסדריקען אלץ, אלץ וואָס האָט זיך איצ־טער אָנגעזאַמעלט, און וואָס איך האָב פון דיר בעהאַלטען ביז איצטער. — זי האָט שטענדיג אַזוי אָנגעהויבען מיט מיר, פאַרטרוי־ענדיג מיר איהרע בעהאַלטענע אבזיכטען, און שטענדיג כמעט איז אויסגעקומען, אז איך האָב שוין פון לאַנג געוואוסט די סודות טאַקע פון איהר אליין.

— אוי, נאטאשא, איך האב דאס טויזענד מאל געהערט פון דיר! פארשטעהסט זיך, איהר קענט צוזאמען ניט לעבען; אייער פארבינדונג איז עפּעס א מאדנע; צווישען אייך איז נישטא קיין שום געמיינשאפטליכקייט. נאר... צו ווערסטו האבען גענוג כח?

— פריהער האב איך עס בלויז בדעה געהאט, וואניא; איצטער האב איך מיך פאלשטענדיג ענטשלאסען. איך האב איהם ליעב אהן א סוף, און אין דער אייגענער צייט קומט אויס, אז איך בין איהם דער ערשטער שונא; איך מאך א תל פון זיין צוקונפט. מען דארף איהם בעפרייען. חתונה האבען מיט מיר קען ער ניט; ער איז ניט אימשטאנד צו געהן געגען פאטער. איך וויל איהם אויך ניט צובינדען. און דערפאר בין איך אפילו צופריעדען, וואס ער האט זיך פארליעבט אין דער כלה, וואס מען שדכנ'ט איהם. איהם וועט לייכטער זיין צו שיידען זיך מיט מיר. איך מוז דאס טהאן! דאס איז א חוב... אויב איך האב איהם ליעב, דארף איך פאר איהם אלץ מקריב זיין, איך מוז איהם בעווייזען מיין ליעבע, דאס איז א חוב! ניט אמת?

— ווערסט דאך איהם אבער ניט איינרעדען.

— איך וועל עס איהם גאר ניט איינרעדען. איך וועל זיין מיט איהם אזוי ווי פריהער, ווען ער זאל אפילו איצטער אריינקומען. נאר איך מוז אויסזוכען א מיטעל, אז איהם זאל זיין גרינג מיך איבערצולאזען און דאס געוויסען זאל איהם ניט פלאגען. אט וואס מיך פּייניגט, וואניא; העלף. קענסטו מיר ניט עפּעס אנ'עצה געבען?

— עס איז דא נאר איין מיטעל, — האב איך געזאגט, — איהם אויפהערען ליעב צו האבען און ליעב צו קריעגען אנ'אנדערען. נאר ווער ווייסט צו דאס וועט זיין א מיטעל. דו קענסט דאך זיין כאראקטער. אט קומט ער ניט צו דיר פינף טעג. נעם דיר פאר, אז ער האט דיך איינגאנצען פארלאזט; דו דארפסט איהם נאר אנשרייבען, אז דו פארלאזסט איהם אליין, וועט ער גלייך קומען צו לויפען צו דיר.

— פארוואס האסטו איהם ניט ליעב, וואניא?

— איך!

— יא, דו, דו! דו ביזט איהם א שונא, א בעהאלטענער און אנ'אפענער! דו קענסט ניט רעדען וועגען איהם אהן נקמה. איך האב טויזענד מאל בעמערקט, אז עס איז ביי דיר דאס ערשטע פארגעניגען

איהם צו דערנידעריגען און פארשווארצען! בעזונדערס טאקע פאר־שווארצען, איך זאָג דעם אמת!

— און טויזענד מאָל האָסטו מיר שוין דאָס געזאָגט. גענוג, נאטאשא; לאָמיר אָבלאָזען דעם שמועס.

— איך וואָלט מיך געוואָלט איבערציהען אין אַנ׳אַנדערער דירה, — האָט זי ווידער אָנגעהויבען רעדען נאָך א קורצען שווייגען.

— זיי ניט בייז, וואניא...

— נו, וואָס, ער וועט אין אַנ׳אַנדערער דירה אויך קומען, און איך בין, אויף מיין ווארט, ניט בייז.

— די ליעבע איז שטארק; א נייע ליעבע קען אָבהאַלטען, און אז ער וועט צוריקקומען צו מיר, איז עס אפשר בלויז אויף א מינוט, ווי מיינסטו?

— איך ווייס ניט, נאטאשא, אין איהם איז אַלץ צו־טומעלט און צופלאָנטערט, ער וויל מיט יענער חתונה האָבען און דיך האָט ער ליעב. ער קען עפּעס דאָס אלץ טהאָן מיט איינמאָל.

— ווען איך וואָלט געוואוסט אויף זיכער, אז ער האָט זי ליעב, וואָלט איך מיך ענטשלאָסען... וואניא! בעהאַלט פון מיר גאָרנישט! צי ווייסטו עפּעס, וואָס דו ווילסט מיר ניט זאָגען, צי ניט?

זי האָט געקוקט אויף מיר מיט אַנ׳אונרוהיגען, פאַרשענדיגען בליק.

— איך ווייס קיין זאך ניט, מיין פריינד, איך גיב דיר מיין עהרענוואָרט; מיט דיר בין איך שטענדיג געווען אָפענהערציג. איב־ריגענס, אָט וואָס איך דענק נאָך: אפשר איז ער גאָר אינגאַנצען ניט פארליעבט אין דער גרעפינ׳ס שטיעפטאָכטער אזוי שטארק, ווי מיר דענקען. אזוי זיך, ארייִנגעצויגען...

— מיינסט אזוי, וואניא? גאָט, ווען איך וואָלט דאָס געוואוסט אויף זיכער! אָ, ווי איך וואָלט איהם געוואָלט זעהען אין דער מי־נוט, נאָר א קוק טהאָן אויף איהם. איך וואָלט אויף זיין פּנים אַלץ דערקענט! און ער איז נישטאָ! ער איז נישטאָ!

— צי וואַרטסטו דען אויף איהם, נאטאשא?

— ניין, ער איז ביי א י ה ר; איך ווייס; איך האָב געשיקט געוואָר ווערען. ווי איך וואָלט געוואָלט א קוק טהאָן אויף איהר אויך.. הער, וואניא, איך וועל זאָגען א נארישקייט, אבער צי דען קען איך

זי אויף קיין פאל ניט זעהען, קען מיך מיט איהר אין ערגיץ ניט בעגעגענען? ווי מיינסטו?

זי האט מיט אומרוהיגקייט געווארט, וואס איך וועל זאגען.

— זעהען קען מען. אבער בלויז זעהען — איז דאך ווייניג.

— עס וואלט גענוג געווען כאטש בלויז צו זעהען, און איך וואלט שוין אליין אלץ געטראפען. הער, איך בין דאך געווארען אזא נאר; איך געה און געה דא ארום, אלץ אליין, אלץ אליין, — טראכט אלץ; די געדאנקען, אזוי ווי עפעס א ווינד; עס איז אזוי שווער! און איך האב אויסגעטראכט, וואניא: צי וואלסטו דיך ניט געקענט מיט איהר בעקענען? די גרעפין האט דאך (האסט עס דאמאלס אליין דערצעהלט) געלויבט דיין ראמאן; דו געהסט דאך טיילמאל אויף אווענדען צום קניאז ר...; זי קומט דארט אפט אהין. מאך, אז מען זאל זי דיר דארטען פארשטעלען. ווייסטו גאר וואס, אליאשא אליין האט דיך געקענט בעקענען מיט איהר. און דערנאך וואלסטו מיר אלץ דערצעהלט וועגען איהר.

— נאטאשא, מיין פריינד, וועגען דעם שפעטער. אבער אט וואס: מיינסטו טאקע ערנסט, אז דו וועסט האבען גענוג כח אויף א צושיידונג? קוק דיך איצטער אן: וואס ביזטו, א געשטארבענע?

— איך... וועל... האבען! — האט זי געענטפערט קוים צום דערהערען. — אלץ פאר איהם. מיין גאנץ לעבען איז פאר איהם. נאר, ווייסטו, וואניא, איך קען עס ניט איבערטראגען, וואס ער איז איצטער ביי איהר, האט וועגען מיר פארגעסען, זיצט נעבען איהר, דערצעהלט, לאכט, געדענקסט, אזוי ווי דא ער פלעגט צו זיצען... קוקט איהר גלייך אין די אויגען אריין; ער קוקט שטענדיג אזוי; און אויפ'ן געדאנק קומט איהם אפילו ניט איצטער, אז איך בין אט דא... מיט דיר.

זי האט ניט דערענדיגט און מיט פארצווייפלונג א קוק געטהאן אויף מיר.

— ווי אזוי זשע האסטו, נאטאשא, נאך איצטער, אט נארוואס נאך גערעדט...

— לאמיר זיך צוזאמען, אלע צוזאמען צושיידען! — האט זי איבערגעשלאגען מיט א פינקלענדיגען בליק. — איך וועל איהם אליין בענשען דערצו... נאר שווער איז, וואניא, ווען ער וועט אליין, דער

ערשטער, מיך פארגעסען! אוי, וואניא, וואָס פאר א וועהטאָג דאָס איז! איך פארשטעה מיך אליין ניט: מיט'ן שכל קומט אויס אזוי, און אויף אנ'אמת איז ניט אזוי! וואָס וועט מיט מיר זיין!

— גענוג, גענוג, נאטאשא, בערוהיג דיך!...

— און אָט איז שוין פינף טעג, יעדע שעה, יעדע מינוט... חלום איך, שלאָף איך, אלץ וועגען איהם, וועגען איהם! ווייסטו, וואניא: מיר וועלען געהן אהין, פיהר מיך צו!

— גענוג, נאטאשא!

— ניין, לאָמיר געהן! איך האָב נאר אויף דיר געוואַרט, וואניא! איך טראכט שוין דריי טעג וועגען דעם, און אָט וועגען דער זאך האָב איך עס דיר געשריבען... דו מוזט מיך באלייטען; דו דארפסט מיר ניט אָבזאָגען אין דעם... איך האָב געוואַרט אויף דיר... דריי טעג... דאָרט איז היינט אנ'אָוועגד... ער איז דאָרט.. קום!

זי איז געוועזן ווי אין פיעבער. אינ'ם פאָדערצימער האָט זיך דער־הערט א גערויש; מאַווראַ האָט זיך עפּעס אזוי ווי געקריעגט מיט אימיצען.

— שטעה, נאטאשא, ווער איז דאָס? — האָב איך געפרעגט.— הער!

זי האָט זיך צוגעהערט מיט אנ'אונצוטרויליכען שמייכעל און איז פּלוצלונג שרעקליך בלאָס געוואָרען.

— גאָט מיינער! ווער איז דאָרט? — האָט זי ארויסגערעדט מיט א קוים הערבארער שטים.

זי האָט מיך שוין געוואָלט אבהאלטען, נאָר איך בין ארויס אין פאָדערצימער צו מאַווראַ'ן. אזוי איז עס טאַקע! דאָס איז געוועזן אַליאָשא. ער האָט זיך וועגען עפּעס אויסגעפרעגט ביי מאַווראַ'ן; יענע האָט איהם אין אָנהייב ניט אריינגעלאָזט.

— פון וואַנען האָט ער זיך געיאַוועט? — האָט זי גערעדט, אַלס די וואָס האָט די מאַכט. — וואָס? וואו האָט ער עס ארומגע־בריקעוועט? נו, געה שוין, געה! מיך קענסטו ניט אונטערשמירען! געה דיר: נו וואָס וועסטו ענטפערען?

— איך האָב פאר קיינעם ניט קיין מורא! איך וועל אריינ־געהן! — האָט גערעדט אַליאָשא, אביסעל, איבּדיגענס, פאר־שעהמט.

— נו, געה! ביזט דאך עפּעס א פּלינקער!

— און איך וועל געהן! אה! איהר זענט אויך דא! — האָט ער געזאָגט, דערזעהענדיג מיך, — ווי גוט עס איז, וואָס איהר זענט אויך דא! נו, אָט בין איך אויך! איהר זעהט; ווי אזוי זשע זאָל איך איצטער...

— געהט פּשוט אריין, — האָב איך געענטפערט, — וואָס האָט איהר מורא?

— איך האָב גאָרנישט קיין מורא, איך פאַרזיכער אייך, דער־פאַר ווייל איך בין אויף מיין וואָרט ניט שולדיג. איהר מיינט, איך בין שולדיג? אָט וועט איהר זעהן, איך וועל מיך באלד פאַרענטפער־רען. נאַטאַשאַ, מען קען אריין צו דיר? — האָט ער א געשריי גע־טהאָן מיט א מין געמאכטער דרייסטקייט, בלייבענדיג שטעהן פאַר דער פאַרמאַכטער טהיר.

— קיינער האָט ניט געענטפערט.

— וואָס זשע איז דאָס? — האָט ער געפרעגט מיט אומרו־היגקייט.

— גאָרנישט, זי איז דאָרט נאָר וואָס געווען, — האָב איך גע־ענטפערט, — איז דען עפּעס...

אַליאָשאַ האָט פאַרזיכטיג געעפענט די טהיר און שרעקענדיג ארומגעפיהרט זיינע בליקען איבער'ן צימער. עס איז קיינער ניט געווען.

פּלוצלונג האָט ער זי דערזעהען אין'ם ווינקעל, צווישען דער שראַנק און דעם פענסטער. זי איז דאָרט געשטאַנען, ווי זי וואָלט זיך בעהאַלטען, ניט טויט און ניט לעבעדיג. ווען איך דערמאָן מיך וועגען דעם, קען איך מיך נאָך איצטער ניט איינהאַלטען פון שמייכ־לען. אַליאָשאַ איז שטיל און פאַרזיכטיג צוגעגאַנגען צו'ן איהר.

— נאַטאַשאַ, וואָס איז? גוטען אָווענד, נאַטאַשאַ, — האָט ער ניט דרייסט ארויסגערעדט, קוקענדיג אויף איהר ווי מיט שרעק.

— נו, וואָס, נו... גאָרנישט!... — האָט זי געענטפערט אין א שרעקליכער פאַראומערטקייט, גליך זי וואָלט עס געווען די שולדי־גע. — דו... ווילסט טעע?

— נאַטאַשאַ, הער... — האָט אַליאָשאַ גערעדט, פאַלשטענדיג פאַרלירענדיג זיך. — דו, קען זיין, ביזט איבערצייגט, אז איך בין

שולדיג... אבער איך בין ניט שולדיג; איך בין אויף דאָס מינדסטע ניט שולדיג! אָט זעהסטו, איך וועל דיר באלד דערצעהלען.

— און צו וואָס דען? — האָט נאַטאַשאַ ארויסגעמורמעלט. — ניין, ניין, מען דארף ניט... בעסער גיב דיין האנט און... געענדיגט... אזוי ווי שטענדיג... — און זי איז ארויסגעגאנגען פונ׳ם ווינקעל; א רויטקייט האָט זיך גענומען בעווייזען אויף איהרע באַקען.

זי האָט געקוקט אראָב, אזוי ווי זי וואָלט מורא געהאט א קוק צו טהאָן אויף אַליאָשאַ׳ן.

— אוי, גאָט! — האָט ער א געשריי געטהאָן מיט בעגייסטערונג, — ווען איך וואָלט נאָר געווען שולדיג, וואָלט איך, דוכט זיך, ניט געוואגט אפילו א קוק צו טהאָן אויף איהר נאָך דעם! גיט נאָר א קוק, גיט נאָר א קוק! — האָט ער געשריגען, זיך ווענדענדיג צו מיר, — אָט: זי האלט מיך פאר שולדיג; אלץ איז געגען מיר, אלע אומשטענדען זיינען געגען מיר! פינף טעג קום איך ניט! עס זיינען דאָ קלאנגען, אז איך בין ביי דער כלה, נו וואָס? זי איז מיר שוין מוחל! זי זאָגט שוין: „גיב מיר די האנט און געענדיגט!“ נאַטאַשאַ, טייבעלע, מלאך מיינער! איך בין ניט שולדיג און דו ווייסט עס! איך בין אויף אַזאַ האָרעלע ניט שולדיג! פארקעהרט! פארקעהרט!

— אָבער... אבער דו ביזט דאָך איצטער ד אָ ר ט... מען האָט דיך איצטער גערופען א ה י ן... ווי אזוי זשע ביזטו דאָ? ווי... ווי שפעט איז?

— האלב עלף! איך בין טאקע דאָרט געוועזען... נאָר איך האָב געזאָגט, אז איך בין קראנק און בין אוועקגעפאָהרען, און דאָס איז דאָס ערשטע, דאָס ערשטע מאָל אין די פינף טעג, וואָס איך בין פריי, וואָס איך בין אימשטאַנד געווען זיך אבצורייסען פון זיי און קומען צופאָהרען צו דיר, נאַטאַשאַ. דאָס הייסט איך האָב פריהער אויך געקענט קומען, נאָר איך בין אומיסטען ניט געקומען! און פארוואָס? דו וועסט עס באלד געוואָר ווערען, איך וועל עס ערקלעהרען; נאָר אויף מיין וואָרט, אז דאָס מאָל בין איך פאר דיר אין קיין זאך ניט שולדיג, אין קיין זאך ניט! אין קיין זאך ניט!

נאַטאַשאַ האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און א קוק געטהאָן אויף איהם... נאָר זיין ענטפערענדיגער בליק האָט געשיינט מיט אזא אָמת׳דיגקייט, זיין פּנים איז געווען אזוי צופריעדען, אזוי עהרליך,

אזוי פרעהליך, אז עס ניט געווען קיין מעגליכקייט איהם ניט צו גלויבען. איך האב געמיינט, זיי וועלען אויסשרייען און זיך ווארפען איינער דעם אנדערען אין די ארעמס, ווי דאס איז שוין פריהער עט־ליכע מאל געשעהען ביי עהנליכע איבערבעטונגען. נאר נאטאשא, אזוי ווי א דערדריקטע פון גליק, האט אראבגעלאזט דעם קאפ אויף דער ברוסט און פלוצלונג... האט זי זיך שטיל צעוויינט... דא האט שוין אליאשא ניט געקענט אויסהאלטען. ער האט זיך געווארפען צו'ן איהרע פיס. ער האט געקושט איהרע הענט, איהרע פיס; ער איז געווען ווי אויסער זיך. איך האב איהר צוגערוקט א שטוהל. זי האט זיך אנידערגעזעצט. די פיס האבען זיך איהר אונטערגעהאקט.

# צווייטער טייל.

## ערשטער קאפיטעל.

אין א מינוט ארום האבען מיר אלע געלאכט, ווי נאראנים.

— לאזט זשע מיך, לאזט זשע מיך דערצעהלען, — האט אונז אלע צוגעדעקט אליאשא מיט זיין קלינגענדיגער שטים. — זיי מיינען, אז דאס אלץ איז אזוי ווי פריהער... אז איך בין געקומען צו פאהרען מיט נארישקייטען... איך זאג אייך, אז איך האב די אינטערעסאנטסטע געשיכטע. ווער איהר שוין אמאל שטיל בלייבען!

איהם האט זיך אויסערגעוועהנליך געוואלט דערצעהלען. לויט זיין אויסזעהען האט מען געקענט משפט'ן, אז ער האט וויכטיגע נייעס. נאר זיין צוגעגרייטע וואזשנעקייט אום נאאיווען שטאלץ צו הערשען מיט אזעלכע נייעסען האט גלייך נאטאשא'ן לאכענדיג געמאכט. איך האב מיך ניט ווילענדיג צולאכט באלד נאך איהר. און וואס מעהר ער האט זיך געבייזערט אויף אונז, אלץ מעהר האבען מיר געלאכט. אליאשא'ס פארדרוס און שפעטער זיין קינדישע פארצווייפלונג, האבען אונז ענדליך צוגעפיהרט צו אזא שטופע, ווען מען דארף נאר ווייזען א פינגער, אזוי ווי גאגאל'ס מיטשמאן, אז מען זאל זיך באלד קאלערען פון געלעכטער. מאווראַ, וועלכע איז ארויסגעגאנגען פון קיך, איז געשטאנען אין דער טהיר און האט מיט אן ערנסטען כעס געקוקט אויף אונז, האבענדיג פארדרוס, פארוואס אליאשא האט ניט בעקומען קיין גוטע פארציע פון נאטאשא'ן, אזוי ווי זי האט מיט נחת אבגעווארט די גאנצע פינף טעג, און וואס אנשטאט דעם זיינען אלע אזוי פרעהליך.

ענדליך האט נאטאשא, דערזעהענדיג, אז אונזער געלעכטער באליידיגט אליאשא'ן, אויפגעהערט צו לאכען.

— וואס זשע ווילסטו דערצעהלען? — האט זי געפרעגט.

— וואס זשע, אפשר אויפשטעלען דעם סאמאוואר? — האט

מאַוורא געפרעגט, איבערשלאָגענדיג אַליאָשאַ'ן אָהן דער מינדסטער אכטונג.

— געה, מאַוורא, געה, — האָט ער געענטפערט, פאַכענדיג אויף איהר מיט די הענט און איילענדיג זיך צו פארטרייבען זי. — איך וועל דערצעהלען אלץ, וואָס איז געוועזען, אלץ וואָס איז און אלץ וואָס וועט זיין, דערפאר, ווייל איך ווייס דאָס אלץ. איך זעה, מיינע פריינט, איהר ווילט וויסען, וואו איך בין געווען די פינף טעג, — אָט דאָס טאַקע וויל איך דערצעהלען און איהר לאָזט מיך ניט. נו, צו אלעמערשטען האָב איך דיך די גאנצע צייט אָבגענארט, נאַטאַשאַ, די גאנצע צייט, איך האָב דיך שוין גאנץ לאנג אָבגענארט, און דאָס איז עס די הויפּטזאך.

— אָבגענארט?

— יאָ, אָבגענארט שוין אַ גאנצען חודש; נאָך איידער דער טאַטע איז געקומען צופאָהרען האָב איך עס אָנגעהויבען; איצט איז געקומען די צייט פון פאָלשטענדיגער אָפענהארציגקייט. מיט אַ חודש צוריק, איידער דער טאַטע איז געקומען צופאָהרען, האָב איך פלוצלונג דערהאלטען פון איהם גאר אַ גרויסען בריעף און איך האָב דאָס בעהאלטען פון אייך ביידען. אין דעם בריעף האָט ער מיך גלייך און פשוט, — און בעמערקט אייך נאָך, אַז מיט אזא ערנסטען טאָן, אַז איך האָב מיך אפילו דערשראָקען, — ערקלערט, אַז די זאך וועגען מיין שידוך האָט זיך שוין געענדיגט, אַז מיין כלה איז מיט אלע מעלות; אַז איך, פארשטעהט זיך, בין זי ניט ווערט, נאָר אַז איך מוז מיט איהר דאָך אומבעדינגט חתונה האָבען. און אַז דערפאר זאָל איך מיך צוגרייטען, אַז איך זאָל ארויסשלאָגען פון קאָפּ אלע מיינע נארישקייטען און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער, — נו, מען ווייסט שוין, וואָס פאר אַ נארישקייטען דאָס זיינען, און אָט דעם בריעף האָב איך עס פון אייך בעהאלטען...

— האָסט איהם גאָרנישט בעהאלטען! — האָט נאַטאַשאַ איבערגעשלאָגען, — זעהר נאָר מיט וואָס ער בעריהמט זיך! און עס קומט אויס, אַז דו האָסט אונז אלצדינג באלד דערצעהלט. איך געדענק נאָך ווי דו ביזט פלוצלונג געוואָרען אזוי געהארכזאַם, אזוי צערטליך, און ביזט ניט אָבגעטרעטען פון מיר, ווי דו וואָלסט דיך

פארשוּלדיגט אין עפּעס, און דו האָסט אונז דעם גאַנצען בריעף דערצעהלט שטיקלעכווייז.

— עס קען ניט זיין, די הויפּטזאַך האָב איך זיכער ניט דער־צעהלט. אפשר האָט איהרביידע עפּעס געטראָפען, דאָס איז שוין אייער זאַך, נאָר איך האָב ניט דערצעהלט. איך האָב עס בעהאַלטען און האָב שרעקליך געליטען.

— איך געדענק אַליאָשאַ, איהר האָט אייך דאַמאָלס יעדע מי־נוט גע׳עצה׳ט מיט מיר און איהר האָט מיר אַלץ דערצעהלט, שטיק־לעכווייז, פארשטעהט זיך, אין דער פאָרם פון אַ השערה, — האָב איך צוגעגעבען, קוקענדיג אויף נאַטאַשאַ׳ן.

— האָסט שוין אַלץ דערצעהלט! בעריהם דיך נאָר ניט, איך בעט דיך, — האָט זי אונטערגעכאַפּט. — וואָס קענסטו דען בעהאַלטען? נו, קענסטו אָבנאַרען? אפילו מאַוורא האָט זיך דאָך אַלץ דער־וואוסט. האָסט געוואוסט, מאַוורא?

— ווי אַזוי זאָל מען עס ניט וויסען! — האָט זיך מאַוורא אָנ־גערופען אריינרוקענדיג צו׳ן אונז איהר קאָפּ, — אין די ערשטע דריי טעג האָט ער דאָך אַלץ דערצעהלט. ניט דו קענסט ביטרעווען!

— פו, ווי אַ פאַרדרוס עס איז מיט אייך צו רעדען! דו טהוסט דאָס אַלץ פון שלעכטסקייט, נאַטאַשאַ! און דו, מאַוורא, מאַכסט אויך אַ טעות. איך געדענק, איך בין דעמאָלט געווען אַזוי ווי משוגע; געדענקסט מאַוורא?

— ווי זאָל איך עס ניט געדענקען. דו ביזט איצטער אויך ווי אַ משוגענער.

— ניין, ניין, ניט וועגען דעם רעד איך. דו געדענקסט! דאַ־מאָלס האָבען מיר נאָך קיין געלט ניט געהאַט און דו ביזט געגאַנגען מיין זילבערנע ציגאַרענטאַש פארזעצען; און, איבערהויפּט, לאָז דיר בעמערקען, מאַוורא, דו פארגעסט דיך שרעקליך אַנטקעגען מיר. דאָס האָט דיך אַלץ נאַטאַשאַ אויסגעלערנט. נו, לאָמיר זאָגען, אַז איך האָב אייך טאַקע אַלץ דערצעהלט דאַמאָלס, שטיקלעכווייז (איך דער־מאָן עס מיך איצטער). אָבער דעם טאָן, דעם טאָן פון׳ם בריעף ווייסט איהר ניט, און אין׳ם בריעף איז דאָך די הויפּטזאַך — דער טאָן. און וועגען דעם רעד איך טאַקע.

— נו, און וואס איז דאס פאר א טאן? — האט נאטאשא געפרעגט.

— הער, נאטאשא, דו פרעגסט, גלייך דו וואלסט געמאכט א שפאס. ש פ א ס  ניט. איך פארזיכער דיך, דאס איז זעהר וויכ־טיג. אזא טאן, אז איך בין אזש אבהענדיג געווארען. מיין פאטער האט מיט מיר קיינמאל אזוי ניט גערעדט. עס הייסט, אז גיכער זאל ליסאבאן איינגעזונקען ווערען, איידער עס זאל ניט ווערען אזוי ווי ער וויל; אט וואס פאר א טאן!

— נו, נו, דערצעהל; פארוואס זשע האסטו בעדארפט בעהאל־טען פון מיר?

— אוי, גאט מיינער! כדי דיך ניט איבערצושרעקען. איך האב געהאפט אלץ אליין איינצואורדענען. נו, איז נאך דעם בריעף, ווי נאר דער טאטע איז צוריקגעקומען, האבען זיך אנגעהויבען מיינע צרות. איך האב מיך צוגעגרייט איהם צו ענטפערען פעסט, קלאר, ערנסט, נאר אלץ האט זיך עפעס אזוי ווי ניט איינגעגעבען. און ער האט מיך אפילו ניט אויסגעפרעגט; דער כיטראק! פארקעהרט, ער האט' געמאכט אזא פנים, גלייך די גאנצע זאך וואלט שוין געווען בעשלאָ־סען און צווישען אונז קען שוין ניט זיין קיין שום קריעגעריי און מיספארשטענדעניש. הערסט, עס  ק ע ן  אפילו ניט  ז י י ן; אזוי פיעל צו שטעלען אויף זיך אליין! און צו מיר איז ער געווארען אזוי צערטליך, אזוי ליעב. איך האב מיך פשוט פארוואונדערט: ווען איהר וואלט געוואוסט, איוואן פיעטראוויטש, ווי קלוג ער איז! ער האט אלץ געלעזען, אלץ וויייסט ער; איהר וועט נאר איינמאל אויף איהם א קוק טהאן און ער ווייסט שוין אלע אייערע געדאנקען, אזוי ווי זיינע אייגענע. אט דערפאר הפנים רופט מען עס איהם יע־זואיט. נאטאשא האט ניט ליעב, ווען איך לויב איהם. דו זיי ניט בייז, נאטאשא. נו, איז... יא! ער האט מיר קיין געלט אין אנהויב ניט געגעבען, און איצטער האט ער מיר געגעבען, נעכטען. נאטאשא! מלאך! געענדיגט האט זיך איצטער אונזער ארימקייט! אט זעה! אלץ, וואס ער האט מיר פארקלענערט אלס א שטראף, אין דעם גאנ־צען האלבען יאהר, האט ער מיר נעכטען אלץ דערגעבען; זעה'ט נאר וויפיעל; איך האב נאך ניט איבערגעצעהלט. מאווראַ, זעה נאר.

וויפיעל געלט! איצטער וועלען מיר שוין ניט פארזעצען קיין לעפע־לעך מיט ספינקעס!

ער האָט ארויסגענומען פון קעשענע א נישקשה'דיג פעקיל געלט, אנ'אנדערהאלבען טויזענד אין זילבער, און האָט עס אנידערגעלעגט אויפ'ן טיש. מאַוורא האָט א צופריעדענע א קוק געטהאָן דערויף און האָט געלויבט אליאָשאַ'ן. נאַטאַשאַ האָט איהם שטארק צוגע־איילט.

— נו, טאָ וואסזשע זאָל איך טהאָן, טראַכט איך? — האָט ווייטער גערעדט אליאָשאַ. — נו, ווי אזוי, געהט מען געגען איהם? דאָס הייסט, איך שווער אייך ביידען, ווען ער וואָלט געווען שלעכט צו מיר, און ניט אזא גוטער, וואָלט איך אפילו וועגען קיין זאַך ניט געטראַכט. איך וואָלט איהם גלייך געזאָגט, אז איך וויל ניט, אז איך בין שוין אליין אויסגעוואַקסען און געוואָרען א מענש, און איצטער— א סוף! און גלויבט מיר, איך וואָלט בעשטאַנען אויף דאָס מייניגע. און דאָ — וואָס וועל איך איהם זאָגען? נאָר בעשולדיגט מיך ניט. איך זעה, אז דו ביזט עפּעס, ווי אומצופריעדען, נאַטאַשאַ. וואָס קוקט איהר אייך ביידע איבער? איהר טראַכט אודאי: אָט האָט מען איהם שוין איצטער פארוויקעלט און ער האָט ניט קיין טראָפּען פעסטקייט אין זיך. עס איז דאָ פעסטקייט, עס איז דאָ, און נאָך מעהר, ווי איהר דענקט! און דער בעווייז איז, אז ניט קוקענדיג אויף מיין לאַגע, האָב איך גלייך געזאָגט צו מיר: דאָס איז מיין פליכט; איך מוז אלץ, אלץ ארויסזאָגען דעם טאַטען, עס איז מיין פליכט; איך מוז אלץ, אלץ ארויסזאָגען דעם טאַטען, און איך האָב אָנגעהויבען צו רעדען, און האָב ארויסגעזאָגט, און ער האָט מיך אויסגעהערט.

— וואָס זשע, וואָס אייגענטליך האָסטו ארויסגעזאָגט? — האָט נאַטאַשאַ מיט אונרוהיגקייט געפרעגט.

— אז איך וויל ניט קיין שום אנדערע כלה, און אז איך האָב מיין אייגענע, — און דאָס ביזטו. דאָס הייסט, אז דאָס גלייך האָב איך נאָך ביז איצטער ניט ארויסגעזאָגט, נאָר איך האָב איהם צוגע־גרייט דערצו און מאָרגען וועל איך עס זאָגען; אזוי האָב איך שוין בעשלאָסען. צונ'ערשט האָב איך אָנגעהויבען צו רעדען וועגען דעם, אז חתונה האָבען מיט געלט איז א חרפּה און ניט עהרליך, און אז מיר זאָלען זיך רעכענען פאר א וואסערע אריסטאָקראַטען — איז

איינפאך נאריש (איך רעד דאך מיט איהם אינגאנצען אפענהערציג, ווי א ברודער מיט א ברודער). דערנאך האב איך איהם גלייך ער־קלעהרט, אז איך בין פון דריטען שטאנד, און אז דער דריטער שטאנד איז דער נויטיגסטער; אז איך בין שטאלץ דערמיט, וואס איך בין עהנליך צו'ן אלע, און איך וויל מיך פון קיינעם ניט אונטערשיי־דען... מיט איין ווארט, איך האב איהם ארויסגעלעגט די אלע געזונטע אידעען... איך האב גערעדט הייס, פליעסיג. איך האב מיך איבער זיך אליין געוואונדערט. איך האב איהם בעוויזען, צום סוף, אויך פון זיין שטאנדפונקט... איך האב פשוט געזאגט: וואס פאר א קניאזען זיינען מיר? נאר לויט געבורט; אבער אין אמת'ן, וואס אזוינס גרעפליכעס איז דא אין אונז? קיין בעזונדערע רייכקייט, ערשטענס, איז נישטא, און רייכקייט איז — די הויפטזאך. איצטער איז דער סאמע וויכטיגס־טער קניאז — ראטשילד. צווייטענס — אין דער איצטיגער גרויסער וועלט, האט מען שוין וועגען אונז לאנג ניט געהערט. דער לעצטער איז געוועזען דער פעטער סעמיאן וואלקאווסקי, און אויך ער איז נאר אין מאסקווע געוועזען בעקאנט, און דאס נאך בלויז דערמיט, וואס ער האט פארלעבט די לעצטע דרייהונדערט נפשות, און ווען דער טאטע וואלט זיך ניט אליין אנגעזאמעלט קיין געלט, וואלטען זיינע אייניקלעך, קען זיין, אליין געאקערט די ערד, אזוי ווי עס זיינען פארהאן אזעלכע קניאזען. האבען מיר זיך אויך ניט וואס גרויס צו האלטען. מיט איין ווארט, איך האב ארויסגעזאגט אלץ, וואס האט זיך ביי מיר אנגעזא־מעלט, — אלץ, הייס און אפענהערציג, איך האב נאך אפילו עפעס צוגעגעבען. ער איז צומאל ניט בייז געווארען, ער האט מיר נאר אנ־געהויבען פארצעווארפען, אז איך האב אוועקגעווארפען גראף נאאינס־קי'ס הויז, דערנאך האט ער געזאגט, אז מען דארף זיך צושארען צו דער קניאגיניע ק., מיין טויפמוטער, און אז אויב דער קניאז ק. וועט מיך גוט אויפנעמען, הייסט עס, אז מען וועט מיך אויך אומעטום אויפנע־מען און די קאריערע איז געמאכט, און ער האט עס אנגעהויבען, אנ־געהויבען אויסצומאהלען! דאס זיינען אלץ אנצוהערענישען אויף דעם, נאטאשא, וואס אזוי גיך, ווי איך בין מיך מיט דיר צונויפגעגאנגען, האב איך אלע אוועקגעווארפען; אז דערפאר, הייסט עס, איז דאס דיין איינפלוס. נאר גלייך וועגען דיר האט ער נאך ביז איצטער ניט גערעדט, מען קען אפילו זעהען, אז ער מיידט עס אויס. מיר כיטרע־

וועןביידע, מיר ווארטען אויס, מיר כאַפּען איינער דעם אַנדערען, און זיי זיכער, אז אויך אין אונזער גאַס וועט יום טוב זיין.

— נו גוט שוין, מיט וואַסזשע האָט זיך עס געענדיגט, ווי אזוי האָט ער בעשלאָסען? דאָס איז דאָך די הויפּטזאך. און וואָס פּאר א פּלאַפּלער דו ביזט, אליאשא...

— ווייסט איהם גאָט, מען קען גאַרנישט ארויסקריכען, ווי אזוי ער האָט בעשלאָסען; און איך בין גאַרנישט קיין פּלאַפּלער, איך רעד צו דער זאך: ער האָט אפילו ניט בעשלאָסען, נאָר אויף אלע מיינע רייד האָט ער געשמייכעלט, אבער מיט אזא שמייכעל, אזוי ווי עס וואָלט איהם געווען א רחמנות אויף מיר. איך פארשטעה דאָך, אז דאָס דערנידעריגט, אבער איך שעהם מיך ניט. איך, זאָגט ער, בין מיט דיר פּאָלשטענדיג איינפערשטאַנען, און אָט וועלען מיר פאָהרען צו גראף נאאינסקי, נאָר זעה, אז דו זאָלסט דאָרט וועגען דעם גאָרנישט רעדען. איך פארשטעה דיך שוין, נאָר זיי וועלען דיך ניט פארשטעהן. דאכט זיך, אז איהם אליין נעמען זיי אויך אלע ניט זעהר גוט אויף; זיי זיינען בייז פאר עפּעס. אין אלגעמיין אין דעם טאַטענ'ס וועלט האָט מען איצטער עפּעס ניט ליעב. ווען דער גראף האָט מיך אויפגענומען האָט ער זיך אין אָנהויב געהאַלטען גאָר אין גרויסען, געקוקט אויף מיר פון אויבען אראָב, ער האָט אפילו כמעט ווי אינגאַנצען פארגעסען, אז איך בין אויסגעוואקסען אין זיין הויז, ער האָט זיך אָנגעהויבען דער־מאָנען, אויף מיין ווארט! ער איז פּשוט בייז אויף מיר פאר אונדאנק־באַרקייט, און, בנאמנות, דאָ איז ניט געווען קיין שום אונדאנקבאר־קייט פון מיר; אין זיין הויז איז שרעקליך אומעטיג, — נו, פלעג איך ניט פאָהרען אהין. ער האָט דעם טאטען אויך אויפגענומען שרעק־ליך נאכלעסיג; אזוי נאכלעסיג, אזוי נאכלעסיג, אז איך פארשטעה ניט זאָגאר, ווי אזוי ער פאָהרט אהין. דאָס אלץ האָט מיך אויפגע־רעגט. דער אָרעמער טאַטע דארף פאר איהם שיער ניט די פּלייצע איינ־בייגען; איך פארשטעה, אז דאָס אלץ איז צוליעב מיר, אבער איך דארף דאָס גאָר ניט. איך האָב שוין דערנאָך געהאט געוואָלט ארויסזאָ־גען דעם טאַטען אלע מיינע געפיהלען, נאָר איך האָב מיך אָבגעהאַלטען. און צו וואָס! זיינע איבערצייגונגען וועל איך ניט ענדערען, נאָר איך וועל איהם נאָר פארשאפען פארדרוס; און איהם איז שוין אָהן דעם אויך שווער. נו, טראַכט איך, איך וועל מיך א לאָז טהאָן אויף הינטער־

וועגלעך, איך וועל זיין ביטערער פון זיי אלע, איך וועל מאכען דעם גראף מיך צו אכטען: — און וואס? איך האב באלד אלץ דערגרייכט, אפשר אין איין טאג האט זיך אלץ געענדערט! גראף נאאינסקי ווייסט ניט איצטער וואו מיך אוועקצוזעצען. און דאס אלץ האב איך געטהאן, איך אליין, דורך מיין אייגענער ביטערקייט, אזוי אז דער טאטע האט זיך נאר געקענט וואונדערען איבער דעם!...

— הער, אליאשא, דו וואלסט בעסער דערצעהלט וועגען דער זאך! — האט נאטאשא, אן אונגעדולדיגע א געשריי געטהאן, — איך האב געמיינט, אז דו וועסט עפעס דערצעהלען וועגען אונזער זאך, און דיר ווילט זיך נאר דערצעהלען, ווי אזוי דו האסט דיך דארט אויס־געצייכענט ביי גראף נאאינסקי. וואס געהט מיך דארט אן דיין גראף!

— וואס פאר א זאך! הערט, איוואן פיעטראוויטש, וואס פאר א זאך? אין דעם טאקע ליעגט דאך די הויפטזאך. אט וועסטו אליין זעהען; אלץ וועט צום סוף קלאהר ווערען. לאזט מיך נאר דערצעה־לען... און, איבריגענס (פארוואס טאקע ניט זאגען עס אפענהערציג!). אט וואס, נאטאשא, און איהר אויך, איוואן פיעטראוויטש, איך, קען זיין, בין טאקע טיילמאל זעהר, זעהר ניט איבערלעגט; נו, לאמיר אפילו זאגען (דאס פלעגט דאך אויך אמאל טרעפען) פשוט נאריש. נאר דא, איך פארזיכער אייך, האב איך ארויסגעזאגט א סך ביטערע זא־כען.. נו... און, אפילו קלוגע זאכען; אזוי, אז איך האב געמיינט, אז איהר וועט אייך אליין פרעהען, וואס איך בין ניט שטענדיג... א נאר.

— אי, וואס רעדסטו, אליאשא, גענוג! טייערער!...

נאטאשא האט ניט געקענט פארטראגען, ווען מען האט אליאשא'ן געהאלטען פאר א נאר. וויפיעל מאל פלעגט עס טרעפען, אז זי האט זיך געבלאזען אויף מיר, ניט ארויסזאגענדיג עס מיט ווערטער, ווען איך האב, מיט ניט צופיעל צערעמאניעס, בעוויזען אליאשא'ן, אז ער האט אבגעטהאן עפעס א נארישקייט; דאס איז געווען א צעוועהטאגט ארט אין איהר הארץ. זי האט ניט געקענט פארטראגען אליאשא'ס דערנידריגונג און, ווארשיינליך, נאך מעהר צוליעב דעם, וואס פאר זיך אליין האט זי זיך מודה געווען אין זיין בעגרענצטקייט. נאר איהר מיי־נונג האט זי איהם אבסאלוט ניט ארויסגעזאגט און זי האט מורא גע־האט דערפאר כדי ניט צו באליידיגען זיין אייגענליעבע. ער וויעדער איז אין די פאלען געווען עפעס בעזונדערס עמפפינדליך און האט

שטענדיג געטראָפען איהרע בעהאַלטענע געפיהלען. נאַטאַשאַ האָט דאָס געזעהען און האָט זיך שטאַרק געזאָרגט, האָט איהם באַלד גע־חנפה'ט, געצערטעלט. אָט פאַרוואָס עס האָבען זיך איצטער זיינע ווערטער אָבגערופען מיט אַ וועהטאָג אין איהר האַרץ...

— געווג, אַליאָשאַ, דו ביזט נאַר לייכטזיניג, און דו ביזט גאָר־נישט אַזאַ מענש, — האָט זי צוגעגעבען, — פאַרוואָס דערנידריגסטו דיך?

— נו, גוט; נו, טאָ לאָזט זשע מיך דערצעהלען. נאָך דער אויפ־נאַהם ביים גראַף האָט זיך דער טאַטע אַפילו צובייזערט אויף מיר. טראַכט איך מיר, וואַרט! מיר זיינען דאַמאָלס געפאָהרען צו דער קניאַגיניע; איך האָב שוין פון לאַנג געהערט, אַז פון עלטער האָט זי שוין דעם שכל אויסגעלעבט און איז דערצו טויב, און האָט שרעקליך ליעב הינטלעך. זי האָט זיי אַ גאַנצע סטאַיע און זי הייבט זיי ניט אָן צו הערען. ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעם, האָט זי אַ גרויסען איינפלוס אין דער וועלט, אַזוי, אַז אַפילו גראַף נאַאינסקי, דער שטאָלצער, וואַרט ביי איהר אין פאָדערצימער. און אָט האָב איך אויפ'ן וועג אויפגעבויט אַ פּלאַן וואָס ווייטער צו טהאָן און, ווי מיינט איהר, אויף וואָס האָב איך עס אויפגעבויט? אויף דעם, וואָס אַלע הינט האָבען מיך ליעב, אויף מיין וואָרט! איך האָב דאָס בעמערקט. אָדער עס זיצט אין מיר עפּעס אַ מאַגנעטיזם, אָדער דערפאַר, וואָס איך האָב אַליין זעהר ליעב אַלע חיות, איך ווייס ניט, נאָר די הינט האָבען מיך ליעב און פאַרטיג! יאַ, מיר רעדען גראָד וועגען מאַגנעטיזם, איך האָב דיר נאָך ניט דער־צעהלט, מיר האָבען די טעג אַרויסגערופען גייסטער, איך בין געווען ביי איינעם, וואָס רופט זיי אַרויס; דאָס איז שרעקליך אינטערעסאַנט, איוואַן פּיעטראָוויטש; עס האָט מיך אַפילו איבעראַשט. איך האָב אַרויסגערופען יוליוס צעזאַר'ן.

— אוי, גאָט! וואָס דאַרפסטו יוליוס צעזאַר'ן? — האָט נאַטאַ־שאַ אַ געשריי געטהאָן, אויסשיעסענדיג מיט געלעכטער. — נאָך דאָס האָט דיר געפעהלט?

— נו, פאַרוואָס... גלייך איך בין עפּעס... פאַרוואָס האָב איך ניט קיין רעכט אַרויסצורופען יוליוס צעזאַר'ן? וואָס וועט איהם געשעהען? אָט לאַכט זי גאָר!

— גאָרנישט, אוודאי, עס וועט איהם גאָרנישט געשעהען... אוי,

מייערינקער! נו, וואס זשע האט דיר יוליוס צעזאר געזאגט?

— ער האט גארנישט געזאגט. איך האב נאר געהאלטען א בלייפעדער און די בלייפעדער איז אליין געגאנגען איבער'ן פאפיר און האט געשריבען. דאס, זאגט מען, שרייבט עס יוליוס צעזאר. איך גלייב דאס ניט.

— וואס זשע האט ער אויפגעשריבען?

— ער האט אויפגעשריבען עפעס אזוינס ווי די „נעץ", אזוי ווי ביי גאגאל'ן... נו גענוג געלאכט!

— נו, דערצעהל זשע וועגען דער קניאגיניע!

— נו, אז איהר שלאגט מיר אלץ איבער. מיר זיינען געקומען צו פאהרען צו דער קניאגיניע און איך האב אנגעהויבען דערפון וואס איך האב אנגעהויבען צו שטיפען מיט מימי'ן. די מימי — איז אן אלט, עקעלדיג, פאסקודנע הינטעל, דערצו נאך איינגעשפארט און א בייזעריין. די גרעפין איז משוגע פאר איהר, די נשמה וואלט זי איהר אוועקגעגעבען; זיי זיינען, דוכט זיך, פון איין עלטער. איך האב אנגעהויבען דערפון, וואס איך האב גענומען מימי'ן אונטערקארמענען מיט קאנפעקטען און אפשר אין צעהן מינוט האב איך זי אויסגעלערנט דערלאנגען א לאפקע, וואס מען האט זי דאס גאנצע לעבען ניט געקענט אויסלערנען. די קניאגיניע איז איינפאך בעגייסטערט געווארען: זי וויינט שיער פון פרייד: „מימי! מימי! מימי גיט א לאפקע!" איז אימיצער געקומען צופאהרען: „מימי ניט א לאפקעלע! אט אן'אייגענער האט זי אויסגעלערנט!" אויף מיר קוקט זי שיער ניט מיט מחילה־טרעהרען. א גוטע אלטיטשקע; עס איז אפילו א רחמנות אויף איהר. איידער איך האב מיך אומגעדרעהט האב איך זי ווידער גע'חנפה'עט: אויף איהר טאבאקערקע איז דא איהר אייגען בילד ווען זי איז נאך געווען א כלה, מיט א יאהר זעכציג צוריק. און אט לאזט זי אראב די טאבאקערקע. איך הויב זי אויף און זאג, גלייך איך וויים גארנישט: וואס פאר א שעהן בילד! דאס איז א אידעאלע שעהנהייט! נו, דא איז זי שוין אינגאנצען צוגאנגען: האט שוין אנגעהויבען מיט מיר וועגען דעם און וועגען יענעם, און וואו איך האב געלערנט, און צו וועמען איך קום, און וואס פאר א פיינע האר איך האב, און זי איז אוועק און אוועק. איך אויך: איך האב זי געמאכט לאכען, האב איהר דערצעהלט א סקאנדאליעזע געשיכטע. זי האט דאס ליעב; נאר מיט א פינגער האט זי מיר געדראהט, ווייטער האט זי זעהר געלאכט. ווען זי לאזט

מיך אָב, — קושט זי מיך און צלמ'ט מיך און פאַדערט איך זאָל קו־מען צופאָהרען יעדען טאָג זי צושטרייען. דער גראַף דריקט מיר די האַנט; די אויגען זיינען ביי איהם פּעט געוואָרען; און דער טאַטע, כאָטש ער איז דער בעסטער און דער עהרליכסטער און דער פיינסטער מענש, נאָר, איהר מעגט מיר גלייבען אָדער ניט גלייבען, ער האָט שיער געוויינט פון שמחה, ווען מיר זיינען געקומען צוזאַמען אהיימ־צופאָהרען; ער האָט מיך ארומגענומען, זיך אריינגעלאָזט אין אָפענ־הערציקייטען: אין מאָדנע סודות'דיגע אָפענהערציקייטען וועגען א קאַריערע, פאַרבינדונגען, געלט, שידוכים, אַזוי אַז א סך דערפון האָב איך טאַקע ניט פאַרשטאַנען. א דאַ האָט ער עס מיר געגעבען געלט. דאָס איז געווען נעכטען. מאָרגען פאָהר איך ווידער צו דער קניאַ־גיניע. נאָר דער טאַטע איז אַלץ דער פיינסטער מענש — איהר זאָלט ניט מיינען עפּעס, און כאָטש ער דערווייטערט מיך פון דיר, נאַטאַשאַ, אָבער דאָס איז דערפאַר וואָס ער איז פאַרבלענדט, דערפאַר וואָס איהם ווילט זיך האָבען קאַטיאַ'ס מיליאָנען, און דו האָסט זיי ניט; און ווע־לען וויל ער זיי נאָר פאַר מיר אליין, און נאָר ווייל ער ווייסט ניט איז ער אומגערעכט צו דיר. און וועלכער טאַטע וויל עס ניט, אז זיין זוהן זאָל זיין גליקליך? ער איז דאָך ניט שולדיג, וואָס ער איז געוואוינט צו זעהען דאָס גליק אין מיליאָנען. אַזוי זיינען זיי שוין אַלע. מען דאַרף דאָך אויף איהם קוקען נאָר פון דעם שטאַנדפּונקט, ניט אַנ־דערש, — וועט ער באַלד ארויס גערעכט. איך האָב מיך אומיסטען גע־איילט צו דיר, נאַטאַשאַ, דיך צו פאַרזיכערען אין דעם, דערפאַר, ווייל איך וויים, דו האָסט פאַראורטיילען געגען איהם און, פאַרשטעהסט זיך, דו ביזט אין דעם ניט שולדיג. איך בעשולדיג דיך ניט...

— אַלזאָ, איז נאָר דאָס מיט דיר געשעהען, וואָס דו האָסט גע־מאַכט א קאַריערע ביי דער קניאַגיניע? אין דעם ליעגט עס די גאַנצע כיטרעקייט? — האָט נאַטאַשאַ געפרעגט.

— וואָס וואָס רעדסטו! דאָס איז קוים אָנ'אָנהויב... איך האָב דערפאַר דערצעהלט וועגען דער קניאַגיניע, ווייל, פאַרשטעהסטו, איך וועל דורך איהר נעמען דעם טאַטען אין די הענט אריין, און די הויפּט־געשיכטע מיינע האָט זיך נאָך אפילו ניט אָנגעהויבען.

— נו, דערצעהל זשע!

— מיט מיר האָט זיך הײנט געטראָפען נאָך א פאַל און אפילו

זעהר א מאַ־נער, און איך בין נאָך ביז איצטער דערשטוינט, — האָט אַליאָשאַ ווייטער גערעדט. — איהר דאַרפט בעמערקען, אז כאָטש ביים טאַטען מיט דער גראַפין איז שוין אונזער שידוך בעשלאָסען, נאָר אָפיציעל איז נאָך ביז איצטער אבסאָלוט גאָרנישט געוועזען. אַזוי אַז מיר זאָלען זיך אפילו גלייך צוגעהן וועט קיין סקאַנדאַל ניט זיין; גראַף נאַאינסקי אליין ווייסט נאָר, אבער ער רעכענט זיך דאָך פאַר א קרוב און א בעשיצער. נאָך וועניג דאָס, כאָטש איך בין מיך אין די צוויי וואָכען שוין שטאַרק צונויפגעגאַנגען מיט קאַטיאַ'ן, נאָר ביז'ן היינטיגען טאָג האָבען מיר נאָך ביידע קיין וואָרט ניט אויסגע־רעדט וועגען אונזער צוקונפט, דאָס הייסט וועגען דעם שידוך און... נו, און וועגען ליעבע. אויסער דעם דאַרף מען פון אָנהויב אָז אויס־בעטען ביי דער קניאַגיניע ק. איהר צושטימונג, ווייל פון איהר ערוואַרט מען ביי אונז יעדען מעגליכען שוץ און א גאָלדענעם רעגען. וואָס זי וועט זאָגען, וועט אויך די וועלט זאָגען; זי האָט אזעלכע פאַרבינ־דונגען... און מיך וויל מען אומבעדינגט ארויספיהרען אין דער וועלט און צווישען מענשען. נאָר בעזונדערס בעשטעהט אויף די אַלע זאַכען די גראַפין, קאַטיאַ'ס שטיפמאַמע. די זאַך איז די, אַז די קניאַגיניע וועט זי פאַר אַלע איהרע אויסלענדישע קונצען, איך בעט אייך איבער, נאָך ניט אויפנעמען, און אַז די קניאַגיניע וועט זי ניט אויפנעמען, וועלען זי אנדערע, זייט מוחל, אויך ניט אויפנעמען; איז דאָס טאַקע א בעקוועמע געלעגענהייט — מיין שידוך מיט קאַטיאַ'ן. און דערפאַר האָט זיך די גראַפין, וועלכע איז פריהער געווען געגען דעם שידוך, שרעקליך דערפרעהט היינט מיט מיין ערפאָלג ביי דער קניאַגיניע, אָבער דאָס איז א זייטיגע זאַך, און אָט וואָס די הויפּטזאַך איז: קאַ־טערינא פיאָדאָראָוונאַ'ן האָב איך געקענט נאָך פון פאַראַיאָהרען; נאָר איך בין דאָך דעמאָלט געווען נאָך א אינגעל און האָב גאָרנישט גע־קענט פאַרשטעהן, און דערפאַר האָב איך דאַמאָלס קיין זאַך ניט דער־זעהען אין איהר...

— פשוט, דו האָסט דאַמאָלס מיך ליעב געהאַט מעהר, — האָט נאַטאַשאַ איבערגעריסען, — דערפאַר האָסטו ניט דערזעהען. און איצטער...

— קיין וואָרט ניט, נאַטאַשאַ, — האָט אַליאָשאַ מיט היץ א געשריי געטהאָן, — דו מאַכסט אינגאַנצען אָ טעות און דו באַליידיגסט מיך!... איך בין אפילו ניט בייז אויף דיר; הער ווייטער אויס און דו

וועסט אַלץ זעהען... אַך, ווען דו וואָלסט געקענט, קאַטיאַ'ן ! ווען דו וואָלסט געוואוסט, וואָס דאָס איז פאַר אַ צאַרטע, ליכטיגע טויבען־נשמה ! אבער דו וועסט עס געוואר ווערען : הער נאָר אויס ביז'ן סוף ! מיט צוויי וואָכען צוריק, ווען זיי זיינען געקומען צופאָהרען און דער טאַטע האָט מיך אהינגעפיהרט צו קאַטיאַ'ן, האָב איך מיך אָנגע־הויבען שטאַרק איינצוקוקען אין איהר. איך האָב בעמערקט, אַז זי קוקט זיך אין מיר אויך איין. דאָס האָט מיך געמאַכט שרעקליך נייע־געריג ; איך רעד שוין ניט וועגען דעם, אַז איך האָב געהאַט מיין אייגענע אבזיכט זי נעהנטער צו דערקענען, — אַנ'אבזיכט נאָך פון דעם אייגענעם בריעף פון'ם טאַטען, וואָס האָט מיך אַזוי איבער־ראַשט. איך וועל גאָרנישט רעדען, איך וועל זי ניט לויבען, איך וועל נאָר זאָגען איינס : זי איז אַ קלאָרער אויסנאַהם פון דעם גאַנצען קרייז. דאָס איז אַזאַ אייגענאַרטיגע נאַטור, אַזאַ שטאַרקע און אמת־דיגע נשמה, שטאַרק נעמליך מיט איהר ריינקייט און אמת'דיגקייט, אַז איך בין אַנטקעגען איהר פּשוט אַ יונגעל, איהרער אַ יונגערער ברודער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זי איז אינגאַנצען זיבעצעהן יאָהר אַלט. איינס נאָך האָב איך בעמערקט : אין איהר איז פאַראַן אַ טרויער, אַזוי ווי פון עפּעס אַ סוד ; זי איז ניט קיין רעדעווודיגע ; אין שטוב שווייגט זי כמעט שטענדיג ; אַזוי ווי אַ דערשראָקענע... זי געהט אום, אַזוי ווי זי וואָלט עפּעס בעטראַכט. פאַר מיין טאַטען האָט זי אַזוי ווי מורא. די שטיעפמאַמע'ן האָט זי ניט ליעב, — דאָס האָב איך מיך אָנגעשטויסען ; דאָס לאָזט די גרעפין אליין אַרויס, פאַר בעהאַלטענע צוועקען, אַז די שטיעפטאָכטער האָט זי שרעקליך ליעב, דאָס אַלץ איז ניט אמת : קאַטיאַ פאָלגט זי בלויז אָהן ווערטער און גלייך זי וואָלט זיך אָבגערעדט מיט איהר וועגען דעם. מיט פיער טעג צוריק, נאָך אַלע מיינע בעאָבאַכטונגען, האָב איך מיך ענטשלאָסען אויסצופיהרען מיין כונה און היינט אָוועגד האָב איך זי אויסגעפיהרט. דאָס איז : דער־צעהלען אַלץ קאַטיאַ'ן, זיך מודה זיין פאַר איהר אין אַלעם, אַריבער־ברענגען זי אויף אונזער זייט און דאַמאָלס צוזאַמען פאַרענדיגען די גאַנצע זאַך...

— וואָס ! וואָס דערצעהלען, אין וואָס זיך מודה זיין ? — האָט מיט אומרוהיגקייט נאַטאַשאַ געפרעגט.

— אַלץ, אבסאָלוט אַלץ, — האָט אַליאָשאַ געענטפערט, — און

איך דאנק גאָט, וואָס האָט מיר אריינגעגעבען דעם געדאַנק, אבער הערט! מיט פיער טעג צוריק האָב איך אזוי בעשלאָסען: דערווייטער־רען זיך פון אייך און אלץ אליין ענדיגען. ווען איך וואָלט געווען מיט אייך, וואָלט איך מיך אלץ געוואקעלט, איך וואָלט אייך געפאָלגט און וואָלט מיך אויף קיין פאַל ניט ענטשלאָסען. אליין אבער, שטעלענדיג טאָקע זיך אין אזא לאגע, אז יעדע מינוט האָב איך געמוזט צו זיך זאָגען, אז מען דאַרף ענדיגען, און אז איך מ ו ז ענדיגען, האָב איך מיך אָנגענומען מיט כח און — האָב געענדיגט! איך האָב ביי מיר אָבגעמאכט זיך אומצוקעהרען צו'ן אייך מיט א בעשלוס און איך האָב מיך אומגעקעהרט מיט א בעשלוס!

— וואָס זשע, וואָס זשע. ווי אזוי איז געווען די זאַך? דער־צעהל שנעלער!

— זעהר איינפאַך! איך בין צוגעגאנגען צו'ן איהר גלייך, עהר־ליך און דרייסט... נאָר צום ערשטען דאַרף איך אייך דערצעהלען איין פאַל פאַר דעם, וועלכער האָט מיך שרעקליך איבעראשט. איידער מיר האָבען געזאָלט ארויספאָהרען האָט דער טאַטע דערהאַלטען עפּעס א בריעף. איך בין אין דער צייט אריינגעגאנגען אין זיין קאַבינעט און האָב מיך אָבגעשטעלט ביי דער טהיר. ער האָט מיך ניט געזעהען. ער איז אזוי ווייט געווען איבעראשט פון דעם בריעף, אז ער האָט גע־רעדט מיט זיך אליין, האָט עפּעס אויסגעשריגען, איז אויסער זיך גע־גאנגען איבער'ן צימער און צום סוף, האָט ער זיך פלוצלונג צולאכט, און אין דער האַנט האַלט ער דעם בריעף. איך האָב אפילו מורא גע־האָט אריינצוגעהן, האָב נאָך איבערגעוואַרט און בין דערנאָך אריין. דער טאַטע איז געווען אזוי צופריעדען מיט עפּעס, אזוי צופריעדען; ער האָט פאַרפיהרט מיט מיר א מאָדנעם שמועס; דערנאָך האָט ער פלוצלונג איבערגעריסען און מיך געהייסען באַלד זיך צוגרייטען צום פאָהרען, כאָטש עס איז נאָך געווען זעהר פריה. ביי זיי איז היינט קיינער ניט געוועזען, נאָר מיר אליין, און דו האָסט אומזיסט געמיינט, נאַטאַשאַ, אז דאָרט איז געווען פאַררופען אַנ'אָווענד. מען האָט דיר ניט ריכטיג איבערגעגעבען...

— אָה, פיהר דיך ניט אליין אָראָב, אַליאָשאַ, איך בעט דיך; רעד, ווי אזוי דו האָסט אלץ דערצעהלט קאַטיאַ'ן!

— דאָס גליק איז אין דעם, וואָס איך בין מיט איהר גאנצע

צוויי שעה געבליבען אליין. איך האָב איהר פּשוט ערקלעהרט, אז כאָטש מען וויל אונז ביידע פאר'קנס'ען, איז אבער אונזער שידוך אונמעגליך; אז אין מיין הארצען פיהל איך מיט מיט איהר, און אז זי אליין קען מיך ראטעווען. דאָ האָב איך איהר אלץ ענטדעקט. שטעל דיר פאָר, אז זי האָט גאָרנישט געוואוסט פון אונזער געשיכטע, וועגען מיר מיט דיר, נאַטאַשאַ! ווען דו וואָלסט געקענט זעהען, ווי געריהרט זי איז געווען; אין אָנהייב האָט זי זיך אפילו דערשראָקען. זי איז אינגאַנצען בלאס געוואָרען. איך האָב איהר דערצעהלט אונזער גאנצע געשיכטע: ווי אזוי דו האָסט צוליעב מיר אוועקגעוואָרפען דיין היים, ווי מיר האָבען געלעבט אליין, ווי מיר פּלאָגען זיך איצט, האָבען מורא פאַר אלעם; און אז איצטער קומען מיר צו'ן איהר (איך האָב אויך אין דיין נאָמען גערעדט, נאַטאַשאַ), אז זי זאָל אליין נעמען אונזער צד און זאָל גלייך זאָגען דער שטיעפמאמען, אז זי וויל מיט מיר ניט חתונה האָבען; אז אין דעם איז אונזער גאנצע רעטונג, און אז מיר קענען פון ערגיץ גאָרנישט מעהר ערוואַרטען. זי האָט מיט אזא נייגעריגקייט אויסגעהערט, מיט אזא מיטגעפיהל. וואָסערע אויגען זי האָט געהאַט אין דער מינוט! דאכט זיך, איהר גאנצע נשמה איז איבערגעגאנגען אין איהר בליק. זי האָט פאָלשטענדיג בלאָהע אויגען. זי האָט מיר געדאנקט, וואָס איך האָב ניט געצווייפעלט אין איהר, און האָט געגעבען דאָס וואָרט צו העלפען אונז מיט אלע כחות. דערנאָך האָט זי אָנגעהויבען אויסצופרעגען וועגען דיר, האָט געזאָגט, אז זי וויל זיך זעהר בעקענען מיט דיר, האָט געבעטען איבערצוגעבען, אז זי האָט דיך שוין ליעב ווי א שוועסטער, און אז דו זאָלסט זי אויך ליעב האָבען, ווי א שוועסטער; און ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אז איך האָב דיך שוין דעם פיפטען טאָג ניט געזעהען, האָט זי מיך גלייך אָנגעהויבען צו טרייבען צו דיר...

נאַטאַשאַ איז געווען גערירהרט.

— און דו האָסט עס פאר דעם געקענט דערצעהלען וועגען דיינע העלדענטהאטען ביי עפּעס א טויבער קניאגיניע! אך, אליאָשאַ, אליאָשאַ! — האָט זי אויסגערופען, מיט פאָרוואורף קוקענדיג אויף איהם.— נו, איז וואָס זשע מיט קאטיא? זי איז געווען צופריעדען, פרעהליך, ווען זי האָט דיך אָבגעלאָזט?

— יאָ, זי איז געווען צופריעדען, וואָס עס האָט זיך איהר

איינגעגעבען צו טהאָן א גוטע זאַך, און אַליין האָט זי געוויינט. דערפאר ווייל ז י האָט דאָך מיך אויך ליעב, נאַטאַשאַ! זי האָט זיך מודה געווען, אז זי האָט מיך שוין אנגעהויבען ליעב צו האָבען; אז זי זעהט ניט קיין מענשען, און אז איך בין איהר שוין פון לאנג געפעלען געוואָרען; זי האָט מיך אויסגעזונדערט בעזונדערס דערפאר, וואָס ארום איז אלץ ביטרעקייט און פאלשקייט און איך בין איהר פאַרגעקומען אלס אַנ׳אויפריכטיגער און עהרליכער מענש. זי איז אויפגעשטאַנען און געזאָגט: „נו, גאָט ווייסט איך, אלעקסעי פיעטראָוויטש, און איך האָב געמיינט"... זי האָט ניט דערעדט, האָט זיך צעוויינט און איז אוועקגעגאנגען. מיר האָבען בעשלאָסען, אז באלד מאָרגען וועט זי דערצעהלען דער שטיעפמאמען, אז זי וויל מיך ניט, און אז מאָרגען טאקע דארף איך אויך אלץ זאָגען דעם טאַטען און ארויסזאָגען עס פעסט און דרייסט. זי האָט מיר פאַרגעוואָרפען פארוואָס איך האָב עס איהם פריהער ניט געזאָגט: „אַנ׳עהרליכער מענש דארף פאר קיין זאַך ניט קיין מורא האָבען!" זי איז אזא פיינע. מיין טאַטען האָט זי אויך ניט ליעב; זי זאָגט, אז ער איז ביטרע און זוכט געלט. איך האָב איהם פערטיידיגט; זי האָט מיר ניט געגלייבט. אויב אבער עס וועט זיך מאָרגען ניט איינגעבען ביים טאַטען (און זי מיינט זיכער, אז עס וועט זיך ניט איינגעבען), דאמאָלס איז זי אויך איינשטימיג, אז איך זאָל זוכען שוץ ביי דער קניאגיניע ק. דאמאָלס וועט זיך שוין קיינער פון זיי ניט דערוועגען צו געהן דערגעגען. מיר האָבען זיך איינער דעם אנדערען געגעבען דאָס וואָרט צו זיין, אזוי ווי א ברודער מיט א שוועסטער. אָ, ווען דו וואָלסט געוואוסט אויך איהר געשיכטע, ווי אומגליקליך זי איז, מיט וואָס פאר אַנ׳עקעל זי קוקט אויף איהר לעבען ביי דער שטיעפמאמע׳ן, אויף די גאנצע אומשטענדען... זי האָט ניט גערעדט אָפען, גלייך זי וואָלט פאר מיר אויך מורא געהאט, נאָר איך האָב לויט געוויסע ווערטער מיך אנגעשטויסען. נאַטאַשאַ, טייבעלע מיינס! ווי ליעב זי וואָלט דיך בעקומען, ווען זי וואָלט דיך דערזעהען! און וואָס פאר א גוט הארץ זי האָט! עס איז אזוי גרינג מיט איהר! איהר זענט ביידע בעשאַפען געוואָרען צו זיין איינע דער אנדערער׳ס שוועסטער און איהר דארפט ליעב האָבען איינע די אנדערע. איך האָב אלץ געטראכט וועגען דעם. און ווירקליך: איך וואָלט אייך ביידע צוזאמענגעפיהרט. און אַליין וואָלט איך געשטאַנען

דערנעבען און וואָלט מיך געשפּיגעלט אין אייך. מיין זשע ניט עפּעס, נאַטאַשענקאַ, און ערלויב מיר צו רעדן וועגן איהר. מיר ווילט זיך געמליך מיט דיר רעדן וועגן איהר, און מיט איהר וועגן דיר. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב דיך ליעב מעהר פון אַלע, מעהר פון איהר... דו ביזט מיין אַלע!

נאַטאַשאַ האָט שווייגענדיג געקוקט אויף איהם, צערטליך און אַזוי ווי טרויריג. זיינע ווערטער האָבען זי אַזוי ווי געצערטעלט און אַזוי ווי מיט עפּעס געפּייניגט.

— און שוין לאַנג, נאָך מיט צוויי וואָכען צוריק, האָב איך קאַטיאַ'ן אָבגעשעצט, — האָט ער ווייטער גערעדט. — איך בין דאָך יעדען אָווענד געפאָהרען צו זיי. עס פלעגט טרעפען, איך קום אַהיים און טראַכט אַלץ, טראַכט אַלץ וועגן אייך ביידען, פאַרגלייך אייך אַלץ צווישען זיך.

— וועלכע זשע פון אונז איז אַרויסגעקומען בעסער? — האָט שמייכלענדיג געפרעגט נאַטאַשאַ.

— איינמאָל דו, אַנ'אַנדערסמאָל זי. נאָר דו ביזט שטענדיג געבליבען בעסער. און ווען איך רעד מיט איהר, פיהל איך שטענדיג, אַז איך ווער אַליין בעסער, קלוגער, דאַכט זיך פיינער. נאָר מאָרגען, מאָרגען וועט אַלץ בעשלאָסען ווערען!

— און ס'איז דיר ניט קיין רחמנות אויף איהר! זי האָט דאָך דיך ליעב; דו זאָגסט, אַז דו האָסט דאָס אַליין בעמערקט?

— אַ רחמנות, נאַטאַשאַ! אָבער מיר וועלען אַלע דריי ליעב האָבען איינעם דעם אַנדערען, און דאַן...

— און דאַמאָלס זיי געזונט! — האָט נאַטאַשאַ אַרויסגערעדט שטיל, אַזוי ווי פאַר זיך. אַליאָשאַ האָט ניט פאַרשטעהענדיג אַ קוק געטהאָן אויף איהר.

נאָר אונזער געשפּרעך איז פּלוצלונג איבערגעריסען געוואָרען אויף דעם אונערוואַרטעסטען אופן. אין קיך, וועלכע איז אין דער אייגענער צייט געווען דאָס פאָדערצימער, האָט זיך דערהערט אַ לייכט גערויש, אַזוי ווי אימיצער וואָלט אַריינגעקומען. אין אַ מינוט אַרום האָט מאַווראַ געעפענט די טהיר און בגנבה גענומען ווינקען צו אַליאָשאַ'ן, ער זאָל אַרויסקומען. מיר האָבען זיך אַלע אומגעווענדעט צו'ן איהר.

— מען פרעגט דארט אויף דיר, זיי אזוי גוט. — האט זי גע־זאגט, ווי מיט א געהיימען קול.

— ווער קען איצטער פרעגען אויף מיר? — האט אליאשא ארויס־גערעדט, קוקענדיג אויף אונז פארוואונדערט. — איך וועל געהן!

איך קיך איז געשטאנען דעם קניאז'ס, זיין פאטער'ס לאקאי אין א ליווריי. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער קניאז האט אויפ'ן וועג אהיים, אבגעשטעלט זיין קארעטע ביי נאטאשא'ס וואוינונג און האט געשיקט געוואר ווערען צו אליאשא איז ביי איהר. ערקלערענדיג דאס, איז דער לאקאי גלייך ארוים.

— מאדנע! דאס איז נאך קיינמאל ניט געוועז, — האט גע־רעדט אליאשא, קוקענדיג אויף אונז צוטומעלט, — וואס איז דאס?

נאטאשא האט מיט אונרוהיגקייט געקוקט אויף איהם. פלוצלונג האט מאווראַ וויעדער געעפענט צו'ן אונז די טהיר.

— ער געהט אליין, דער קניאז! — האט זי שנעל געשעפטשעט און האט זיך גלייך בעהאלטען.

נאטאשא איז בלאס געווארען און איז אויפגעשטאנען פון איהר ארט. פלוצלונג האבען זיך איהרע אויגען אנגעצונדען. זי איז געשטא־נען זיך לייכט אנשפארענדיג אנ'ם טיש און האט אין אויפרעגונג גע־קוקט אויף דער טהיר, אין וועלכער עס האט בעדארפט ארייגגעהן דער אומגערופענער גאסט.

— נאטאשא, האב ניט קיין מורא, דו ביזט מיט מיר! איך וועל ניט ערלויבען דיך צו באליידיגען, — האט א שעפטשע געטהאן דער טרויריג־געווארענער אליאשא, וועלכער האט זיך אבער ניט פאר־לוירען.

די טהיר האט זיך געעפענט, און אויף דער שוועל האט זיך בע־וויזען קניאז וואלקאווסקי אליין, אין זיין אייגענער פערזאן.

---

## צווייטער קאפיטעל.

ער האט אונז בעווארפען מיט א האסטיגען, אויפמערקזאמען בליק. לויט דעם בליק איז נאך ניט געווען מעגליך צו טרעפען: צו איז

ער געקומען אלס שונא צו אלס פריינד? אבער איך וועל בעשרייבען גענוי זיין אויסערליכקייט. אין דעם אָוועגד האָט ער מיך בעזונדערס איבעראַשט.

איך האָב איהם שוין פריהער אויך געזעהען. דאָס איז געווען אַ מענש פון אַ יאָהר פינפאונפערציג, ניט מעהר, מיט רעגעלמעסיגע און אויסערגעוועהנליך שעהנע שטריכען אויפ'ן פּנים, אויף וועלכען דער אויסדרוק האָט זיך געענדערט לויט די אומשטענדען; נאָר ער האָט זיך געענדערט שארף, פאַלשטענדיג, מיט אַנ'אונגעוועהנליכער געשווינדקייט, איבערגעהענדיג פונ'ם אנגענעהמסטען ביז'ן סאמע פארטרויערטען אָדער אומצופריעדענעם, אזוי ווי עס וואָלט פּלוצלונג איבערגערוקט געוואָרען עפּעס אַ שפּרינגפעדעריל. דער פינקטליכער אָוואַל פונ'ם עטוואָס טונקעלען פּנים, די פרעכטיגע ציין, די קליינע און גענוג דינע ליפּען, די שעהן געשניצטע; די גלייכע, עטוואָס לענגליכע נאָז, דער הויכער שטערען, אויף וועלכען עס האָט זיך נאָך ניט געזעהען דאָס קלענסטע קנייטשעלע, די גראָהע, גענוג גרויסע אויגען, — דאָס אַלץ האָט צוזאַמענגעשטעלט כמעט אַ שעהנהייט, און דאָך האָט זיין פּנים ניט געמאכט קיין אַנגענעהמען איינדרוק. דאָס דאָזיגע פּנים האָט נעמליך אָבגעשטויסען פון זיך דערמיט, וואָס דער אויסדרוק דערפון איז געווען אזוי ווי ניט קיין אייגענער, נאָר שטענדיג אַנ'אָנגעבלאָזענער, אַ דורכגעטראכטער, און אַ גענומענער פון ערגיץ, און עפּעס אַ בלינדע איבערצייגונג האָט זיך איינגעוואָרצעלט אין איך, אז איהר וועט אייך קיינמאָל ניט דערשלאָגען צו זיין ריכטיגען אויסדרוק. איינקוקענדיג זיך שטארקער, האָט איהר אָנגעהויבען צו פארדעכטיגען אונטער דער שטענדיגער מאסקע עפּעס וואָס איז שלעכט, כיטרע און אין העכסטען גראַד עגאָאיסטיש. בעזונדערס האָבען אָבגעשטעלט אייער אויפמערקזאמקייט זיינע פונ'ם ערשטען אָנבליק פרעכטיגע אויגען, די גראָהע, אָפענע. זיי אַליין האָבען אזוי ווי ניט געקענט זיך אינגאנצען אונטערוואַרפען זיין ווילען. ער וואָלט אפילו געוואָלט קוקען ווייך און צערטליך, נאָר די שטראַלען פון זיינע בליקען האָבען זיך אזוי ווי געשפּאָלטען אין צוויי און צווישען די ווייכע, צערטליכע שטראַלען האָבען דורכגעפינקעלט די האַרבע, ניט־גלויביגע, פריפענדיגע, בייזע... ער איז געווען פון גענוג הויכען וואוקס, זעהר שעהן געבויט, עטוואָס דאַריליך און האָט אויסגעזעהען אונפארגלייכליך יונגער פון זיינע יאָה־

רען. זיינע טונקעל־בלאָנדע און ווייכע האָר האָבען נאָך כמעט ניט אָנגעהויבען גראָה צו ווערען. זייגע אויערען, הענט, פיס זענען געווען וואונדערליך שעהן. דאָס איז געווען א פאַלשטענדיג געבוירענע שעהנהייט. געקליידט איז ער געווען מיט פארפיינטער עלעגאַנץ און פרישקייט, נאָר מיט איינינע געוואוינהייטען פון א יונגען מענש, וואָס עס האָט איהם, איבריגענס, ניט געפּאַסט. ער האָט אויסגעוויזען ווי אַליאָשאַ'ס אַנ'עלטערער ברודער. ווענינסטענס האָט מען איהם אויף קיין פאַל ניט געקענט אַננעמען פאַר'ן פאָטער פון אזא דערוואַקסענעם זוהן.

ער איז צוגעגאַנגען גלייך צו נאַטאַשאַ'ן און איהר געזאָגט, פעסט קוקענדיג אויף איהר.

— מיין קומען צו'ן אייך אין דער שעה און אומגעלאָזט וויסען — איז מאָדנע און ניט לויט עס פיהרט זיך; אבער איך האָף, איהר וועט גלייבען, אז אמווענינסטענס, איך בין אימשטאַנד צו פארשטעהן די גאַנצע עקסצענטרישקייט פון מיין שריט. איך ווייס אויך, מיט וועמען איך האָב צו טהאָן; איך ווייס, אז איהר זענט פאַרשטענדיג און גוטהארציג. שענקט מיר בלויז צעהן מינוט און איך האָף, איהר וועט מיך אליין פארשטעהן און פארענטפערען.

ער האָט דאָס אַלץ ארויסגערעדט העפליך, נאָר מיט קראַפט און מיט א געוויסען בעשטעהן דערויף.

— זעצט אייך, — האָט געזאָגט נאַטאַשאַ, וועלכע דאָט זיך נאָך ניט בעפרייט פון דער ערשטער צוטומעלטקייט און לייכטען שרעק. ער האָט זיך לייכט פארנויגט און זיך געזעצט.

— פריהער פאַר אַלץ ערלויבט מיר איהם צו זאָגען צוויי ווערטער, — האָט ער אָנגעהויבען, אַנווייזענדיג אויפ'ן זוהן. — אַליאָשאַ, אזוי גיך ווי דו ביזט אוועקגעפאָהרען, ניט ווארטענדיג אויף מיר און האָסט דיך אפילו מיט אונז ניט געזעגענט, האָט מען דער גרעפין געלאָזט וויסען, אז קאַטערינא פיאָדאָראָווגא'ן איז שלעכט. זי האָט זיך שוין א לאָז געטהאָן צו'ן איהר, נאָר קאַטערינא פיאָדאָראָוונא איז פּלוצלונג אליין אריינגעקומען צו'ן אונז, א פארשטערטע און אין שטאַרקער אויפרעגונג. זי האָט אונז גלייך געזאָגט, אז זי קען דיין פרוי ניט זיין. זי האָט נאָך געזאָגט, אז זי וועט געהן אין א קלויסטער אריין, אז דו האָסט געבעטען איהר הילף און האָסט דיך איהר אליין

מודה געווען, אז דו האסט ליעב נאטאליא ניקאלאיעווונא'ן... אזא אונ־גלויבליכע ערקלעהרונג פון קאטערינא פיאָדאָראָווונא'ן און, דערצו, אין אזא מאָמענט, איז, פארשטעהט זיך, ארויסגערופען געוואָרען דורך דער אויסערגעוועהנליכער מאָדנעקייט פון דיין ערקלעהרען זיך מיט איהר. זי איז געוועזן כמעט אויסער זיך. דו פארשטעהסט, ווי אי־בעראשט און דערשראָקען איך בין געווען. פארבייפאָהרענדיג איצ־טער, האָב איך בעמערקט, אז עס איז ליכטיג אין אייערע פענסטער,— האָט ער ווייטער גערעדט, זיך ווענדענדיג צו נאטאשא'ן. — דאן האָט דער געדאנק, וועלכער האָט מיך שוין פון לאנג פארפאָלגט, מיך פּלוצלונג אזוי איינגאנצען בעהערשט, אז איך בין ניט אימשטאנד גע־ווען זיך אנטקעגענצושטעלען דעם ערשטען שטויס און איך בין צו'ן אייך אריינגעגאנגען. צו וואָס? איך וועל אייך באלד זאָגען, נאָר איך בעט אייך פאָראויס, איהר זאָלט אייך ניט וואונדערען איבער דער געוויסער שארפקייט פון מיין ערקלעהרונג. דאָס אלץ איז אזוי פּלוצלונג....

— איך האָף, אז איך וועל פארשטעהן און וועל ווי מען דארף.. אָבשעצען דאָס, וואָס איהר וועט זאָגען, — האָט שטאמלענדיג ארויס־גערעדט נאטאשא.

דער קניאז האָט זיך שטארק איינגעקוקט אין איהר, אזוי ווי ער וואָלט זיך געאיילט **ז י א ו י ס צ ו ש ט ו ד י ר ע ן** איינגאנצען אין אונגעפעהר איין מינוט.

— און איך האָף טאקע אויף אייער פארשטענדיגקייט, — האָט ער ווייטער גערעדט, — און אויב איך האָב מיר ערלויבט צו קומען צו'ן אייך איצטער, איז עס טאקע דערפאַר, וואָס איך האָב געוואוסט מיט וועמען איך האָב צו טהאָן. איך קען אייך שוין לאנג, ניט קוקענ־דיג אויף דעם, וואָס איך בין אמאָל געווען אזוי אומגערעכט און שולדיג געגען אייך. הערט אויס: איהר ווייסט, צווישען מיר און אייער פאָ־טער — זיינען פאַרהאַן אונאנגענעהמליכקייטען נאך פון לאנג. איך מאך מיך ניט גערעכט; קען זיין, איך בין געגען איהם פארשולדיגט מעהר, ווי איך האָב ביז איצטער געדענקט. נאָר אויב אזוי, בין איך אליין געווען אָבגענאַרט. איך בין א צווייפעלדיגער מענש און איך בין מיך מודה אין דעם. איך בין געגייגט צו פארדעכטיגען שלעכטס פאר גוטס — דאָס איז אנ'אומגליקליכער שטריך, וואָס איז אייגען צו א

טרוקענע הארץ. נאר איך האב ניט קיין געוואוינהייט צו בעהאלטען מיינע חסרונות. איך האב געגלייבט אלץ, וואס מען האט אנגערעדט, און ווען איהר האט פארלאזט אייערע עלטערן, האב איך מיך דער־שראקען פאר מיין אליאשא'ן. אבער איך האב אייך נאך ניט געקענט. די נאכפראגען, וואס איך האב געמאכט האבען מיך ביסלעכווייז פאל־שטענדיג ערמוטיגט. איך האב בעאבאכט, געלערענט און מיך, ענדליך, איבערצייגט, אז מיינע פארדאכטען זיינען אומבעגרינדעט. איך בין געוואר געווארען, אז איהר האט אייך צוקריעגט מיט אייער משפחה, איך וויים אויך, אז אייער פאטער איז מיט אלע כחות געגען אייער שידוך מיט מיין זוהן. און שוין דאס אליין, וואס איהר, האבענדיג אזא'ן איינפלוס, אזא, קען מען זאגען, מאכט איבער אליאשא'ן, האט ביז איצטער ניט אויסגענוצט די דאזיגע מאכט און איהם ניט געצוואונ־גען חתונה צו האבען מיט אייך, שוין דאס אליין ווייזט אייך ארויס פון א צו גוטער זייט. און דאך, איך בין מיך פאר אייך אינגאנצען מודה, האב איך מיט אלע כחות בעשלאסען דאמאלס צו שטערען יעדע מעגליכקייט פון אייער חתונה מיט מיין זוהן. איך וויים, איך דריק מיך אוים צו אפענהערציג, אבער אין דער מינוט איז אפענהערציגקייט פון מיין זייט נויטיגער פון אלץ: איהר וועט אליין איינשטימען מיט דעם, ווען איהר וועט מיך אינגאנצען אויסהערען. אין קורצען נאכדעם, ווי איהר האט פארלאזט אייער היים, בין איך אבגעפאהרען פון פעטער־בורג; נאר אבפאהרענדיג, האב איך שוין מורא געהאט פאר אליאשא'ן. איך האב געלעגט האפנונג אויף אייער איידעלען שטאלץ. איך האב פארשטאנען, אז איהר האט אליין ניט געוואלט דעם שידוך, ווי לאנג עס האבען זיך ניט געענדיגט אונזערע פאמיליען־אונאנגענעמליכקיי־טען; איהר האט ניט געוואלט שטערען די איינשטימיגקייט צווישען אליאשא'ן און מיר, דערפאר ווייל איך וואלט איהם קיינמאל ניט מוחל געוועזען ווען ער וואלט חתונה געהאט מיט אייך; איך האב אויך ניט געוואלט, אז מען זאל זאגען וועגען אייך, אז איהר האט געזוכט א חתן א קניאז און פארבינדונגען מיט אונזער הויז. פארקעהרט, איהר האט אפילו געוויזען נאכלעסיגקייט צו'ן אונז און, קען זיין, איהר האט געווארט אויף דער מינוט, ווען איך וועל אליין קומען בעטען אייך, צו טהאן אונז דעם כבוד, צו געבען מיין זוהן אייער האנט. און דאך בין איך אלץ פאר'עקשנ'ט געוועזען געגען אייך. איך וועל מיך ניט געהן

פארענטפערען, נאָר מיינע אורזאכען וועל איך פון אייך ניט בעהאל־טען. אַט זיינען זיי: איהר זענט ניט פון יחוס און ניט רייך. איך האָב אפילו א פארמעגען, נאָר מיר דארפען מעהר. אונזער משפחה האלט אין פאלען. מיר דארפען פארבינדונגען און געלט. דער גרעפין זינאַ־אידאַ פיאָדאָראָוונאַ'ס שטיעפטאָכטער, האָט אפילו ניט קיין פאר־בינדונגען, אָבער זי איז זעהר רייך. ווען מען זאָל עס אביסעל פארצי־הען, וואָלטען זיך באלד בעוויזען אזעלכע וואָס זוכען און וואָלטען אָבגעשלאָגען ביי אונז די כלה; און מען האָט ניט געטאָרט פארלירען אזא געלעגענהייט, און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אליאָשא איז נאָך צו יונג, האָב איך בעשלאָסען איהם צו זעהען א שידוך. איהר זעהט, איך בעהאלט קיין זאך ניט. איהר קענט מיט פאראכטונג קוקען אויפ'ן פאָטער, וועלכער איז זיך אליין מודה אין דעם, אז ער האָט ארויפגעפיהרט זיין זוהן, צוליעב גוצען און פאָראורטיילען, אויף א שלעכטען שריט; דערפאר ווייל אוועקוואָרפען א מיידעל מיט א ברייטער נשמה, וועלכע האָט פאר איהם אלץ מקריב געווען און געגען וועלכער ער איז אזוי שולדיג, — דאָס איז א שלעכטער שריט. אָבער איך מאַך מיך ניט גערעכט. די צווייטע אורזאַך פון דעם געפּלאַנטען שידוך צווישען מיין זוהן און דער גרעפין זינאַאידא פיאָדאָראָוונאַ'ס שטיעפטאָכטער איז די, וואָס דאָס מיידעל פארדיענט אין העכסטען גראד ליעבע און אכטונג. זי איז א גאַנץ שעהן מיידעל, איז זעהר פיין ערצויגען, האָט אן אויסגעצייכענטען כאראקטער און איז זעהר קלוג, כאָטש אין א סך זאכען איז זי נאָך א קינד. אליאָשא איז אָהן א כא־ראקטער, לייכטזיניג, שרעקליך אונאיבערלעגט, איז ביי צוויי און צוואנציג יאָהר נאָך גאָר א קינד און האָט אפשר אנ'איינציגע מעלה, א גוט הארץ, — אנ'אייגענשאַפט, וואָס איז אפילו געפעהרליך ביי אנ־דערע חסרונות. שוין לאנג האָב איך בעמערקט, אז מיין איינפלוס אויף איהם הייבט אָן קלענער צו ווערען: דאָס יוגענדליכע פייער און די יוגענדליכע התפעלות נעמען זיך זייערם און נעמען אפילו די אויי־בערהאנט איבער עטליכע ווירקליכע פליכטען. איך האָב איהם, אפשר, צו שטארק ליעב, נאָר איך זעה ארויס, אז איך אליין בין איהם שוין איצטער ווייניג פאר א פיהרער. און אין דער זעלבער צייט מוז ער אומבעדינגט זיין אונטער אימיצענס שטענדיגען, גוטען איינפלוס. זיין נאַטור איז אזא וואָס וואַרפט זיך אונטער, א שוואכע, א ליעבענדיגע,

אזא וואָס וויל בעסער ליעב האָבען און אונטערגעבען זיך, איידער גע־ ביעטען. אזוי וועט ער שוין בלייבען אויף זיין גאנץ לעבען. איהר קענט אייך פאָרשטעלען, ווי איך האָב מיך דערפרעהט, ווען איך האָב אין קאטערינא פידאָראָוונא'ן בעגעגענט דעם אידעאל פון א מיי־ דעל, וואָס איך וואָלט געוואָלט פאר מיין זוהן פאר א ווייב. נאָר איך האָב מיך שפּעט דערפרעהט; איבער איהם האָט שוין אונצושטערבאר געהערשט אנ'אנדער איינפלוס — אייערער. איך האָב איהם גוט בע־ אָבאָכט, ווען איך האָב מיך מיט א חודש צוריק אומגעקעהרט קיין פּע־ טערבורג, און איך האָב מיט פארוואונדערונג בעמערקט אין איהם א בעדייטענדע ענדערונג צום בעסערען. דער לייכטזין, די קינדישקייט זיינען אין איהם נאָך כמעט די זעלבע, נאָר עס האָבען זיך בעפעסטיגט אין איהם עטליכע איידעלע שטריכען; ער הייבט זיך אָן אינטערעסי־ סען ניט נאָר בלויז מיט שפּילעכלעך, נאָר מיט דעם, וואָס איז דערהוי־ בען, איידעל, עהרליך. זיינע אידעען זיינען מאָדנע, ניט פעסט, טייל־ מאָל אומגעלומפּערט; נאָר די פארלאנגען, די נייגונגען, נאָר דאָס הארץ — איז בעסער, און דאָס איז א פונדאמענט פאר אלעם; און דאָס גאנצע בעסערע אין איהם—איז אונבעשטרייטבאר פון אייך. איהר האָט איהם אויפסנייע ערצויגען. איך בין אייך מודה, אז דאמאָלס טאָקע איז מיר דורכגעלאָפען א געדאנק, אז איהר, וואָלט מעהר פון וועמען עס איז געקענט אויפבויען זיין גליק. נאָר איך האָב פארטרי־ בען דעם געדאנק, איך האָב ניט געוואָלט די דאָזיגע געדאנקען. איך האָב איהם געמוזט אָבציהען פון אייך אום יעדען פּרייז; איך האָב אָנגעהויבען טהאָן, און האָב געמיינט, אז איך האָב דערגרייכט מיין ציעל. נאָך מיט א שעה צוריק האָב איך געמיינט, אז דער זיעג איז אויף מיין זייט. נאָר דער פאָרפאל אין דער גרעפינ'ס הויז, האָט מיט אמאָל איבערגעקעהרט אלע מיינע ערוואַרטונגען, און פריהער פון אלץ האָט מיך איבעראַשט דער אונערוואַרטעטער פאקט: די מאָדנע ערנסט־ קייט אין אליאָשאַ'ן, די שטרענגקייט פון דער צוגעבונדענקייט צו'ן אייך, דאָס עקשנות, און ווי לעבהאפטיג זיין צוגעבונדענקייט איז. איך חזר אייך איבער: איהר האָט איהם פאָלשטענדיג אויפסנייע ערצויגען. איך האָב מיר אפילו פאָרגעשטעלט, היינט האָט ער פלוצלונג ארויס־ געוויזען פאר מיר א סימן פון קלוגשאפט, וואָס איך האָב אויף א האָר ניט פארדעכטיגט אין איהם, און אין דער זעלבער צייט אנ'אונגע־

וועהנליכע פיינקייט, א הארץ וואס קען טרעפען. ער האט אויסגעקליבען דעם ריכטיגסטען וועג, ארויסצוגעהן פון דער לאגע, וועלכע ער האט געהאלטען פאר א שווערע. ער האט אנגעריהרט און אויפגעוועקט די איידעלסטע פעהיגקייטען פונ'ם מענשליכען הארץ, נעמליך — די פעהיגקייט מוחל צו זיין און אבצוצאהלען פאר שלעכטס מיט גוטהארציגקייט. ער האט זיך אבגעגעבען אין דער מאכט פון דעם בעשעפעניש וואס ער האט באליידיגט און איז געקומען טאקע צו דעם בעשעפעניש מיט א געבעט נאך אנטייל און הילף. ער האט אנגעריהרט דעם גאנצען שטאלץ פון דער פרוי, וואס האט איהם שוין געליעבט, דערמיט וואס ער האט זיך איהר גלייך מודה געווען, אז זי האט א געגנעריז, און ער האט אין דער אייגענער צייט ערוועקט אין איהר מיטגעפיהל צו'ן איהר געגנעריז און צו זיך פארגעבונג און א צוזאג אויף אונאייגענוציגער ברודערליכער פריינדשאפט. געהן אויף אזא ערקלעהרונג און אין דער אייגענער צייט ניט בעליידיגען, ניט אנריהרען — אויף דעם זיינען טיילמאל ניט פעהיג אפילו די פלינקסטע חכמים, נאר עם זיינען טאקע פעהיג דערצו הערצער פרישע, ריינע און גוט־גענויגטע אזוי ווי זיינס. איך בין איבערצייגט, אז איהר נאטאליא ניקאלאיעוונא, האט ניט קיין אנטייל גענומען אין זיין היינטיגען שריט, ניט מיט קיין ווארט, ניט מיט קיין עצה. איהר, קען זיין, זיינט ערשט איצטער געוואר געווארען וועגען אלעם טאקע פון איהם אליין. איך מאך ניט קיין טעות ? ניט אמת ?

— איהר מאכט ניט קיין טעות, — האט איבערגע'חזר'ט נאטאשא, ביי וועלכער עס האט געפלאמט דאס גאנצע פנים און די אויגען האבען געפינקעלט מיט עפעס א מאדנעם גלאנץ, אזוי ווי מיט בעגייסטערונג. דעם קניאז'ס שעהנע רייד האבען אנגעהויבען ארויסצורברענגען זייער ווירקונג. — איך האב פינף טעג ניט געזעהען אליאשא'ן, — האט זי צוגעגעבען, — דאס אלץ האט ער אליין אויסגעטראכט, און אליין טאקע אויסגעפיהרט.

— אומבעדינגט אזוי, — האט דער קניאז בעשטעטיגט, — אבער ניט קוקענדיג אויף דעם איז די גאנצע אונערווארטע שארפקייט זיינע, די גאנצע בעשלאסענהייט, דאס בעוואוסטזיין פון פליכט און, ענדליך, אט די גאנצע איידעלע פעסטקייט, — דאס אלץ איז דער רעזולטאט פון אייער איינפלוס אויף איהם. דאס אלץ האב איך פאלשטענדיג בע־

גריפען און דורכגעטראכט איצטער, פאָהרענדיג אהיים, און דורכטראכטענדיג עס, האָב איך פּלוצלונג דערפיהלט אין מיר א קראַפט צו ענטשליעסען זיך. אונזער שידוך מיט דער גרעפינ'ס הויז איז צושטערט און קען שוין ניט צוריק פארבונדען ווערען; נאָר ווען דאָס זאָל אפילו קענען זיין — ו ו ע ט עס שוין אבער מעהר ניט זיין. וואָס זשע, ווען איך האָב מיך אליין איבערצייגט, אז איהר אליין קענט איהם גליקליך מאכען, אז איהר זענט — זיין אמת'ער פיהרער, אז איהר האָט שוין געלעגט דעם פונדאמענט פון זיין צוקונפטיג גליק! איך האָב פון אייך קיין זאך ניט בעהאלטען און איך בעהאלט איצטער אויך ניט: איך האָב זעהר ליעב א קאַריערע, געלט, יחוס, אפילו א טשין; בעוואוסטזיניג האלט איך א סך פון דעם פאַר א פאָראורטייל, נאָר איך האָב ליעב די דאָזיגע פאָראורטיילען און איך וויל מיך ניט אבזאָגען פון זיי. נאָר עס זיינען פאַרהאַן אומשטענדען, ווען מען דאַרף אויך אנדערע געדאנקען צולאָזען, ווען מען קען ניט אלץ מעסטען מיט איין מאָס... אויסער דעם האָב איך מיין זוהן זעהר שטארק ליעב. מיט איין וואָרט, איך בין געקומען צום בעשלוס, אז אליאשא דאַרף זיך מיט אייך ניט צושיידען, דערפאר ווייל אָהן אייך וועט ער פארלוירען געהן. און זאָל איך מיך מודה זיין? עס איז שוין אפשר א גאַנצער חודש, ווי איך האָב דאָס בעשלאָסען און נאָר איצטער בין איך ערשט געוואָר געוואָרען, אז איך האָב גערעכט בעשלאָסען. פאַרשטעהט זיך, אום אייך דאָס אלץ ארויסצוזאָגען, האָב איך אייך מאָרגען אויך געקענט בעזוכען, און ניט בעאונרוהיגען אייך כמעט אום האלבער נאכט. נאָר מיין איצטיגע אייליגקייט וועט אייך, אפשר, בעווייזען, ווי הייס און, די הויפּטזאך, ווי אויפריכטיג איך נעם מיך פאַר דער זאך. איך בין ניט קיין יונגעלע; איך וואָלט ניט געקענט אין מיינע יאָהרען בעשליעסען זיך אויף א ניט־דורכגעטראַכטען שריט. ווען איך בין אריינגעגאנגען אהער איז שוין אלץ געווען בעשלאָסען און דורכגעטראכט. נאָר איך פיהל, אז איך וועל נאָך לאנג דארפען ווארטען ביז איך וועל אייך פאָלשטענדיג איבערצייגען אין מיין אויפריכטיגקייט... אבער צו דער זאך! זאָל איך אייך איצטער ערקלעהרען צו וואָס איך בין געקומען אהער? איך בין געקומען, אז איך זאָל ערפילען מיין פליכט צו'ן אייך און — פייערליך, מיט מיין גאנצער אומבעגרענעצטער אכטונג צו'ן אייך, בעט איך אייך צו בעגליקען מיין זוהן

און איהם צו געבען אייער האנט. א, מיינט ניט, אז איך בין געקומען אהער, ווי א שטרענגער פאטער, וואס האט בעשלאסען ענדליך מוחל צו זיין די קינדער און גענעדיג איינשטימען אויף זייער גליק. ניין! ניין! איהר וועט מיך דערנידריגען, ווען איהר וועט פארדעכטיגען אין מיר אזעלכע געדאנקען. איהר וועט אויך ניט רעכענען, אז איך בין פריהער געווען איבערצייגט אין אייער צושטימונג, שטיצענדיג זיך אויף דעם, וואס איהר האט שוין מקריב געווען פאר מיין זוהן; ווידער ניין! איך וועל דער ערשטער זאגען הויך, אז ער איז אייך ניט ווערט און... (ער איז גוט און האט א ריין הארץ) ער וועט דאס אליין בעשטעטיגען. אבער דאס איז נאך ווייניג. מיך האט געצויגען אהער, אין אזא שעה, ניט נאר דאס אליין... איך בין אהערגעקומען... (און ער האט בכבוד'יג און מיט א געוויסער ערנסטקייט זיך אויפגעהויבען פון זיין ארט) איך בין אהערגעקומען דערצו, כדי צו ווערען אייער פריינד! איך וויים, איך האב ניט אויף דעם דאס מינדסטע רעכט, פארקעהרט! אבער — ערלויבט מיר צו פארדיענען דאס רעכט! ערלויבט מיר צו האפען!...

ער האט זיך בכבוד'יג פארנויגט פאר נאטאשא'ן און געווארט אויף איהר ענטפער. די גאנצע צייט וואס ער האט גערעדט, האב איך איהם אויפמערקזאם בעטראכט. ער האט דאס בעמערקט.

זיין רעדע האט ער אבגערעדט קאלט, מיט געוויסע פרעטענציעס אויף שעהן־רעדנעריי, און אין טייל ערטער אפילו מיט א געוויסער נאכלעסיקייט. דער טאן פון זיין גאנצער רעדע האט אפילו טיילמאל ניט ענטשפראכען צו דער הינגעריסענקייט, וואס האט איהם צוגעצויגען צו'ן אונז אין אזא ניט־געראטענער שעה פאר אנ'ערשטען בעזוך און בעזונדערס ביי אזעלכע בעציהונגען. טייל פון זיינע אויסדרוקען, האט מען בעמערקט, זיינען געווען געמאכטע, און אין טייל ערטער פון זיין לאנגער און דורך איהר לאנגקייט מאדנער רעדע, האט ער אזוי ווי קינסטליך ארויפגעצויגען אויף זיך דאס אויסזעהן פון אייגעם, וואס בעמיהט זיך צו בעהאלטען דאס געפיהל וואס שלאגט זיך דורך אונטער'ן אויסזעהן פון הומאר, נאכלעסיקייט און שפאס. נאר דאס אלץ האב איך שפעטער בעגריפען; דאמאלס אבער איז געווען אן אנדערע זאך. די לעצטע ווערטער האט ער ארויסגערעדט אזוי בעלעבט, מיט אזא פנים פון אויפריכטיגסטער אכטונג צו נאטאשא'ן, אז ער

האט אונז אלע בעזיעגט. אפילו עפעס אזוינס ווי טרעהרען האט דורכ־געפינקעלט אויף זיינע ברעמען. נאטאשא׳ס איידעל הארץ איז געווען פאלשטענדיג בעזיעגט. זי האט זיך, גלייך נאך איהם, אויפגעהויבען פון איהר ארט און שווייגענדיג, אין טיעפער אויפרעגונג איהם אויס־געשטרעקט איהר האנט. ער האט זי גענומען און צערטליך, מיט גע־פיהל זי א קוש געטהאן. אליאשא איז געווען אויסער זיך פון בע־גייסטערונג.

— וואס האב איך דיר געזאגט, נאטאשא! — האט ער א גע־שריי געטהאן. — דו האסט מיר ניט געגלייבט! דו האסט ניט גע־גלייבט, אז דאס איז דער בעסטער מענש אין דער וועלט! זעהסטו אליין..!

ער האט זיך געווארפען צום פאטער און איהם הייס ארומגענומען. יענער האט איהם מיט דעם אייגענעם אבגעענטפערט, נאר ער האט זיך געאיילט צו פארקירצען די געפיהלם־סצענע, אזוי ווי ער וואלט זיך געשעהמט ארויסצעווייזען זיינע געפיהלען.

— גענוג, — האט ער געזאגט און גענומען זיין הוט, — איך פאהר. איך האב געבעטען ביי אייך בלויז צעהן מינוט, און בין אב־געזעסען א גאנצע שעה, — האט ער צוגעגעבען, שמייכלענדיג. אבער איך געה אוועק מיט דער הייסטער אונגעדולד זיך וויעדער צו זעהען מיט אייך ווי מעגליך שנעל. וועט איהר מיר ערלויבען אייך צו בעזוכען וואס עפטער?

— יא, יא! — האט נאטאשא געענטפערט, — וואס עפטער! איך וויל וואס גיכער... אייך ליעב בעקומען... — האט זי צוגעגעבען א צוטומעלטע.

— ווי אויפריכטיג איהר זענט, ווי עהרליך איהר זענט! — האט געזאגט דער קניאז, שמייכלענדיג איבער איהרע ווערטער. — איהר ווילט אפילו ניט זיין אויף אזוי פיעל בימרע, אז איהר זאלט מיר זא־גען אנ׳איינפאכע העפליכקייט. אבער אייער אויפריכטיגקייט איז מיר טייערער פון די אלע געמאכטע העפליכקייטען. יא! איך בין מודה, אז עס מוז נאך לאנג, לאנג נעמען, ביז איך וועל פארדיענען אייער ליעבע!

— גענוג, לויבט מיך ניט... גענוג, — האט נאטאשא געמור־מעלט א צוטומעלטע. ווי שעהן זי איז געווען אין דער מינוט!

— זאָל זיין אזוי! — האָט דער קניאז בעשלאָסען: — אָבער נאָך צוויי ווערטער וועגען דער זאַך. קענט איהר אייך דען פֿאָרשטע־לען, ווי אומגליקליך איך בין! מאָרגען קען איך דאָך ניט זיין ביי אייך, ניט מאָרגען, ניט איבערמאָרגען. היינט אָווענד האָב איך דער־האַלטען א בריעף, וואָס איז פאַר מיר אזוי וויכטיג (וואָס פֿאָדערט, אז איך זאָל מיך פֿאַרנעמען מיט א געוויסער זאַך), אז איך קען עס אויף קיין פאַל ניט אויסמיידען. מאָרגען אין דער פריה פֿאָהר איך אוועק פון פעטערבורג. איך בעט אייך, איהר זאָלט ניט דענקען, אז איך בין ארייגעקומען צו׳ן אייך אזוי שפּעט טאַקע דערפאַר, וואָס מאָרגען וואָלט מיר ניט מעגליך געווען, ניט מאָרגען, ניט איבערמאָרגען. איהר, פאַרשטעהט זיך, וועט דאָס ניט דענקען, אבער אָט האָט איהר א קליי־נעם ביישפּיעל פון מיין צווייפעלדיגקייט! פאַרוואָס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איהר מוזט עס אומבעדינגט א טראַכט טהאָן אזוי? יאָ, א סך האָט מיר געשטערט אין מיין לעבען אָט די צווייפעלדיגקייט, און מיין גאַנצער ריס מיט אייער פאַמיליע, קען זיין, איז נאָר צוליעב מיין אָרעמען כאַראַקטער!... היינט האָבען מיר דינסטאָג. מיטוואָך, דאָנערשטאָג, פרייטאָג וועל איך ניט זיין אין פעטערבורג. שבת האָף איך אומבעדינגט מיך אומצוקעהרען און אין דעם אייגענעם טאָג וועל איך זיין ביי אייך. זאָגט מיר, איך קען קומען צו׳ן אייך אויף א גאַנצען אָווענד?

— אומבעדינגט, אומבעדינגט! — האָט נאַטאַשאַ אויסגע־שריגען, — שבת אָווענד וואַרט איך אויף אייך! איך וואַרט מיט אומ־געדולד!

— ווי גליקליך איך בין! איך וועל מיך אַלץ בעסער און בעסער בעקענען מיט אייך! נו... איך געה! און דאָך קען איך ניט אוועק־געהן, אז איך זאָל ניט דריקען אייער האַנט, — האָט ער ווייטער גע־רעדט, זיך פּלוצלונג אומקעהרענדיג צו מיר. — ענטשולדיגט! מיר רעדען איצטער אַלע אזוי אָהן צוזאַמענהאַנג... איך האָב שוין געהאַט עטליכע מאָל דאָס פאַרגעניגען צו טרעפען זיך מיט אייך, און איינמאָל זיינען מיר אפילו געווען פֿאַרגעשטעלט איינער דעם אַנדערען. איך קען ניט ארויסגעהן פון דאַנען, איידער איך דריק אויס, ווי אַנגענעהם עס וואָלט מיר געווען צו בעגייען אונזער בעקאַנטשאַפט.

— מיר האָבען זיך שוין געטראָפען, דאָס איז אמת, — האָב

איך געענטפערט, אנגעמענדיג זיין האנט, — נאר, ענטשולדיגט, איך געדענק ניט, אז מיר זאלען זיך האבען בעקענט.

— ביי קניאז ר. פאראיאהרען.

— ענטשולדיגט, פארגעסען. אבער איך פארזיכער אייך, דאס מאל וועל איך עס ניט פארגעסען. דעם אוועגד וועל איך בעזונדערס געדענקען.

— יא, איהר זענט גערעכט, איך וועל איהם אויך געדענקען. איך וויים שוין פון לאנג, אז איהר זענט נאטאליא ניקאלאיעוונא'ס און מיין זוהן'ס אנ'אמת'ער, אויפריכטיגער פריינד. איך האף צו זיין צווישען אייך דריי א פערטער. ניט אזוי? — האט ער צוגעגעבען זיך ווענדענ־דיג צו נאטאשא'ן.

— יא, ער איז אונזער אמת'ער פריינד און מיר דארפען זיין אלע צוזאמען! — האט מיט טיפען געפיהל געענטפערט נאטאשא. ארעמינקע! זי האט אזוי אויפגעשטראהלט פון פרייד, ווען זי האט דערזעהען, אז דער קניאז האט ניט פארגעסען צוצוגעהן צו מיר. ווי ליעב זי האט מיך געהאט.

— איך האב בעגעגענט א סך פארעהרער פון אייער טאלענט, — האט דער קניאז פארגעזעצט, — און איך קען אייערע צוויי אויפריכ־טיגסטע פארעהרערינס. זיי וועט זיין אזוי אנגענעהם זיך מיט אייך פערזענליך צו בעקענען. דאס איז די גרעפין, מיין בעסטער פריינד, און איהר שטיפטאכטער, קאטערינא פיאדאראוונא פילימאנאווא. ער־לויבט מיר צו האפען, אז איהר וועט מיר ניט אבזאגען דאס פארגע־ניגען אייך פארצושטעלען פאר די דאמען.

— דאס שמייכעלט מיך זעהר, כאטש איך האב איצטער ווייניג בעקאנטשאפטען...

— אבער מיר וועט איהר געבען אייער אדרעס! וואו וואוינט איהר? איך וועל האבען דאס פארגעניגען...

— איך נעהם ביי מיר ניט אויף, קניאז, אמוועניגסטענס ביי דער איצטיגער צייט.

— אבער איך, כאטש איך האב ניט פארדיענט קיין אויסנאהם... אבער...

— נו, אויב איהר פארלאנגט, איז עס מיר אויך זעהר אנגענעהם. איך וואוין אין —ער פערעאולאק, אין קלוגען'ס הויז.

— אין קלוגען׳ס הויז! — האָט ער א געשריי געטהאָן, ווי אַנ־איבעראשטער פון עפּעס. — ווי! איהר... וואוינט שוין לאנג דאָרט?

— ניין, ניט לאנג, — האָב איך געענטפערט, ניט ווילענדיג איינ־קוקענדיג זיך אין איהם. — מיין וואוינונג איז נומער פיעראונפערציג.

— פיעראונפערציג? איהר וואוינט... אליין?

— גאַנץ אליין.

— י־יאָ! איך פרעג עס דערפאר... ווייל, דוכט זיך, איך קען דאָס הויז. נאָך בעסער... איך וועל אומבעדינגט זיין ביי אייך, אומבעדינגט! איך האָב א סך איבערצורעדען מיט אייך, און איך ערוואַרט פון אייך א סך. איהר קענט מיך פאַרפליכטען צו׳ן אייך אין א סך הינזיכטען. איהר זעהט, איך הייב גלייך אָן מיט א ביטע. אבער אדיע! נאָך אמאָל אייער האנט!

ער האָט געדריקט די האנט מיר און אליאָשאַ׳ן, האָט נאָכאמאָל געקושט נאטאשאַ׳ס הענטעל און איז ארויס, ניט איינלאָדענדיג אליאָשאַ׳ן ער זאָל איהם נאָכגעהן.

מיר זיינען אלע דריי געבליבען צוטומעלט. דאָס אלץ איז גע־שעהען אזוי אומערוואַרט, אזוי פּלוצלונג. מיר האָבען אלע געפיהלט, אַז אין איין אויגענבליק האָט זיך אלץ געענדערט און עס הייבט זיך אָן עפּעס וואָס איז ניי, אומבעקאַנט. אליאָשא האָט זיך שווייגענדיג גע־זעצט נעבען נאטאשאַ׳ן און שטיל געקושט איהר האנט. צייטענווייז האָט ער איהר אריינגעקוקט אין פּנים, ווי ער וואָלט ערוואַרט, וואָס זי וועט זאָגען.

— אליאָשא טייערער, פאָהר גלייך מאָרגען צו קאטערינא פיאָ־דאָראָווּנאַ׳ן, — האָט זי ענדליך, ארויסגעזאָגט.

— איך האָב עס אליין געטראַכט, — האָט ער געענטפערט, — איך וועל אומבעדינגט פאָהרען.

— און אפשר וועט איהר שווער זיין דיך צו זעהען... ווי טהוט מען?

— איך ווייס ניט, טייערע. איך האָב שוין וועגען דעם אויך גע־טראַכט... איך וועל א קוק טהאָן... וועל זעהען... וועל איך בעשליע־סען. נו וואָס, נאטאשא, איצטער האָט זיך דאָך ביי אונז אלץ געענ־דערט, — האָט זיך אליאָשא ניט איינגעהאלטען ארויסצוזאָגען.

זי האָט זיך צושמייכעלט און א קוק געטהאָן אויף איהם מיט א

לאנגען און צערטליכען בליק.

— און ווי איידעל ער איז. ער האט געזעהען, וואס פאר אנ׳ארעמע וואוינונג דו האסט, און האט קיין איינציג ווארט ניט גערעדט...

— וועגען וואס?

— נו... אז דו זאלסט זיך איבערציהען ערגיץ אנדערש... אדער עפעס, — האט ער צוגעגעבען, רויט ווערענדיג.

— אבער וואס רעדסטו, אלאשא, פארוואס!

— א דאס זאג איך דאך טאקע, אז ער איז אזא איידעלער מענש. און ווי ער האט דיך געלויבט! איך האב ז׳אך דיר געזאגט... געזאגט! ניין, ער קען אלץ פארשטעהן און פיהלען! און וועגען מיר האט ער גערעדט ווי וועגען א קינד; אלע האלטען זיי מיך אזוי! נו, וואס זשע, איך בין דאך טאקע אזוי.

— דו ביזט א קינד, און פארשטעהסט מעהר פון אונז אלע. דו גוטער, אליאשא!

— און ער האט געזאגט, אז מיין גוטע הארץ שאדט מיר. וואס הייסט דאס? איך פארשטעה ניט. אבער ווייסטו וואס, נאטאשא, אפשר זאל איך גלייך פאהרען צו׳ן איהם? מארגען איידער עס ווערט טאג בין איך דא ביי דיר.

— פאהר, פאהר טייערער. דאס איז א גוטער איינפאל. און ווייז דיך פאר איהם אומבעדינגט, דו הערסט? און מארגען קום צו־פאהרען אזוי פריה ווי מעגליך. איצטער וועסטו שוין ניט לויפען פון מיר אויף פינף טעג? — האט זי כיטרע צוגעגעבען, איהם צערטלענ־דיג מיט׳ן בליק. מיר זיינען אלע געווען אין עפעס א שטילער, עפעס א פאלשטענדיגער פרייד.

— געהסט מיט מיר, וואניא? — האט אליאשא א געשריי גע־טהאן, ארויסגעהענדיג פון צימער.

— ניין, ער וועט בלייבען; מיר וועלען נאך רעדען אביסעל, וואניא. געדענק זשע, מארגען באלד אין דער פריה!

— באלד אין דער פריה! א גוטע נאכט, מאווראַ!

מאווראַ איז געווען שטארק אויפגערעגט. זי האט געהערט אלץ, וואס דער קניאז האט גערעדט, זי האט אלץ אונטערגעהערט. נאר זי האט א סך ניט פארשטאנען. זי וואלט געוואלט טרעפען און אויס־פרעגען, און דערווייל האט זי אויסגעזעהען אזוי ערנסט, כמעט

שטאָלץ. זי האָט זיך אויך אָנגעשטויסען, אַז אַ סך זאַכען האָבען זיך געענדערט.

מיר זיינען געבליבען אַליין. נאַטאַשאַ האָט מיך גענומען פאַר דער האַנד און אַ געוויסע צייט געשוויגען, ווי זי וואָלט געזוכט וואָס צו זאָגען.

— איך בין מיעד! — האָט זי ענדליך אַרויסגערעדט מיט אַ שוואַכער שטים. — הער: דו וועסט דאָך מאָרגען געהן צו אונזערע?

— אומבעדינגט.

— דער מאַמעשי זאָג עס, און א י ה ם דערצעהל עס ניט.

— איך רעד דאָך סיי ווי סיי ניט מיט איהם קיינמאָל וועגען דיר.

— אָט דאָס איז עס; ער וועט זיך עס סיי ווי סיי דערוויסען. און דו בעמערק, וואָס וועט ער זאָגען? ווי וועט ער עס אויפנעמען? גאָט, וואַניא! וואָס זשע, ער וועט מיך טאַקע פאַרשעלטען פאַר דעם שידוך? ניין, דאָס קען ניט זיין!

— אַלץ דאַרף דער קניאַז איינאָרדנען, — האָב איך שנעל אונטערגעכאַפּט. ער דאַרף זיך אומבעדינגט מיט איהם איבערבעטען, און דאַמאָלס וועט זיך שוין אַלץ איינאָרדנען.

— אוי, גאָט מיינער! ווען דאָס זאָל נאָר זיין! ווען דאָס זאָל נאָר זיין! — האָט זי מיט געבעט אויסגעשריגען.

— זיי נאָר רוהיג, נאַטאַשאַ, אַלץ וועט זיך אויסגלייכען. עס געהט דערצו.

זי האָט פעסט אַ קוק געטהאָן אויף מיר.

— וואַניא, וואָס דענקסטו וועגען דעם קניאַז?

— אויב ער האָט גערעדט אויפריכטיג, איז ער, לויט מיין מיינונג, אַ גאַנץ איידעלער מענש.

— אויב ער האָט גערעדט אויפריכטיג? וואָס הייסט דאָס? האָט ער דען געקענט רעדען ניט אויפריכטיג?

— און מיר ווייזט זיך עס אויך אויס, — האָב איך געענטפערט.— „הפנים, אַז ביי איהר בליצט עפּעס דורך אַ געדאַנק", — האָב איך אַ טראַכט געטהאָן פאַר זיך. — מאָדנע!

— דו האסט אלץ געקוקט אויף איהם... אזוי פעסט...

— יא, ער איז אביסעל מאדנע; האט זיך מיר אויסגעוויזען.

— און מיר אויך. ער רעדט עפעס אלץ אזוי... איך בין מיעד, טייערער. ווייסטו וואס? געה דו אויך אהיים. און מארגען קום צו מיר אזוי פריה ווי מעגליך פון זיי. און הער נאר: דאס איז ניט קיין באליידיגונג, ווען איך האב איהם געזאגט, אז איך וויל איהם וואס גיכער ליעב בעקומען.

— ניין.. פארוואס א באליידיגונג?

— און... ס'איז ניט נאריש? דאס הייסט דאס האט דאך בעטייט, אז דערווייל האב איך איהם נאך ניט ליעב.

— פארקעהרט, דאס איז געווען אויסגעצייכענט, נאאיוו, שנעל. דו ביזט אזוי שעהן געווען אין דער מינוט! א נאר וועט ער זיין, אויב ער וועט דאס ניט פארשטעהן מיט זיין גרויס־וועלטיגקייט.

— דו ביזט עפעס אזוי ווי בייז אויף איהם, וואניא? און דאך, וואס פאר א נאר איך בין, און ווי צווייפעלדיג און ווי בעריהמעריש! לאך ניט; איך בעהאלט דאך פון דיר קיין זאך ניט. אוי, וואניא, מיין טייערער פריינד! טאמער וועל איך ווידער זיין אומגליקליך, אויב צרות וועלען ווידער קומען, וועסטו דאך שוין מן הסתם דא זיכער זיין נעבען מיר; און איינער אליין, קען זיין, וועסטו זיין דא! מיט וואס וועל איך דיר אבדיענען פאר אלעם! פארשעלט מיך ניט קיינמאל, וואניא!...

אהיימקומענדיג האב איך מיך גלייך אויסגעטהאן און זיך געלייגט שלאפען. אין שטוב איז ביי מיר געווען פייכט און פינסטער, ווי אין א קעלער. א סך מאדנע געדאנקען און געפיהלען האבען ארומגעבראדיעט אין מיר, און איך האב נאך לאנג ניט געקענט איינשלאפען.

אבער ווי האט עס אין דער אייגענער מינוט בעדארפט לאכען איין מענש, איינשלאפענדיג אין זיין בעקוועמליך בעט, — אויב ער האט, איבריגענס, געדענקט, אז עס איז נאך ווערט א שמייכעל צו טהאן איבער אונז! קעהר זיין, ער האט ניט געדענקט, אז מיר זיינען עס ווערט!

## דריטער קאפיטעל.

צומארגענס אין דער פריה א זייגער צעהן, ווען איך בין ארויס פון מיין וואוינונג, איילענדיג זיך אויפ'ן וואסילעווער אינזעל צו די איכמעניעווס, כדי פון זיי וואס שנעלער אוועקצוגעהן צו נאטאשא'ן, האב איך מיך פלוצלונג אנגעשטויסען אין דער טהיר מיט מיין נעכטי־גער בעזוכערין, סמית'ס איינקעל. זי איז ארייגגעגאנגען צו מיר. איך ווייס ניט פארוואס, נאר איך געדענק, איך האב מיך מיט איהר זעהר דערפרעהט. נעכטען האב איך אפילו ניט בעוויזען זי רעכט אנצוקו־קען, און ביי טאג האט זי מיך נאך מעהר פארוואונדערט. און ס'איז טאקע שווער געווען צו בעגעגענען א מאדנער, אן אריגינעלער בעשע־פעניש, וועניגסטענס, לויט דער אויסערליכקייט. א קלייניגקע, מיט פינקלענדיגע, שווארצע, עפעס ניט־רוסישע אויגען, מיט געדיכטע, שווארצע, בינטעלדיגע האר און מיט א רעטזעלהאפטען, שטומען און פאר'עקשנ'טען בליק, האט זי געקענט אבשטעלען די אויפמערקזאמ־קייט אפילו פון יעדען פארבייגעהער אויף דער גאס. בעזונדערס האט איבערראשט איהר בליק: אין איהם האט געפונקעלט קלוגשאפט, און צוזאמען מיט דעם עפעס א אינקוויזאטארישער אומצוטרוי און אפילו פארדאכט. איהר אלט און ברודיג קליידעל האט ביים טאג־ליכט נאך מעהר ווי נעכטען אויסגעזעהען ווי שמאטעס. מיר האט זיך אויסגעווי־זען, אז זי איז קראנק מיט עפעס א לאנגזאמער, איינגעשפארטער און שטענדיגער קרענק, וועלכע צושטערט שטופענווייז, נאר אומברחמנות־דיג איהר ארגאניזם. איהר בלייך און דאר פנים האט געהאט עפעס אנ'אומנאטירליכען טונקעל־געלען, גאליגען קאליר. נאר אין אלגעמיין, ניט קוקענדיג אויף דער גאנצער מיאוסקייט פון ארימקייט און קראנק־הייט, איז זי געווען גאר ניט מיאוס. איהרע ברעמען זייגען געיוען שארף, דין און שעהן; בעזונדערס שעהן געווען איז איהר ברייטער שטערען, אביסעל א נידריגער, און די פרעכטיג געשניצטע ליפען, מיט עפעס א שטאלצען, דרייסטען קנייטש, נאר בלייכע, קוים־קוים וואס בעפארבטע.

— א, דאס ביזטו ווידער! — האב איך אויסגעשריגען: — נו, איך האב טאקע געטראכט, אז דו וועסט קומען. קום זשע אריין!

זי איז אריינגעגאנגען לאנגזאם איבערטרעטענדיג די שוועל, אזוי ווי נעבטען, אומקוקענדיג זיך מיט אומצוטרוי. זי האט אויפמערקזאם בעקוקט דאס צימער, אין וועלכען עס האט געוואוינט איהר זיידע, גלייך זי וואלט בעמערקט אויף וויפיעל דאס צימער האט זיך געענ־ערט ביים נייעם איינוואוינער. „נו, ווי דער זיידע, אזוי דאס איינִיקעל". האב איך א טראכט געטהאן. צו איז זי ניט אמאל א משוגענע? זי האט נאך אלץ געשוויגען; איך האב געווארט.

— נאך די ביכלעך! — האט זי ענדליך ארויסגעמורמעלט, אראבלאזענדיג די אויגען צו דער ערד.

— א, יא! דיינע ביכלעך; אט זיינען זיי, נעהם! איך האב זיי אומיסטען אבגעהיטען פאר דיר.

זי האט מיט נייגעריגקייט א קוק געטהאן אויף מיר און עפּעס מאדנע פארקרומט דאס מויל, גלייך ווי זי וואלט געוואלט אומצוטרוי־ליך א שמייכעל טהאן. נאר דער געוואלטער שמייכעל איז פארביי און האט זיך באלד געענדערט אויף דעם פריהעריגען שטרענגען און רעט־זעלהאפטען אויסדרוק.

— האט אייך דען דער זיידע געזאגט וועגען מיר? — האט זי געפרעגט, איראניש בעקוקענדיג מיך פון קאפּ ביז פוס.

— ניין, וועגען דיר האט ער ניט גערעדט, נאר ער...

— פון וואנען זשע האט איהר געוואוסט, אז איך וועל קומען? ווער האט אייך געזאגט? — האט זי געפרעגט, איבערשלאגענדיג מיר שנעל.

— דערפאר, ווייל איך האב געטראכט, דיין זיידע האט דאך ניט געקענט לעבען אליין, פון אלע פארלאזט. ער איז געווען אזוי אלט, שוואך; נו, האב איך געטראכט, אז אימיצער האט געמוזט קומען צו'ן איהם. נעם, אט זיינען דיינע ביכער. דו לערנסט דיך אין זיי?

— ניין.

— צו וואס זשע דארפסטו זיי?

— דער זיידע האט מיך געלערנט, ווען איך פלעג קומען צו'ן איהם.

— דו האסט דען דערנאך אויפגעהערט צו קומען?

— דערנאך בין איך ניט געקומען... איך בין קראנק געווארען, — האט זי צוגעגעבען ווי זי וואלט זיך פארענטפערט.

— האָסטו א משפּחה, א מאַמען, א טאַטען?

זי האָט פּלוצלונג אָנגעכמורעט איהרע ברעמען און מיט א גע־ווּיסען שרעק זאָגאר א קוק געטהאָן אויף מיר. דערנאָך האָט זי זיך פאַרקלערט, האָט זיך שווייגענדיג אומגעדרעהט און איז שטיל ארויס פון צימער, ניט האַלטענדיג אפילו פאַר נויטיג מיר צו ענטפערען, פונקט אזוי ווי נעכטען. איך האָב זי א פאַרוואונדערטער בעגלייט מיט די אויגען. נאָר זי איז געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל.

— פון וואָס איז ער געשטאָרבען? — האָט זי קורץ געפרעגט, זיך קוים־קוים אומווענדענדיג צו מיר, פונקט ווי מיט דעם אייגענעם זשעסט און בעוועגונג, אזוי ווי נעכטען, ווען זי האָט, אויך ביים ארויס־געהן און שטעהענדיג מיט'ן פּנים צו דער טהיר, געפרעגט וועגען אזאָרקאַ'ן.

איך בין צוגעגאַנגען צו'ן איהר און האָב איהר אָנגעהויבען גע־שווינד דערצעהלען. זי האָט שווייגענדיג און פריפענדיג אויסגעהערט, אָנבויגענדיג דעם קאָפּ און שטעהענדיג מיט דער פּלייצע צו מיר. איך האָב איהר אויך דערצעהלט, ווי דער אַלטער האָט, שטאַרבענדיג, גע־רעדט וועגען דער זעקסטער ליניע. „איך האָב מיך טאַקע אָנגעשטוי־סען, — האָב איך צוגעגעבען, — אז דאָרטען וואוינט מן הסתם אי־מיצער פון די וואָס זיינען איהם טייער, און דערפאַר האָב איך ער־וואַרט, אז מען וועט זיך קומען וועגען איהם נאָכפרעגען. מן הסתם האָט ער דיך ליעב געהאַט, ווען ער האָט אין דער לעצטער מינוט דיך דערמאָנט.“

— ניין, — האָט זי ארויסגעשעפּטשעט אזוי ווי ניט ווילענדיג: — ער האָט מיך ניט ליעב געהאַט.

זי איז געוועזען שטאַרק אויפגערודערט. רעדענדיג האָב איך מיך איינגעבויגען צו'ן איהר און איהר אריינגעקוקט אין פּנים אריין. איך האָב בעמערקט, אז זי האָט בענוצט שרעקליכע אָנשטרענגונגען צו אונטערדריקען איהר אויפרעגונג, אזוי ווי אויס שטאָלציקייט פאַר מיר. זי איז געוואָרען אַלץ בלייכער און בלייכער און האָט פעסט פאַר־ביסען איהר אונטערשטע ליפּ. נאָר בעזונדערס האָט מיך איבעראַשט דאָס מאָדנע קלאַפּען פון איהר הארץ. עס האָט געקלאַפּט אַלץ שטאַר־קער און שטאַרקער, אזוי אז צום סוף האָט מען עס געקענט הערען אויף צוויי דריי טריט אזוי ווי אין אנ'אַנעווריזם. איך האָב געמיינט,

אז זי וועט פלוצלונג אויסברעכען אין א געוויין, אזוי ווי נעכטען; נאר זי האט זיך בעהערשט.

— און וואו איז דער פארקאן?

— וואס פאר א פארקאן?

— הינטער וועלכען ער איז געשטארבען.

— איך וועל איהם דיר ווייזען... ווען מיר וועלען ארויסגעהן. יא, הער, ווי רופט מען דיך?

— מען דארף ניט...

— וואס דארף מען ניט?

— מען דארף ניט; גארנישט... מען רופט מיך אינגאנצען ניט; — האט זי אבגעהאקט און ווי מיט פארדרוס ארויסגערעדט און געמאכט א בעוועגונג אוועקצוגעהן. איך האב זי אבגעשטעלט.

—ווארט, א מאדנע מיידעלע ביזטו! איך מיין דאך דיין טובה; איך האב אויף דיר רחמנות פון נעכטען נאך, ווען דו ביזט געשטאנען דארט אין ווינקעל אויף די שטיעגען און געוויינט. דערמאנען קען איך מיך ניט וועגען דעם... דערצו נאך איז דיין זיידע געשטארבען ביי מיר אויף די הענט, און ער האט מן הסתם געדענקט אן דיר, ווען ער האט דערמאנט די זעקסטע ליניע, הייסט עס, אזוי ווי ער וואלט דיך אויף מיינע הענט געלאזט. ער קומט צו מיר צו חלום... און אט האב איך דיר די ביכלעך אבגעהיטען און דו ביזט אזא ווילדע, גלייך דו האסט מורא פאר מיר. דו ביזט מסתמא זעהר ארעם און א יתומה, אפשר, אויף פרעמדע הענט; יא צו ניין?

איך האב גערעדט צו'ן איהר היים און איך ווייס אליין ניט, מיט וואס זי האט מיך אזוי געצויגען צו זיך. אין מיין געפיהל איז געווען נאך עפעס אנדערש, אויסער בלויז רחמנות. צי די געהיימליכ־קייט פון דער גאנצער געשיכטע, צי דער איינדרוק, וואס סמיט האט איבערגעלאזט, צי די פאנאטישקייט פון מיין אייגענער שטימונג, — איך ווייס ניט, נאר עפעס נישט צום איבערוויגדען האט מיך געצויגען צו'ן איהר. מיינע ווערטער, ווי עס האט אויסגעוויזען, האבען זי גע־ריהרט; זי האט עפעס מאדנע א קוק געטהאן אויף מיר, אבער שוין ניט שטרענג, נאר ווייך און לאנג; דערנאך האט זי ווידער אנגענויגט דעם קאפ, אזוי ווי זי וואלט זיך פארטראכט.

— העלענא, — האָט זי פּלוצלונג אַרויסגעמורמעלט, אונטער־וואָרט און אויסערגעוועהנליך שטיל.

— דאָס הייסט מען רופט דיך העלענא?

— יאָ...

— וואָס זשע, ווילסטו קומען צו מיר?

— מען דאַרף ניט... איך ווייס ניט... איך וועל קומען, — האָט זי אַרויסגעמורמעלט, אַזוי ווי אין אַ קאַמפּף און אין געדאַנקען. אין דער מינוט האָט ערגיץ גענומען קלינגען אַ וואַנד־זייגער. זי האָט אויפגעציטערט און קוקענדיג אויף מיר מיט אַנ׳אונאויסדריקליכער וועהטאָגליכער בענקשאַפט, האָט זי געמורמעלט: — ווי שפּעט איז עס?

— דוכט זיך האַלב עלף.

זי האָט אַ געשריי געטהאָן פון שרעק.

— גאָט! — האָט זי אַ געשריי געטהאָן און זיך פּלוצלונג אַ וואָרף געטהאָן צום לויפען. נאָר איך האָב זי נאָכאַמאָל אָבגעשטעלט אין הויז.

— איך וועל דיך אַזוי ניט אַוועקלאָזען, — האָב איך געזאָגט.— וואָס האָסטו מורא? דו האָסט פאַרשפּעטיגט.

— יאָ, יאָ, איך בין שטילערהייט אַוועק! לאָזט מיך! זי וועט מיך שלאָגען! — האָט זי אַ געשריי געטהאָן, הפנים אַרויסכאַפּענדיג זיך מיט דעם וואָרט און געגומען זיך אויסרייסען פון מיינע הענט.

— הער זשע און רייס דיך ניט; דו דאַרפסט געהן אויף׳ן וואַסילעווער און איך דאַרף אויך אַהין, אין דער דרייצענטער ליניע. איך האָב אויך פאַרשפּעטיגט און איך וויל נעמען אַ דראָשקע. ווילסט פאָה־רען מיט מיר? איך וועל דיך צופיהרען. עס וועט זיין שנעלער ווי צו פוס...

— צו מיר קען מען ניט קומען, מען קען ניט, — האָט זי אַ געשריי געטהאָן אין אַ שטאַרקען שרעק. אפילו איהר פּנים האָט זיך אויסגעקרומט פון אַ מין שרעק ביים בלויזען געדאַנק, אַז איך קען קומען אַהין, וואו זי וואוינט.

— איך זאָג דאָך דיר, אַז איך דאַרף אין דער דרייצעהנטער ליניע, צוליעב מיין אייגען געשעפט, און ניט צו דיר! איך וועל דיר ניט נאָכגעהן. מיט אַ דראָשקע וועלען מיר שנעל צופאָהרען. קום.

מיר זיינען געשווינד אראבגעלאָפען אונטען. איך האָב גענומען די ערשטע בעסטע דראָשקע, וואָס איז מיר געקומען אונטער דער האַנט. ווייזט אויס, העלענא האָט זיך זעהר געאיילט, ווען זי האָט איינגעשטימט זיך איינצוזעצען מיט מיר. מאָדנער פון אלץ איז געווען דאָס, וואָס איך האָב מיך אפילו ניט דערוועגט זי אויסצופרעגען. זי האָט געטהאָן אזא מאַך מיט די הענט און שיער ניט ארויסגעשפרונגען פון דער דראָשקע, ווען איך האָב זי געפרעגט, פאַר וועמען זי האָט אזוי מורא אין דערהיים? „וואָס פאר א געהיימע זאכען?“ האָב איך געטראכט.

אויף דער דראָשקע איז איהר געווען זעהר אונאנגענעהם צו זיצען. ביי יעדען שטויס האָט זי, אום זיך אָנצוהאלטען, זיך אָנגעכאפּט אָן מיין מאנטעל מיט איהר לינקער, ברודיגער, קליינער, נעגעלדיגער האַנט. אין דער צווייטער האַנט האָט זי פעסט געהאלטען איהרע ביכער; מען האָט אָן אלעם געזעהען, אז די דאָזיגע ביכער זיינען איהר זעהר טייער. פאריכטענדיג זיך, האָט זי פּלוצלונג אָבגעדעקט איהר פוס און צו מיין גרעסטער פארוואונדערונג, האָב איך דערזע־הען, אז זי איז געווען אין בלויזע לעבערדיגע שיך, אָהן זאקען. כאָטש איך האָב שוין געהאט בעשלאָסען זי וועגען קיין זאַך ניט אויסצופרע־גען, נאָר דאָ האָב איך מיך ווידער ניט געקענט איינהאלטען.

— צי האָסטו טאקע ניט קיין זאקען? — האָב איך געפרעגט.— ווי קען מען געהן מיט בורוויסע פיס אין אזא נעץ און אין אזא קעלט?

— ניין, — האָט זי קורץ געענטפערט.

— אַך, גאָט מיינער, אבער דו וואוינסט דאָך ביי אימיצען! דו וואָלסט ביי אימיצען אנדערש געבעטען א פּאָר זאקען, ווען דו האָסט בעדאַרפט ארויסצוגעהן אין גאַס.

— איך וויל אליין אזוי.

— דו קענסט דאָך קראַנק ווערען, שטארבען!

— וועל איך שטארבען.

זי האָט, ווייזט אויס, ניט געוואָלט ענטפערען און איז בייז גע־ווען אויף מיינע פראגען.

— אָט דאָ איז ער טאקע געשטאָרבען, — האָב איך געזאָגט, אָנ־ווייזענדיג איהר אויפ'ן הויז, ביי וועלכען דער אלטער איז געשטאָרבען.

זי האט אויפמערקזאם א קוק געטהאן און פלוצלונג, זיך ווענ־דענדיג צו מיר מיט א געבעט, געזאגט:

— ווי גאט איז אייך ליעב איהר זאלט ניט נאכגעהן. און איך וועל קומען, איך וועל קומען! ווי נאר איך וועל קענען, וועל איך קומען!

— גוט, איך האב דיר שוין געזאגט, אז איך וועל דיר ניט נאכ־געהן. אבער וואס האסטו מורא? דו ביזט הפנים עפעס אנ'אומגליק־ליכע. מיר טהוט וועה צו קוקען אויף דיר....

— איך האב פאר קיינעם ניט קיין מורא, — האט זי געענט־פערט מיט א געוויסער צורייצטקייט אין איהר קול.

— אבער דו האסט ניט לאנג צוריק געזאגט: „זי וועט מיך שלאגען!“

— זאל זי שלאגען! — האט זי געענטפערט, און איהרע אויגען האבען א פינקעל געטהאן. — זאל זי שלאגען! זאל זי שלאגען! — האט זי ביטער איבערגע'חזר'ט און איהר אויבערשטע ליפ האט ווי פאר־עכטליך זיך אויפגעהויבען און גענומען ציטערען.

מיר זיינען ענדליך אנגעקומען אויפ'ן וואסילעווער אינזעל. זי האט אבגעשטעלט דעם איזוואשטשיק ביים אנהייב פון דער זעקסטער ליניע, און איז אראבגעשפרונגען פון דער דראשקע, אומקוקענדיג זיך אומרוהיג אויף אלע זייטען.

— פאהרט אוועק; איך וועל קומען, איך וועל קומען! — האט זי איבערגע'חזר'ט אין שרעקליכער אומרוהיגקייט, בעטענדיג מיך איך זאל איהר ניט נאכגעהן. — געהט זשע שנעלער, שנעלער.

איך בין אבגעפאהרען. נאר אבפאהרענדיג אויף דער ברעג־גאס עטליכע שריט, האב איך אבגעלאזט דעם איזוואזטשיק, און אומקעהר־רענדיג זיך צו דער זעקסטער ליניע, בין איך געשווינד אריבערגעלא־פען אויף דער אנדערער זייט גאס. איך האב זי דערזעהען: זי האט נאך ניט אוספעיעט קיין סך אבצוגעהן, כאטש זי איז געגאנגען זעהר געשווינד און האט זיך אלץ אומגעקוקט; זי האט זיך שוין אפילו גע־האט אבגעשטעלט אויף א מינוט, כדי בעסער א קוק צו טהאן: צי געה איך איהר נאך צי ניט? נאר איך האב מיך בעהאלטען אין א טויער און זי האט ניט בעמערקט. זי איז געגאנגען ווייטער, איך נאך איהר אלץ אויף דער אנדערער זייט גאס.

מיין נייגעריגקייט איז געווען אויפגערייצט ביז דער לעצטער שטופע. כאטש איך האב ביי מיר געהאט בעשלאסען ניט אריינצוגעהן נאך איהר, האב איך אבער אומבעדינגט געוואלט קענען דאס הויז, אין וועלכען זי וועט אריינגעהן, אויף יעדען פאל. איך בין געווען אונ־טער'ן איינפלוס פון א שווערען און מאדנעם איינדרוק, וואס איז ענהנ־ליך געווען אויף דעם, וועלכען עס האט ארויסגערופען אין מיר אין דער קאנדיטאריי איהר ריידע, ווען אזארקא איז געשטארבען...

---

## פיערטער קאפיטעל.

מיר זיינען געגאנגען לאנג, ביז'ן סאמע קליינעם פראספעקט. זי איז שיער ניט געלאפען; צום סוף איז זי אריין אין א געוועלבעל. איך האב מיך אבגעשטעלט אונטערוואַרטען אויף איהר. „זי וואוינט דאך ניט אין דעם געוועלביל," האב איך א טראכט געטהאן.

ווירקליך, אין א מינוט ארום איז זי ארויסגעגאנגען, נאר די בי־כער האט זי שוין ניט געהאט מיט זיך. אנשטאט די ביכער האט זי געהאט אין דער האנט עפעס אנ'ערדערען טעפעלע. אבגעהענדיג אבי־סעל איז זי אריין אינ'ם טויער פון א ניט־אנזעהעוודיג הויז. דאס הויז איז געווען ניט גרויס, אבער א שטיינערנעס, אלט, צוויי־שטאקיג, גע־פארבט מיט א ברודיג־געלער פארב. אין איינעם פון די פענסטער פונ'ם נידעריגען שטאק, וועלכע עס איז אינגאנצען געווען דריי, האט ארויסגעשטארצט א קליין רויט טרונעלע, — די שילד פון אנ'אומבע־דייטענדען טרונעמאכער. די פענסטער פונ'ם אויבערשטען שטאק זיי־נען געווען אומגעוועהנליך קליין און פאלשטענדיג פיערעקעדיג מיט מאטע, גרינע און צושפאלטענע שויבען, דורך וועלכע עס האבען דורכ־געשיינט ראזע בוימוואלענע פורהאנגלעך. איך בין אריבערגעגאנגען איבער'ן וועג, בין צוגעגאנגען צום הויז און האב איבערגעלעזען אויפ'ן בלעכיל איבער'ן טויער פונ'ם הויז: דאס הויז פון דער בירגערין בובנאווא.

נאָר ווי איך האָב נאָר צייט געהאַט איבערצולעזען די אויפ־שריפט, האָט זיך פּלוצלונג אויפ'ן הויף ביי דער בובנאָווא דערהערט א שניידענדיגער קוויטש פון א פרוי און נאָכדעם א זידלעריי. איך האָב אריינגעקוקט אין הויף; אויפ'ן שוועל פונ'ם קליינעם הילצער־נעם פליגעל איז געשטאַנען א דיקע באַבע, אָנגעטהאָן ווי א שטאָ־טישע בעל הבית'טע, אין א הייבעל און אין א גרינעם שאַל. איהר פּנים איז געווען פון אַנ'עקעלהאפט־רויטער פאַרב; די קליינינקע, פארשוואומענע און מיט בלוט־פארגאָסענע אויגען האָבען געפינקעלט פון כעס. מען האָט געזעהען, אַז זי איז ניט ניכטער, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס עס איז נאָך פאַר מיטאָג. זי האָט געקוויטשעט אויף דער אָרעמער העלענא, וועלכע איז געשטאַנען פאַר איהר אַזוי ווי א פאַרגליווערטע מיט דעם טעפּעלע אין דער האַנט. פון די שטיעגען, פון הינטער דער רויטער באַבע'ס פּלייצע, האָט ארויסגעקוקט א האַלב־צושויבערטע, אָנגעווייסטע און אָנגעפאַרבטע פרויען־בעשעפע־ניש. א ווייַלע שפּעטער האָט זיך געעפענט די טהיר פון די שטיעגען, וואָס פיהרען צו דער קעלער־שטוב און אויף די שטיענעלעך האָט זיך בעוויזען, הפּנים דורך דעם געשריי א צוגעצויגענע, אָרים־אָנגעטהוענע, מיטעליעהריגע פרוי פון אַנ'אַנשטענדיגען און בעשיידענעם אויסזע־הען. און פון דער האַלב־געעפענטער טהיר האָבען ארויסגעקוקט אויך אַנדערע איינוואוינער פון דעם אונטערשטען שטאָק, אַנ'אויסגעדאַר־טער אַלטער מאַן און א מיידעל און א הויך־געוויקסיגער גרויסער פּויער, וואַרשיינליך, דער סטרוזש, איז געשטאַנען אין מיטען הויף מיט א בעזים אין האַנט און האָט פויל צוגעקוקט צו דער גאַנצער סצענע.

— אַי דו פארשאָלטענע שטיק, אַי דו בלוטזויגעריין, דו לויז איי־נע! — האָט די באַבע געקוויטשעט, ארויסלאָזענדיג פון זיך מיט איינמאָל אַלע אָנגעזאַמעלטע זידעל־ווערטער, מעהרסטענטיילס אָהן קאָמעס און אָהן פּינטעלעך, נאָר מיט עפּעס א מין פארכלוסטען זיך:

— אַזוי צאָהלסטו עס מיר אָב דערפאַר וואָס איך פאַרזאָרג דיך, דו שמאָטעוואַטע שטיק! נאָך אוגערקעס האָט מען זי נאָר געשיקט, האָט זי זיך שוין ארויסגעגליטשט! מיין האַרץ האָט געפיהלט, אַז זי וועט זיך ארויסגליטשען, ווען איך האָב זי געשיקט. עס האָט מיר געגאַיעט דאָס האַרץ, געגאַיעט! נעכטען ביינאַכט האָב איך זי שיער דווירעס געווען דערפאַר און היינט לויפט זי ווידער! און וואוהין האָסטו צו

גערן, אויסוואורף, וואוהין האסטו צו גערן! צו וועמען געהסטו, דו פארשאלטענער גנב, דו עגדעס מיט די ארויסגעטאראטשעטע אויגען, דו סם, צו וועמען! רעד, דו בלאטע פארפוילטע, אדער איך דערשטיק דיך דא אויפ׳ן ארט!

און אנ׳אנגעצונדענע פון כעס האט זיך די באבע געווארפען אויף דעם ארעמען מיידעלע; נאר זעהענדיג ווי פון הויז קוקט אויף איהר די פרוי, וואס וואוינט אינ׳ם אונטערשטען עטאזש, האט זי זיך פלוצלונג אבגעשטעלט און זיך ווענדענדיג צו׳ן איהר, האט זי גענומען געוואלדעווען נאך קוויטשיגער ווי פריהער, מאכענדיג מיט די הענט, ווי זי וואלט זי גענומען פאר אנ׳עדות פון דעם שרעקליכען פארברעכען פון איהר ארעמען קרבן.

— די מאמע איז ביי איהר גע׳פגר׳ט! איהר ווייסט עס אליין, גוטע מענשען: אליין איז זי דאך געבליבען, אזוי ווי א שפענדיל אויף דער וועלט. איך זעה, זי איז ביי אייך, ארעמע מענשען, אויף די הענט, וואס איהר האט אליין ניט וואס צו עסען; טראכט איך, כאטש צוליעב ניקאלאיען, וואס ער טהוט מיר אמאל א טובה, וועל איך די יתומה צונעמען. האב איך זי צוגענומען. וואס זשע וואלט איהר געמיינט? אט איז שוין צוויי חדשים ווי איך האלט זי, — דאס בלוט האט זי ביי מיר אין די צוויי חדשים אויסגעטרונקען, דאס לייב פון מיינע ביינער האט זי דאך מיר אראבגעפרעסען! פיאווקע! עגדעס! שטן! זי שווייגט, כאטש שלאגט זי, כאטש ווארף זי, זי שווייגט אלץ; אזוי ווי זי וואלט זיך א פול מויל מיט וואסער אנגענומען, — שווייגט אלץ! דאס הארץ ווערט מיר צוריסען — זי שווייגט! פאר וועמען האלטסטו דיך, פאסקודע דו, דו מאלפע גרינגע? אהן מיר וואלסטו דאך אויף דער גאס פון הונגער געשטארבען. די פיס מיינע דארפסטו וואשען, און דאס וואסער צו טרינקען, אויסוואורף, דו שווארץ פארזעהעניש. גע־פגר׳ט וואלסטו אהן מיר!

— וואס איז מיט אייך, אננא טראפימאוונא, וואס רעגט איהר אייך אזוי אויף? מיט וואס האט זי אייך ווידער פארשאפט אזא קרענקונג? — האט בכבוד׳יג געפרעגט די פרוי, צו וועלכער דער גיפ־טיג־צופלאמטער פיסקאטש האט זיך געווענדט.

— וואס הייסט מיט וואס, גוטער מענש, וואס הייסט מיט וואס? איך וויל ניט מען זאל גערן געגען מיר! איך וואלט דאך יענעם די

נשמה אוועקגעגעבען, — אזא מענש בין איך! און זי האָט דאָך מיך היינט שיער אין קבר אריין געטריבען! איך האָב זי געשיקט אין געוועלבעל אריין נאָך אוגערקעס, איז זי צוריקגעקומען אין דריי שעה ארום! מיין הארץ האָט פריהער געפיהלט, ווען איך האָב זי געשיקט: עס האָט גענאָיעט אזוי, גענאָיעט־גענאָיעט! וואו איז זי געווען? וואוהין איז זי געגאנגען? וואסערע אָפּעקונעס האָט זי זיך געפונען? איך בין ניט גענוג גוט געווען צו'ן איהר! דעם מאַמעלע'ן איהרען האָב איך א חוב פון פערצעהן זילבערנע רובעל מוחל געווען, האָב זי אויף מיין רעכנונג בעגראָבען, גענומען איהר קליינעם שד אויפצוכאָוועז, גוטע פרוי, דו ווייסט דאָך, דו ווייסט דאָך אליין! וואָס זשע, האָב איך ניט קיין רעכט אויף איהר נאָך דעם? זי וואָלט דאָס בעדארפט צו פיהלען, און זי, אנשטאָט צו פיהלען, געהט זי גאָר געגען מיר! איך האָב דאָך געמיינט איהר גליק. איך האָב זי, די פּאסקודע, אין זיידענע קליידלעך געוואָלט ארומפיהרען, האָב איהר געקויפט א פּאָר שיך אויפ'ן מארק, ווי א פּאווע האָב איך זי אויסגעפּוצט, — די נשמה אויף א יום טוב! נו, וואָס זשע מיינט איהר, גוטע מענשען! אין צוויי טעג האָט זי דאָס גאנצע קלייד צוריסען, אויף שטיקלעך צוריסען, אויף פיצלעך, און אזוי געהט זי, אזוי געהט זי! וואָס מיינט איהר דען, אוּמיסטען האָט זי עס צוריסען, — איך וויל קיין ליגען ניט זאָגען, איך האָב עס אליין צוגעקוקט: איך וויל, ווי איינער זאָגט, אין שמאָטעס געהן, איך וויל ניט געהן אין קיין זיידענצייג! נו, האָב איך דאמאָלס אויסגעלאָזט מיין הארץ צו איהר, האָב זי צוהאַקט, האָב איך דאָך דערנאָך געמוזט רופען א דאָקטאָר צו'ן איהר, האָב איהם נאָך געלט געצאָהלט. דערווערגען האָט מען דאָך דיך בעדארפט, גנידע דו, כאָטש א וואָך דיר קיין מילך ניט געבען צו טרינקען, — איינע שטראָפען זיינען פאר דיר בעשאפען געוואָרען! פאר א שטראָף האָב איך זי געצוואונגען צו וואשען די דילען; וואָס זשע מיינט איהר: זי וואשט, זי וואשט, די סטיערווע, זי וואשט! קאָכט מיר אויף מיין הארץ, — און וואשט! נו, טראכט איך: זי לויפט שוין אוועק פון מיר! און ווי איך האָב נאָר א טראכט געטהאָן, נאָט — איז זי דאָך נעכטען טאָקע אנטלאָפען! איהר האָט אליין געהערט, גוטע מענשען, ווי איך האָב זי נעכטען דערפאר געשלאָגען, די הענט האָב איך מיר אבגעהאקט אָן איהר, די זאָקען, די שיך האָב איך ביי איהר צוגענומען, — זי וועט

דאָך ניט אוועקגעהן בורוועס, — טראַכט איך; און זי געהט היינט ווידער אהין! וואו ביזטו געווען? דו רעדסט? פאַר וועמען, דו גע־מיינע זרע, האָסטו דיך בעקלאָגט? פאַר וועמען האָסטו מיך פאַר־מסר'ט? רעד, ציגיינערקע, פאַרקרומט פרצוף, רעד!

אויסער זיך פון כעס האָט זי זיך געוואָרפען אויף דעם מיידעלע, וואָס האָט זיך פאַרלוירען פון שרעק, זי האָט זיך איינגעטשעפּעט אין איהרע האָר און האָט זי אַ וואָרף געטהאָן צו ז'ער ערד. דאָס טעפּעלע מיט די אוגערקעס איז אַנטלאָפען אַן אַ זייט און האָט זיך צובראָכען; דאָס האָט נאָך פאַרשטאַרקערט די ווילדקייט פון דער שיכור'ער ארורה. זי האָט געשלאָגען איהר קרבן איבער'ן פנים, איבער'ן קאָפּ; נאָר העלענא האָט פאַר'עקשנ'ט געשוויגען און האָט קיין איין קלאַנג, קיין איין געשריי, קיין איין וואָרט ניט ארויסגעלאָזט, אפילו אונטער די קלעפּ. איך האָב מיך אַ לאָז געטהאָן אויפ'ן הויף, כמעט ניט געדענקענדיג זיך פון צאָרן, גלייך צו דער שיכור'ער באָבע'ן.

— וואָס טהוט איהר? ווי דערוועגט איהר אייך אזוי צו בעגעהן זיך מיט דער אָרעמער יתומה! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן, אַנכאַפּענדיג די מכשפה ביי דער האַנט.

— וואָס איז דאָס! ווער ביזטו דאָס? — האָט זי אַ קוויטש געטהאָן, אוועקגעוואָרפען העלענא'ן און אָנגעשפּאַרט די הענט אַן די זייטען. — וואָס דאַרפט איהר אזוינס אין מיין הויז?

— איך דאַרף דאָס, וואָס איהר זענט אַ מענש אָהן רחמנות! — האָב איך געשריגען. — ווי דערוועגט איהר אייך אזוי צו פּייניגען דאָס אָרעמע קינד? זי איז ניט אייערע; איך האָב אַליין געהערט, אַז איהר האָט זי נאָר אריינגענומען צו זיך, די אָרעמע יתומה...

— גאָט אין הימעל! — האָט די מכשפה גענומען געוואַלדעווען: — וואָס ביזטו דאָ פאַר אַנ'אָנטשעפּעניש! דו ביזט געקומען מיט איהר, וואָס? איך געה גלייך צום פּריסטאַוו! איוואַן טימאָפּעיטש אַליין האַלט מיך פאַר אַנ'איידעלע פרוי! וואָס זשע, אפשר צו דיר געהט זי דאָס? ווער ביזטו דאָס? געקומען אין אַ פרעמדער הויז אריין אַ גערודער מאַכען. קאַראַול!

און זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף מיר מיט די פויסטען. נאָר אין דער מינוט האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ שאַרפער, אונמענשליכער געשריי. איך האָב אַ קוק געטהאָן, — העלענא, וועלכע איז גע־

שטאַנען, ווי ניט לעבעדיג, האָט פּלוצלונג מיט א שרעקליכען, אומנאַ־טירליכען געשריי זיך א זעץ געטהאָן אַן דער ערד און האָט זיך גע־וואָרפען אין שרעקליכע קרעמפּפען. איהר פּנים האָט זיך אויסגע־קרומט. זי האָט געהאַט אַנ'אָנפאַל פון דער פאַליגער קרענק. דאָס צושויבערטע מיידעל און די פרוי פון אונטען זיינען צוגעלאָפען, האָ־בען זי אויפגעהויבען און זי געשווינד ארויפגעטראָגען אויבען.

— כאַטש קראַפּיר, פאַרשאָלטען שטיק ! — האָט די באָבע איהר נאָכגעקוויטשעט. — אין א חודש איז עס שוין דער דריטער אָנפאַל... אַט איז דאָך דער מעקלער ! — און זי האָט זיך ווידער געוואָרפען אויף מיר.

— וואָסזשע שטעהסטו, דוואָרניק ? פאַרוואָס קריעגסטו געהאַלט?

— פּאַשאָל ! פּאַשאָל ! ווילסט מען זאָל דיר א גלעט טהאָן אי־בער'ן קאַרק, — האָט דער סטרוזש פויל ארויסגעבאַסעוועט, אזוי ווי נאָר לפּנים. — ווען צווייען געפעלט עס, דאַרף זיך קיין דריטער ניט אריינמישען. אָבגעגעבען דעם גרוס זאָג א גוטען טאָג !

ניט האָבענדיג קיין ברירה בין איך ארויס פאַר'ן טויער, נאָכדעם ווי איך האָב מיך איבערצייגט, אז מיין אריינמישען זיך האָט קיין שום נוצען ניט געבראַכט. נאָר דער כעס האָט געקאָכט אין מיר. איך האָב מיך געשטעלט אויפ'ן טראָטואַר אנטקעגען דעם טויער און האָב אריינגעקוקט אין הויף. ווי נאָר איך בין ארויסגעגאַנגען, האָט זיך די באָבע א לאָז געטהאָן ארויף, און דער סטרוזש אבטהוענדיג זיין אר־בייט, איז אויך ערגיץ פאַרשוואונדען. אין א וויילע ארום איז די פרוי, וואָס האָט געהאָלפען ארויפטראָגען העלענאַ'ן, אראָבגעקומען פון די שטיעגען און געאיילט זיך אראָבצוגעהן צו זיך. דערזעהענדיג מיך, האָט זי זיך אָבגעשטעלט און מיט נייגעריגקייט געקוקט אויף מיר. איהר גוט און פריערליך פּנים האָט מיר צוגעגעבען מוט. איך בין וויע־דער אריין אין הויף און בין גלייך צוגעגאַנגען צו'ן איהר.

— ערלויבט מיר צו פרעגען, — האָב איך אָנגעהויבען : — וואָס אזוינס איז דאָס מיידעלע דאָ און וואָס טהוט מיט איהר די פּאַסקודנע באָבע? מיינט ניט, איך בעט אייך, אז איך פרעג אויס פּשוט'ער ניי־געריגקייט. דאָס מיידעלע האָב איך בעגעגענט און צוליעב איין גע־וויסער זאַך אינטערעסיר איך מיך מיט איהר זעהר.

— און אויב איהר אינטערעסירט אייך, וואָלט איהר זי בעסער

צוגענומען צו זיך, אדער עפּעס אַנ׳אָרט פאַר איהר געפונען, איידער זי זאָל דאָ פארפאַלען ווערען. — האָט אזוי ווי ניט וועלענדיג ארויסגע־רעדט די פרוי, מיט א בעוועגונג אוועקצוגעהן פון מיר.

— אָבער אויב איהר וועט עס מיר ניט ערקלעהרען, וואָס זשע קען איך טהאָן? איך זאָג אייך, אז איך ווייס קיין זאך ניט. דאָס איז מן הסתם די בובנאָווא אליין, די ווירטין פון הויז.

— די ווירטין אליין.

— ווי אזוי זשע איז דאָס מיידעלע צו׳ן איהר אריינגעפאַלען? די מאמע איז איהר דאָ געשטאָרבען?

— אָט אזוי זיך איז זי אריינגעפאַלען... ס׳איז ניט אונזער זאך.— און זי האָט ווידער געוואָלט אוועקגעהן.

— טהוט זשע מיר א געפעליגקייט: איך זאָג אייך, אז דאָס אינ־טערעסירט מיך זעהר. איך בין אפשר אימשטאַנד עפּעס צו טהאָן. ווער זשע איז דאָס מיידעלע? ווער איז געווען איהר מוטער, — איהר ווייסט עס?

— מסתמא עפּעס פון די אויסלענדישע, אַנ׳אָנגעפאַהרענע: זי האָט ביי אונז אונטען געוואוינט: א קראַנקע אזא; און איז טאַקע פון שווינדזיכטיגקייט געשטאָרבען.

— איז זי, הייסט עס, געווען זעהר אָרעם, ווען זי האָט געוואוינט אין א ווינקעל אין קעלער?

— אי, אָרים! דאָס גאַנצע הארץ איז פון איהר אָבגעפאַלען. מיר אליין האָבען זיך שוין ווי עס איז דורכגעשלאָגען, און זי איז אונז אויך שולדיג געבליבען זעקס רובעל אין די פינף חדשים, וואָס זי האָט ביי אונז אָבגעוואוינט. מיר האָבען זי שוין אויך בעגראָבען; מיין כאָן טאַקע האָט דעם קאַסטען געמאַכט.

— וואָס זשע זאָגט די בובנאָווא, אז זי האָט זי בעגראָבען?

— ווייס איך וואָס!

— און ווי איז געווען איהר פאַמיליען־נאָמען?

— דאָס, טייערינקער, קען איך ניט ארויסרעדען; פאַרדרעהט; א דייטשער, מוז זיין.

— סמיט?

— ניין, עפּעס ניט אזוי. האָט עס אַננאַ טריפאָנאָוונאַ צוגענומען דאָס יתומה'לע צו זיך; צו דערציהען, זאָגט זי. אבער עס איז גאָרנישט גוט...

— האָט זי מן הסתם צוגענומען פאר עפּעס א צוועק?

— ניט קיין גוטע געשעפטען פיהרט זי, — האָט געענטפערט די פרוי אזוי ווי פארטראכט און צווייפלענדיג: זאָל איך רעדען צי ניין?

— ווי קומען מיר; מיר זיינען זייטיגע...

— און דו וואָלסט בעסער די צונג אויף אַ שטריקעל געהאַל־טען? — האָט זיך דערהערט פון הינטער אונז א מענערישע שטים. דאָס איז געווען א מענש פון די פולע יאָהרען אין א חאַלאַט און א קאַפטאַן איבער'ן חאַלאַט, לויט'ן אויסזעהען א בעל הבית — א מייסטער פון א ווערקשטאַט, מיין מיטשמועסערין'ס מאַן.

— העי, פעטערקע, מיר האָבען מיט אייך ניט וואָס צו רעדען; ניט אונזער זאַך איז דאָס... — האָט ער ארויסגערעדט, בעקוקענדיג מיך פון א זייט. — און דו געה! א גוטען טאָג, פעטער; מיר זיינען א גרעבער. אויב איהר דאַרפט עפּעס א שטיקעל ארבייט, מיט'ן גרעס־טען פארגעניגען... און א חוץ דעם האָבען מיר מיט אייך קיין שום טענות ניט...

איך בין ארויס פון דעם הויז א פארטראַכטער און אין טיעפער אויפרעגונג. טהאָן האָב איך גאָרנישט געקענט, נאָר איך האָב גע־פיהלט, אז עס איז מיר שווער דאָס אלץ אזוי איבערצולאָזען. אייניגע ווערטער פון דער טרונקענמאַכעריץ האָבען מיך בעזונדערס טרויריג גע־מאַכט. דאָ האָט זיך בעהאַלטען עפּעס ניט קיין גוטע זאַך; איך האָב דאָס פאָרגעפיהלט.

איך בין געגאַנגען מיט אנ'אנגעבויגענעם קאָפּ און פארטראַכט, ווי עס האָט מיך פּלוצלונג א שאַרפע שטים אָנגערופען ביים צווייטען נאָמען. איך קוק — פאר מיר שטעהט א שיכור'ליכער מענש, וואָס וואַ־קעלט זיך שיער, אָנגעטהאָן גענוג ריין, נאָר אין א מיאוסען שינעל און א פאַרפעצט היטעל. דאָס פּנים איז מיר זעהר בעקאַנט. איך האָב מיך גענומען איינקוקען. ער האָט מיר צוגעוואונקען און איראָניש א שמייכעל געטהאָן.

— דערקענסט ניט?

## פינפטער קאפיטעל.

— יא, דאס ביזטו, מאסלאבאיעוו! — האב איך אויסגעשריגען. פלוצלונג דערקענענדיג אין איהם אנ׳אמאליגען שוהל־קאלעגע, נאך פון דער גובערנסקער גימנאזיע: — נו, א בעגעגעניש!

— יא, א בעגעגעניש! א יאהר זעקס האבען מיר זיך ניט בעגע־גענט. דאס הייסט מיר האבען זיך יא בעגעגענט, נאר אייער מאיעס־טעט האט ניט געפונען פאר נויטיג מיך צו בעשענקען מיט א בליק. איהר זענט דאך אריין צווישען גענעראלען, ליטעראַרישע, מיין איך!... — רעדענדיג דאס, האט ער מיט חוזק געשמייכעלט.

— נו, ברודער מאסלאבאיעוו, דאס זאגסטו א ליגען, — האב איך איהם איבערגעריסען. — ערשטענס, גענעראלען, כאטש אפילו ליטע־ראַרישע, זעהען אפילו ניט אויס אזוי ווי איך, און צווייטענס, ערלויב מיר דיר צו זאגען, איך דערמאן מיך ווירקליך, אז איך האב דיך אמאל צוויי בעגעגענט אויף דער גאס, נאר דו, דוכט זיך, האסט מיך אליין אויסגעמיעדען, און וואס וועל איך צוגעהן, ווען איך זעה א מענש מיידט מיך אויס. און ווייסטו וואס איך טראכט? ווען דו וואלסט איצטער ניט געוועזן אביסעל בגילופין, וואלסטו מיך איצטער אויך ניט גערופען. ניט אמת? נו, וואס מאכסטו! איך, ברודער, בין זעהר, זעהר צופריעדען, וואס איך האב דיך געטראפען.

— טאקע! און איך קאמפראמיטיר דיך גארנישט מיט דעם וואס איך... זעה אויס ניט אזוי? נו, עס איז נישטא וואס צו פרעגען וועגען דעם; דאס איז ניט אזוי וויכטיג; איך, ברודער וואניא, געדענק שטענדיג, וואס פאר א וואוילער בחור דו ביזט געוועזן. און געדענקסט, ווי מען האט דיך איינמאל אנגעשלאגען אנשטאט מיר? דו האסט עס פארשוויגען, און מיך ניט ארויסגעגעבען, און איך, שטאט צו זיין דאנקבאר, האב איבער דיר א גאנצע וואך געלאכט. ריינע נשמה! וואס זשע מאכסטו, נשמה מיינע, וואס זשע מאכסטו! (מיר האבען זיך צוקושט). שוין אזוי פיעל יאהר ווי איך מאטער מיך איינער אליין, — טאג און נאכט און איין מעת לעת נאכ׳ן אנדערען, און דאס אלטע האב איך ניט פארגעסען. עס פארגעסט זיך ניט! אבער דו, ברודער, דו?

— נו, וואָס אבער איך, איך מאטער מיך אויך אליין...

ער האָט לאַנג געקוקט אויף מיר מיט דעם שטאַרקען געפיהל פון א מענשען, וואָס איז אָבגעשוואַכט פון ווייז. איבריגענס, ער איז אָהן דעם אויך געוועזען א גאַר גוטער מענש.

— ניין, וואַניא, מיט דיר איז ניט דאָס וואָס מיט מיר! — האָט ער צום סוף ארויסגערעדט מיט א טראַגישען טאָן. — איך האָב דאָך געלעזען; געלעזען, וואַניא, געלעזען!... הער: לאָמיר זיך אויסרעדען די נשמה! דו איילסט דיך?

— איך אייל מיך; און, איך בין דיר מודה, איך בין שרעקליך אויפגערעגט פון א געוויסער זאַך. אבער אָט וואָס וואָלט בעסער געווען; וואו וואוינסטו?

— איך וועל דיר זאָגען. אבער דאָס איז ניט בעסער; זאָל איך דיר זאָגען וואָס וועט זיין בעסער?

— נו, וואָס?

— אָט וואָס! דו זעהסט? — און ער האָט מיר אָנגעוויזען אויף א שילד, א צעהן טריט פון דעם אָרט, וואו מיר זיינען געשטאַנען:— זעהסט: א קאָנדיטאָריי און א רעסטאָראַן, דאָס הייסט פּשוט א רעס־טאָראַציע, נאָר א וואויל אָרט. איך וויל דיר פריהער זאָגען, עס איז אַן אנשטענדיגער פּלאַץ, און דער בראָנפען, וועגען דעם זאָלסטו שוין גאָרנישט רעדען! פון קיעוו איז ער צו פוס געקומען. איך האָב איהם געטרונקען, א סך מאָל געטרונקען, איך וויים; דאָ וועלען זיי קיין שלעכטע זאַך ניט וואָגען מיר צו דערלאַנגען. מען קען פיליפּ פילי־פּיטש'ן. איך בין דאָך פיליפּ פיליפּיטש. וואָס? דו קרומסט דיך? ניין, לאָז מיך נאָר אויסרעדען. איצט איז א פערטעל אויף צוועלף, איך האָב נאָרוואָס געזעהען; און פונקט פינפאונדרייסיג מינוט אויף צוועלף וועל איך דיך אָבלאָזען. און דערווייל וועלען מיר איינגעצען דעם גאָרגעל. צוואַנציג מינוט פאַר אַן'אַלטען פריינד, — געהט עס?

— אויב נאָר צוואַנציג מינוט, געהט עס; ווייל, ברודער'ל, ביי גאָט, איך דאַרף נעטיג געהן...

— אַז עס געהט, געהט עס. נאָר אָט וואָס, צוויי ווערטער פרי־הער פאַר אַלץ: עפּעס זעהסטו ניט גוט אוים אויפ'ן פּנים, אַזוי ווי מען וואָלט דיך איצטער געקרענקט מיט עפּעס, אמת?

— אמת.

— אט דאס טאקע האב איך געטראפען. איך, ברודער, האב מיך איצטער אריינגעלאזט אין פיזיאגאמיסטיק, אויף א בעשעפטיגונג! נו, וועלען מיר געהן, וועלען מיר זיך אויסשמועסען. אין צוואנציג מינוט וועל איך אויפלעבען דעם גענעראל טשאינסקי און וועל אריינלאזען א בעריאזאווקע, דערנאך א ראזע, דערנאך א פאמעראנצען־שנאפס, דער־נאך א פארפעטאמור, און דערנאך וועל איך נאך עפעס אויסגעפונען. איך טרינק, ברודער! נאר אין א יום־טוב פארמיטאג בין איך ניכטער. און דו מעגסט דיר אפילו ניט טרינקען. איך דארף נאר דיך אליין. און ועסטו אויסטרינקען, וועסטו נאך דערוויזען, אז דו האסט אנ'איי־דעלע נשמה. קום! מיר וועלען אבפלאפלען א צוויי ווערטער און וויע־דער זיך פארלירען אויף א יאהר צעהן. איך, ברודער, בין דיר, וואניא, ניט קיין פאר!

— נו, דו פלאפל ניט, און לאמיר געהן שנעלער. די צוואנציג מינוט זיינען דיין און דערנאך לאז מיך אב.

אין דער רעסטאראציע האט מען בעדארפט אריינקומען דורך הויכע הילצערנע שטיגען, וואס האבען זיך געטיילט אין צוויי און געהאט א קליין פאדערהייזעל אויפ'ן צווייטען שטאק. נאר אויף די שטיגען האבען מיר זיך פלוצלונג אנגעשטויסען מיט צוויי געזונט אנגע'שכור'טע העררען. ווען זיי האבען אונז דערזעהען, האבען זיי זיך וואקלענדיג אבגערוקט אין א זייט.

איינער פון זיי איז געווען זעהר א יונגער בחור מיט א יונגען אויסזעהן, נאך אהן א בארד, מיט דינינקע וואנסעלעך, וואס האבען זיך קוים וואס דורכגעשלאגען, און מיט א זעהר נארישען אויסדרוק אויפ'ן פנים. אנגעטהאן איז ער געווען ווי א פראנט, נאר עפעס לעכער־ליך: גלייך ער וואלט געטראגען א פרעמדען אנצוג, מיט טייערע פינ־גערלעך אויף די פינגער, מיט א טייערער שפילקע אינ'ם קראוואט, און שרעקליך נאריש צוגעקעמט, מיט עפעס א קאק. ער האט דורכאנאנד געשמייכעלט און געכיקעט. זיין חבר איז שוין געווען א יאהר פופציג, דיק, פוזאטע, אנגעטהאן גענוג נאכלעסיג, אויך מיט א גרויסער שפיל־קע אינ'ם קראוואט, ליסעוואטע, פליכעוואטע, מיט א צולאזט, פאר'שכור'ט און פיעגעוואטע פנים און מיט ברילען אויף דער נאז, וואס איז עהנליך געווען אויף א קנעפעל. דער אויסדרוק פון דעם פנים איז געווען א בייזער און א זינליכער. די שלעכטע, בייזע און פארדעכ־

טיגע אויגען זיינען פארשוואומען מיט פעץ און האָבען געקוקט אזוי ווי פון שפּעלטלעך ארויס. זיי האָבען, ווייזט אויס, ביידע געקענט מאסלאָבאָיעוו'ן, נאָר דער גראָבער האָט ביי דער בעגעגעניש מיט אונז געמאכט כאָטש אויף א רגע א פאַרדראָסיגע גרימאסע און דער יונ־גער איז זיך אזוי פארגאנגען אין א הכנעה'דיג־זיסען שמייכעל. ער האָט אפילו אראָבגענומען דאָס היטעל. ער האָט געטראָגען א היטעל.

— ענטשולדיגט, פיליפּ פיליפּאָוויטש, — האָט ער ארויסגע־ברומט, ליעבליך קוקענדיג אויף איהם.

— וואָס איז דען?

— ענטשולדיגט, ע... דאָס ע... (ער האָט זיך א גלעט געטהאָן איבער'ן קעלנעריל), מיטראָשקאָ זיצט דאָרט. פארשטעהט איהר, פי־ליפּ פיליפּיטש, איז... איז ער א פּאָדלעץ.

— וואָס איז דען?

— עס איז שוין אזוי... און איהם אָט (ער האָט א שאָקעל גע־טהאָן אויפ'ן חבר), האָט מען לעצטע וואָך דורך דעם אייגענעם מיט־ראָשקאָ, אין א ניט־אנשטענדיג אָרט אויסגעשמירט דאָס פנים מיט סמעטענע... קכי!

דער חבר האָט איהם פארדראָסיג א שטויס געטהאָן מיט'ן עלענ־בויגען.

— אפשר וואָלט איהר אויסגעטרונקען מיט אונז א פּאָר פלעש־לעך, פיליפּ פיליפּיטש, מעג מען האָפען?

— ניין, ברודעריל, איצטער ניט, — האָט מאסלאָבאָיעוו גע־ענטפערט. — איך האָב עפּעס א געשעפט.

— קכי! און איך האָב אויך א שטיקעל געשעפט, צו'ן אייך...— דער חבר האָט איהם ווידער א שטויס געטהאָן מיט'ן עלענבויגען.

— שפּעטער, שפּעטער!

— מאסלאָבאָיעוו האָט זיך עפּעס, ווייזט אויס, בעמיהט ניט צו קוקען אויף זיי. נאָר אזוי ווי מיר זיינען אריינגעקומען אין דער ערשטער שטוב, דורך דער גאנצער לענג פון וועלכער, עס האָט זיך געצויגען א גאנץ ריינער בופעט, אנ'אָנגעשטעלטער איינגאנצען מיט פארבייסענס, מיט געבראָטענע פּיראָגען, געקאָכטע פיש און קאַראַפ־קעס מיט שנאַפּסען פון פארשיעדענע קאָלירען, האָט מאסלאָבאָיעוו מיך שנעל אָבגעפיהרט אין א ווינקעל און געזאָגט:

— דער יונגער — איז א סוחר׳ס א זוהן סיזאבריוכאוו, דער זוהן פון א בעוואוסטען תבואה־סוחר, האט בעקומען א האלבען מיליאן ירושה נאכ׳ן טאטען, און איצט לעבט ער א גוטען טאג. איז געפאהרען קיין פאריז, האט דארט דאס געלד דער׳הרג׳עט, און דארטען וואלט ער שוין אפשר אינגאנצען א סוף געמאכט, האט ער אבער בעקומען א ירושה נאך א פעטער און איז צוריקגעקומען פון פאריז, און דא דער׳הרג׳עט ער שוין דאס איבריגע. אין א יאהר ארום, פארשטעהט זיך, וועט ער געהן איבער דער וועלט. נאריש איז ער, ווי א גאנז, — געהט אין די ערשטע רעסטאראנען און אין די קעלערס און קנייפעס, און לויפט נאך אקטריסעס, און געוואלט ווערען א הוזאר, — האט ניט לאנג צוריק אנגעגעבען א ביטע. דער אנדערער, דער עלטערער, — איז ארכיפאוו, אויך עפעס א מין סוחר, אדער א פארוואלטער, האט זיך ארומגעשלעפט איבער ליציטאציעס; א בעסטיע, א ממזר און סיזאבריוכאוו׳ס איצטיגער חבר, אנ׳איסקאריאט און א פאלסטאף, אלץ צוזאמען, האט צוויי מאל באנקראטירט, און אנ׳עקעלהאפט צולאזענער פאסקודניק מיט פארשיעדענע משוגעת׳ן. אין דער הינזיכט ווייס איך וועגען איהם א געוויסע קרימינעלע געשיכטע; ער האט זיך ארויסגעדרעהט. צוליעב איין פאל בין איך איצטער זעהר צופריעדען, וואס איך האב איהם דא געטראפען; איך האב געווארט אויף איהם... ארכיפאוו, פארשטעהט זיך, בעראבעוועט סיזאבריוכאוו׳ן. ער ווייסט פארשיעדענע הינטערוועגלעך, דערפאר איז ער אזוי טייער פאר אט אזעלכע יונגע לייטלעך. איך, ברודער, שלייף מיר שוין לאנג אויף איהם די ציינער. און מיטראשקא שלייפט זיך אויך די ציינער אויף איהם, אט דער שעהנער געזונטער יונגערמאן דארט, אין דער רייכער פאדיאווקע — דארט, ביים פענסטער שטעהט ער, א ציגיינעריש פנים. ער האנדעלט מיט פערד און איז בעקענט מיט אלע היגע הוזארען. איך זאג דיר, ער איז אזא דרעהקאפ, אז ער קען דיר אין די אויגען מאכען א פאלשע פאפירענע מטבעה, און דו, כאטש דו האסט עס געזעהען, וועסטו עס איהם דערנאך אליין אויסבייטען. ער טראגט א פאדיאווקע, אמת, א סאמעטענע, און זעהט אויס ווי א פראסטאק (א דאס, מיין איך טאקע, איז ער), און טהו איהם איצטער אן אינ׳ם שענסטען פראק און נאך אזעלכענע זאכען. פיהר איהם אוועק אין ענגלישען קלוב אריין און זאג דארטען: אזא און אזא רייכער גראף באראבאנאוו, וועט

מען איהם דאַרטען צוויי שעה האַלטען פאַר א גראַף, — און וועט שפּיעלען אין וויסט און וועט רעדען ווי א גראַף, און קיינער וועט זיך ניט אָנשטויסען; ער וועט זיי אָנפּייפען. ער וועט האָבען א שלעכטען סוף. איז אַט דער מיטראַשקאַ שאַרפט עס זיך גוט די ציינער אויף דעם גראַבען, דערפאַר ווייל מיטראַשקאַ'ן געהט עס איצטער ניט פוי־געלדיג, און דער גראַבער האָט איהם אונטערגעשלאָגען סיזאַבריוכאָוו'ן, זיין אמאָליגען פריינד, פון וועלכען ער האָט נאָך ניט קיין צייט דאָס פעלעכעל אראָבצושינדען. אויב זיי זיינען זיך דאָ איצטער צוזאמענ־געקומען אין דער רעסטאַראַציע, איז דאָ מן הסתם עפּעס געווען א שפּאָס. איך וויים אפילו וואָס און איך שטוים מיך אָן, אז מיטראַש־קאַ, און ניט קיין אַנדערער, האָט מיר געלאָזט וויסען, אז ארכיפּאָוו מיט סיזאַבריוכאָוו'ן וועלען דאָ זיין און זיי שלעפּען זיך ארום איבער די ערטער צוליעב עפּעס א שלעכטער געשיכטע. איך וויל אויסנוצען מיטראַשקאַ'ס האַס צו אַרכיפּאָוו'ן, דערפאַר ווייל איך האָב מיינע אורזאכען; און איך בין טאקע אהערגעקומען כמעט צוליעב דעם. נאָר ארויסוויייזען עס מיטראַשקאַ'ן וויל איך ניט, און דו קוק אויף איהם אויך ניט. און ווען מיר וועלען ארויסגעהן פון דאנען, וועט ער מסתמא אליין צוגעהן צו מיר און וועט זאָגען דאָס, וואָס איך דאַרף... און איצטער קום וואַניא, אַט אין דעם צימער אריין, זעהסט? נו, סטעפּאַן, — האָט ער ווייטער גערעדט זיך ווענדענדיג צום קעלנער,— פארשטעהסט, וואָס איך דאַרף?

— איך פאַרשטעה.

— און וועסט מיך צופריעדענשטעלען?

— צופריעדענשטעלען.

— גוט. זיץ, וואַניא. נו, וואָס קוקסטו אזוי אויף מיר? איך זעה דאָך, אז דו קוקסט אויף מיר. וואונדערסט זיך? וואונדער דיך ניט. אלץ קען זיך מיט א מענשען טרעפען, וואָס עס האָט זיך איהם אפילו קיינמאָל ניט גע'חלומ'ט, און בעזונדערס, וואָס עס האָט זיך איהם גע'חלומ'ט דאמאָלס... נו, כאָטש דאמאָלס, ווען מיר האָבען צוזאמען געזוברעוועט קאָרנעליוס נעפּאָס! אַט וואָס וואַניא, איין זאַך גלויב: מאַסלאָבאָיעוו איז טאקע אראָב פון וועג, אָבער דאָס האַרץ איז אין איהם געבליבען דאָס אייגענע, נאָר די אומשטענדען בלויז האָבען זיך געענדערט. שלעכט בין איך, נאָר פון קיינעם ניט ערגער. האָב שוין

געזאָלט װערען אַ דאָקטאָר, און האָב מיך שױן צוגעגרייט פאַר אַ לעה־רער פון אונזער ליטעראטור־געשיכטע, און האָב אָנגעשריבען אַן אַר־טיקעל װעגען גאָגאָל'ן, און האָב שוין געװאָלט װערען אַ גאָלד־סוחר, און האָב מיך שוין געקליבען חתונה צו האָבען, — װי לאַנג די נשמה לעבט װילט זיך איהר הנאה האָבען, און ז י האָט שוין איינגע־שטימט, כאָטש אין שטוב איז אזא ברכה, אז עס איז ניט געװעזען מיט װאָס קיין קאץ פון הויז ארויסצונארען. איך האָב שוין געהאַלטען ביי געהן צו דער חתונה און האָב מיר געװאָלט באָרגען אַ פּאָר פעסטע שטיװעל, װייל מיינע זיינען שוין פון אנדערטהאלבען יאָהר געװען מיט לעכער... און האָב ניט חתונה געהאָט. זי האָט חתונה געהאָט מיט אַ לעהרער, און איך האָב אָנגעהויבען ארבייטען אין אַ קאָנטאָר, דאָס הייסט ניט אין אַ קאָנטאָר פון עפּעס אַ געשעפט, נאָר אזוי פּראָסט אין אַ קאָנטאָר. נו, דאָ איז אװעק דאָס ליעדעל ניט אזוי. עס זיינען פאַרביי יאָהרען, און כאָטש איך בין איצטער ניט אויף קיין שטעלע, נאָר געלט מאַך איך מיר גאַנץ בעקװעם: איך נעם געלט הינטען ארום און שטעה פאַר'ן אמת: געגען שאָף בין איך אַ העלד, און געגען אַ העלד בין איך אליין אַ שאָף. איך האָב מיר מיינע געזעצען: איך װייס, צומביישפּיעל, אז איין זעלנער קען קיין מלחמה ניט מאַכען, און — איך טהו מיר מיינע געשעפטען. און מיין געשעפט פאַרשטעהסטו מיך איז מעהרסטענס אַ געשעפט פון געװיסען... פאַרשטעהסט?

— צי ביזטו ניט אמאָל אַ געהיים־אַגענט, װאָס?

— ניין, ס'איז ניט דאָס װאָס אַ געהיים־אַגענט, נאָר איך פאַר־נעם מיך מיט אַ פּאָר געשעפטען, טײלװײז אָפיציעל און טײלװײז לויט מיין אייגענעם בערות. אָט װאָס, װאַניא: איך טרינק שנאַפּס. און אזוי װי דעם שכל האָב איך קיינמאָל ניט פאַרטרינקען, װייס איך אויך מיין צוקונפט. מיין צייט איז פאַרביי, אַ שװאַרצען הונט קענסטו שוין אויף װייס ניט אָבװאַשען. איינס װעל איך דיר זאָגען: אויב אין מיר װאָלט זיך ניט אָבגערופען נאָך דער מענש, װאָלט איך הײנט אויך ניט צוגעגאַנגען צו דיר, װאַניא. עס איז טאַקע אמת, איך האָב דיך פריהער אויך בעגעגענט, געזעהען, אַ סך מאָל געװאָלט צוגעהן, און האָב אַלץ ניט געװאַגט, אַלץ אָבגעלייגט. איך בין דיך ניט װערט. און דעם אמת האָסטו געזאָגט, װאַניא, אז אויב איך בין צו דיר צוגעגאַנ־גען, איז עס נאָר געװען דערפאַר, װייל איך בין געװען שכור'לעך. אבער

די גאנצע מעשה איז אנ'אויסגעבלאָזען איי און מיר וועלען בעסער ענדיגען וועגען מיר. לאָמיר בעסער רעדען וועגען דיר. נו, ניין טייע־רער: איך האָב געלעזען! געלעזען, אפילו איך האָב עס דאָך איבער־געלעזען! איך, מיין ליעבינקער, רעד עס וועגען דיין ערשטער זאַך! ווען איך האָב עס איבערגעלעזען, ברודער, בין איך שיער ניט געוואָ־רען אנ'אנשטענדיגער מענש. שיער־שיער; נאָר איך האָב מיך איבער־לעגט און האָב פארגעצויגען בעסער צו בלייבען אנ'אונאנשטענדיגער מענש. און אזוי...

און נאָך א סך האָט ער גערעדט צו מיר. ער איז אלץ מעהר און מעהר שכור געוואָרען און האָט אָנגעהויבען שטארק צו בעקלאָגען זיך, שיער ניט ביז טרעהרען. מאַסלאָבאָיעוו איז שטענדיג געווען א וואוילער יונג, נאָר ער איז שטענדיג געווען ביים שכל און איז געווען ענטוויי־קעלט עפּעס ניט לויט די כחות; כיטרע, פלינק, א דורכקריכער און א דרעהער נאָך פון דער שוהלע אָן, נאָר אין אמת'ן א מענש ניט אָהן הארץ; א פארלוירענער מענש. אזעלכע מענשען זיינען צווישען רוסען פארהאַן א סך. אָפּטמאָל זיינען זיי מיט גרויסע פעהיגקייטען; נאָר דאָס אלץ פארפּלאָנטערט זיך עפּעס אין זיי, צו דעם אלעם זיינען זיי אימשטאַנד בעוואוסטזיניג צו געהן געגען זייער געוויסען אויס שוואכ־קייט אויף געוויסע פּונקטען, און ניט נאָר געהען זיי שטענדיג פאר־לוירען, נאָר זיי ווייסען אויך אליין פריהער, אז זיי געהען צום אונ־טערגאנג. מאַסלאָבאָיעוו, איבריגענס, איז דערטרונקען געוואָרען אין וויין.

— איצטער, מיין פריינד, נאָך איין וואָרט, — האָט ער ווייטער גערעדט. — איך האָב געהערט ווי דיין בעריהמטקייט האָט זיך אין אָנהויב פארשפּרייט; דערנאָך האָב איך געלעזען פארשיעדענע קריי־טיקען אויף דיר (בנאמנות, געלעזען; דו מיינסט, איך לעז שוין קיין זאַך ניט); דערנאָך האָב איך דיך געטראָפען אין שלעכטע שטיוועל, אין בלאָטע, אָהן קאַלאָשען, אין א צובראָכענעם קאפּעלוש און איך האָב מיך וועגען געוויסע זאכען אָנגעשטויסען. איצטער פארנעהמסטו דיך צווישען זשורנאַליסטען?

— יא, מאַסלאָבאָיעוו.

— האָסטו דיך, הייסט עס, פארשריבען צווישען די פּאָסטשטאָווע קליאטשעס?

— עהנליך אויף דעם.

— נו, אויף דעם, ברודער, וועל איך דיר עטוואס זאגען : צו טרינ־קען איז בעסער! אט וועל איך מיך אנטרינקען, וועל מיך אוועקלעגען אויף מיין קאנאפע (און איך האב אן אויסגעצייכענטע קאנאפע, מיט שפרינגפעדערס) און איך טראכט, אז אט בין איך, צומביישפיעל, עפעס א האמער אדער א דאנטע, אדער עפעס א פרעדעריק בארבארו־סא, — מען קען זיך דאך אלץ פארשטעלען. נו, און דו קענסט דיר ניט פארשטעלען, אז דו ביזט דאנטע אדער פרעדעריק בארבארוסא, ערשטענס, דערפאר, ווייל דו ווילסט זיין דו אליין, און צווייטענס, דערפאר, ווייל דיר איז יעדע גלוסטונג פארבאטען; ווייל דו ביזט א פאטשטשאווע קליאטשע. איך האב די פארשטעלונג, און דו האסט די ווירקליכקייט. הער זשע, אפענהערציג און פשוט ברידערליך (ניט דו זאלסט מיך אויף צעהן יאהר באליידיגען און דערנידריגען), — צי דארפסטו ניט קיין געלט? עס איז דא. דו קרום דיך ניט. נעם געלט, צאהל אוים די אונטערנעמערס, ווארף אראב דאס געשפאן, דערנאך פארזארג דיך אויף א גאנץ יאהר צום לעבען און זעץ דיך אוועק פאר וועלכען געדאנק דיין הארץ גלוסט, שרייב א גרוים ווערק! וואס? וואס ווענסטו זאגען?

— הער, מאסלאבאיעוו דיין ברידערליכען פארשלאג שעץ איך זעהר, נאר איך קען דיר איצטער גארנישט ענטפערען, — און פאור־וואס? — איז דא לאנג צו דערצעהלען. עס זיינען פאראן אומשטענ־דען. איבריגענס, איך זאג דיר צו: איך וועל דיר אלץ שפעטער דער־צעהלען, ווי א ברודער. פאר דיין פארשלאג דאנק איך דיר: איך זאג דיר צו, אז איך וועל קומען צו דיר און קומען א סך מאל. נאר אט אין וואס עס האנדעלט זיך: דו ביזט מיט מיר אפענהערציג, און דערפאר בעשליעס איך מיך אויך צו פרעגען ביי דיר אנ'עצה, און נאך מעהר דערפאר, ווייל דו ביזט, דוכט זיך, אין די זאכען, א גאנצער מאכער.

און איך האב איהם דערצעהלט די גאנצע געשיכטע פון סמיט'ן מיט זיין אייניקעל, אנהייבענדיג פון דער סאמע קאנדיטאריי. א מאדנע זאך: ווען איך האב דערצעהלט, האט זיך מיר לויט זיינע אויגען אויס־געוויזען, אז ער ווייסט עפעס וועגען דער געשיכטע. איך האב איהם געפרעגט וועגען דעם.

— ניין, ניט דאס, — האט ער געענטפערט. — איבריגענס עפעס

האָב איך יאָ געהערט וועגען דעם סמיט׳ן, אַז עפּעס אַן׳אַלטער מאַן איז געשטאָרבען אין אַ קאָנדיטאָריי. און וועגען מאַדאַם בובנאָוואַ ווייס איך ווירקליך עפּעס. פון דער דאַמע האָב איך שוין מיט צוויי חדשים צוריק גענומען כּאַבאַר. איך נעם, גוטער ברודער, וואו עס מאַכט זיך, און נאָר אין דעם זין בין איך עהנליך אויף מאָליער׳ן. נאָר כאָטש איך האָב ביי איהר אָבגעשונדען דאַמאָלס הונדערט רובעל, האָב איך מיר שוין אָבער דאַמאָלס געגעבען דאָס וואָרט, אָבצודרעהען ביי איהר ניט קיין הונדערט נאָר פינפהונדערט רובעל. אַ פאַסקודנע באָבע! פאַר־נעמט זיך מיט זאַכען, וואָס זיינען ניט ערלויבט. דאָס וואָלט נאָך ניט אויסגעמאַכט, נאָר טיילמאָל דערגעהט עס שוין צופיעל צום שלעכ־טען. דו, זיי מוחל, האַלט מיך ניט פאַר קיין דאַן קיכאָט. עס האַנדעלט זיך אַלץ אין דעם, אַז מיר קען דאָ צופאַלען אַ גאַנץ שטאַרקע אַפּותיקאַ, און ווען איך האָב מיט אַ האַלבער שעה צוריק דערזעהען סיזאָבריוכאָוו׳ן, האָב איך מיך זעהר דערפרעהט. סיזאָבריוכאָוו׳ן, ווייזט אויס, האָט מען דאָ אהער געבראַכט, און געבראַכט האָט איהם דער גראָבער, און אַזוי ווי איך ווייס מיט וואָס פאַר אַ סאָרט גע־שעפטען דער גראָבער פאַרנעמט זיך הויפּטזעכליך, קום איך צום בע־שלום... נו, איך וועל איהם שוין צודעקען! איך בין זעהר צופריע־דען, וואָס איך האָב פון דיר געהערט וועגען דעם מיידעלע; איצטער בין איך געפאַלען אויף אַן׳אַנדערער שפּור. איך, ברודער, פאַרנעם דאָך מיך מיט פאַרשיעדענע פּריוואַטע קאָמיסיעס, און נאָך מיט וואָסערע מענשען איך בין בעקאַנט! איך האָב ניט לאַנג צוריק אויסגעפאָרשט אַ געוויס געשעפטיל פאַר אַ געוויסען קניאַז, וועל איך דיר זאָגען— אַזאַ געשעפטיל, אַז פון דעם קניאַז האָט מען עס אַפילו ניט געקענט ערוואַרטען. און אויב דו ווילסט, וועל איך דיר דערצעהלען אַן׳אַנדערע געשיכטע וועגען אַ מאַנ׳ס אַ ווייב? דו, ברודער, קום אָפּט צו מיר, איך האָב דיר אַזעלכע סיוזשעטען צוגעגרייט, אַז ווען דו זאָלסט זיי בעשריי־בען, וואָלט מען זיי דיר ניט געגלייבט...

— און ווי איז דער נאָמען פון דעם קניאַז? — האָב איך איהם איבערגעשלאָגען, האָבענדיג אויף עפּעס אַ פאָרגעפיהל.

— וואָס דאַרפסטו דאָס? נו, אויב דו פרעגסט: וואַלקאָווסקי.

— פּיאָטר?

— יאָ. דו ביזט בעקענט מיט איהם?

— בעקענט, נאר ניט זעהר. נו, מאסלאבאיעוו, ווענען דעם העיר וועל איך צו דיר ניט איינמאל קומען געוואר ווערען, — האב איך גע־זאגט, אויפשטעהענדיג, — דו האסט מיך שרעקליך פאראינטערעסירט.

— זעהסטו, אלטער חבר, קענסט געוואר ווערען וויפיעל דו ווילסט. מעשות קען איך דערצעהלען, אבער דאך ביז בעשטימטע גרע־נעצען, — פארשטעהסט? אז ניט קען מען פארלירען דעם קרעדיט און די עהרליכקייט, אין געשעפט, מיין איך, נו, און אזוי ווייטער.

— איז, אויף וויפיעל די ערליכקייט וועט ערלויבען.

איך בין אפילו געוועזן אויפגערעגט. ער האט דאס בעמערקט.

— נו וואס זשע וועסטו מיר איצטער זאגען וועגען דער געשיכטע, וואס איך האב דיר נארוואס דערצעהלט. האסטו צוגעטראכט עפעס, צי ניין?

— וועגען דיין געשיכטע? ווארט נאר אוים אויף מיר א צוויי מי־נוט; איך וועל בעצאהלען.

ער איז צוגעגאנגען צום בופעט און דארטען, אזוי ווי אומגערן, האט ער זיך פלוצלונג געפונען צוזאמען מיט דעם יונגענמאן אין דער פאדיאַווקע, וועלכען מען האט אזוי אהן צערעמאניעס גערופען מיט־ראשקא. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז מאסלאבאיעוו האט איהם גע־קענט אביסעל נעהנטער, ווי ער האט זיך מיר אליין מודה געווען. אמ־וועניגסטענס האט מען געזעהען, אז זיי זיינען זיך איצטער צונויפגע־קומען ניט צום ערשטען מאל. מיטראשא איז געוועזן לויט'ן אויסזעהען א גענוג אריגינעלער בחור. אין זיין פאדיאַווקע און זיין רויט זיידען העמדיל, מיט די שארפע, אבער אנגענעהמע שטריכען פונ'ם פנים, א גאנץ יונגער נאך, א טונקעלער, מיט א דרייסטען פינקלענדיגען בליק, האט ער געמאכט א מענשען נייגעריג און ארויסגערופען ניט קיין אב־שטויסענדען איינדרוק. זיין בעוועגונג איז געוועזן עפעס א געמאכט־איינגעגעבענע, און צוזאמען מיט דעם האט ער זיך אין דער מינוט, ווייזט אוים, צוריקגעהאלטען, וועלענדיג זיך אלץ מעהר צוגעבען אן אויסזעהען פון אונגעוועהנליכער געשעפטיגקייט, וויכטיגקייט און סאַ־לידקייט.

— אט וואס, וואניא, — האט מאסלאבאיעוו געזאגט, צוריקקומ־מענדיג צו מיר, — דו קום היינט צו מיר זיבען א זייגער, וועל איך, קען זיין, דיר עפעס זאגען. איך אליין, זעהסטו, האב קיין בעדייטונג ניט;

פריהער האָב איך געהאַט, און איצטער בין איך נאָר אַ שיכור און האָב מיך דערווייטערט פון געשעפטען. נאָר מיר זיינען נאָך געבליבען די פריהריגע בעציהונגען; איך קען וועגען וואָס עס איז ערפאָהרען, מיט פאַרשיעדענע פיינע מענשען זיך איבערשמעקען; און מיט דעם נעם איך; אמת, אז אין דער פרייער, דאָס הייסט אין דער ניכטערער צייט טהו איך אליין אויך עפּעס, אויך דורך בעקאַנטע... מעהרסטענס קליי־נע אויספאָרשונגען... נו, וואָס איז דאָ אַזוינס! גענוג... אָט האָסטו מיין אדרעס: אין דער זעקסגעוועלביגער. און איצטער, ברודער, בין איך שוין צו פאַרזויערט געוואָרען. איך וועל דורכלאָזען נאָך אַ גאָלד־שטיקעל, און אַ היים. איך וועל מיך אביסעל צולעגען. וועסט קומען— וועל איך דיך בעקענען מיט אלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונא, און וועט זיין צייט, וועלען מיר נאָך אַ שמועס טהאָן וועגען פּאָעזיע אויך.

— נו, און וועגען יענעם?

— נו, אפשר וועגען יענעם אויך.

— וועל איך קומען, איך וועל זיכער קומען...

---

## זעקסטער קאַפּיטעל.

אננאַ אַנדרעיעוונאַ האָט שוין לאַנג געוואַרט אויף מיר. דאָס, וואָס איך האָב איהר נעכטען געזאָגט וועגען נאַטאַשאַ׳ס צעטעלע, האָט שטאַרק אויפגערייצט איהר נייגעריגקייט און אין דער פריה האָט זי געוואַרט אויף מיר אַ סך פריהער, כאָטש אַ זייגער צעהן. אבער ווען איך האָב מיך געוויזען צו׳ן איהר צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג, האָבען די ליידען פון ערוואַרטונג דערגרייכט ביי דער אָרעמער אַלטיטשקער די לעצטע שטופּע פון זייער קראַפט. אויסערדעם האָט זיך איהר זעהר געוואָלט מיר צו וויסען טהאָן וועגען איהרע נייע האָפנונגען, וואָס זיינען ענטשטאַנען אין איהר פון נעכטען אָן, און וועגען ניקאָלאַי סער־געאיטש׳ן, וועלכער איז פון נעכטען אָן קראַנק געוואָרען, איז געוואָרען ברוגז׳דיג און דערביי עפּעס בעזונדערס צערטליך צו׳ן איהר. ווען איך

בין געקומען האָט זי מיך געהאַט אויפגענומען מיט אַנ'אומצופריעדע־
נעם און קאַלטען קנייטש אויפ'ן פּנים, האָט אַזוי ווי דורכגעזייט די
ווערטער דורך די ציין, און האָט ניט אַרויסגעוויזען די מינדסטע נייַ־
געריגקייט, גלייך זי וואָלט שיער ניט אַרויסגערעדט: „צו וואָס ביזטו
געקומען? אַ בעלן צו שלעפּען זיך אַהער יעדען טאָג". זי איז בייז גע־
ווען פאַר מיין שפּעט קומען. נאָר איך האָב מיך געאיילט, און דער־
פאַר האָב איך איהר אַהן לאַנגע שהיות דערצעהלט די גאַנצע נעכטיגע
סצענע ביי נאַטאַשאַ'ן. ווי נאָר די אַלטיטשקע האָט דערהערט וועגען
דעם עלטערען קניאַז'ס בעזוך און וועגען זיין פייערליכען פאַרשלאַג,
איז באַלד פון איהר אַראָב די גאַנצע אַנגעבלאָזענע מרה שחורה. עס
וועט מיר ניט קלעקען קיין ווערטער צו בעשרייבען, ווי זי האָט זיך
דערפרעהט, זי האָט זיך זאַגאַר אביסעל פאַרלוירען, זיך גע'צלמ'ט,
געוויינט, זיך געבוקט פאַר'ן הייליגען בילד, מיך אַרומגענומען און גע־
וואָלט גלייך לויפען צו ניקאָלאַי סערגעאיטש'ן און איהם אַנזאָגען איהר
פרייד.

— טאַטעלע, דו ווייסט דאָך, ער איז אַזוי מרה שחורה'דיג פון
פאַרשיעדענע דערנידריגונגען און באַליידיגונגען, און אַט איצטער וועט
ער געוואָר ווערען, אַז נאַטאַשאַ איז פאָלשטענדיג פאַרגיטיגט, וועט ער
דאָך אין איין רגע אַלץ פאַרגעסען.

איך האָב זי קוים אָבגערעדט. די גוטע אַלטיטשקע, ניט קוקענ־
דיג אויף דעם, וואָס זי האָט פינפאונצוואַנציג יאָהר אָבגעלעבט מיט
איהר מאַן, האָט איהם נאָך שלעכט געקענט. איהר האָט זיך אויך שרעק־
ליך פאַרוואָלט גלייך פאָהרען מיט מיר צו נאַטאַשאַ'ן. איך האָב איהר
געוויזען, אַז ניט נאָר וועט ניקאָלאַי סערגעאיטש'ן, קען זיין, ניט גע־
פעלען איהר שריט, נאָר מיר וועלען נאָך מיט דעם קאַליע מאַכען די
גאַנצע זאַך. זי האָט זיך קוים־קוים איבערלעגט, נאָר זי האָט מיך נאָך
אָבגעהאַלטען אַנ'איבעריגע האַלבע שעה, און האָט די גאַנצע צייט נאָר
אַליין גערעדט. „מיט וועמען זשע וועל איך עס איצטער בלייבען,—
האָט זי גערעדט, — מיט אַזאַ פרייד, און זיצענדיג אַליין מיט די פיער
ווענט?" ענדליך האָב איך זי איבערגערעדט זי זאָל מיך אָבלאָזען,
ערקלעהרענדיג איהר, אַז נאַטאַשאַ וואַרט אויף מיר אַזוי, אַז זי קען
זיך ניט דערוואַרטען. די אַלטע האָט מיך איבערגע'צלמ'ט עטליכע
מאָל אויפ'ן וועג, האָט געשיקט אַ בעזונדערע ברכה נאַטאַשאַ'ן און

האָט זיך שיער ניט צעוויינט, ווען איך האָב מיך ענטשלאָסען ענט־זאגט צו קומען דעם טאָג נאָכאמאָל אין אָוונט, אויב עס וועט מיט נאָ־טאשאַ'ן ניט געשעהען עפּעס בעזונדערס. ניקאָלאי סערגעאיטש'ן האָב איך דאָס מאָל ניט געזעהען: ער איז ניט געשלאָפען א גאנצע נאכט, האָט זיך בעקלאָגט אויף קאָפּוועהטאָג, אויף קעלט און איז איצטער גע־שלאָפען אין זיין קאבינעטיל.

איך נאטאשא האָט געוואַרט אויף מיר דעם גאנצען פריהמאָרגען. ווען איך בין אריינגעקומען איז זי לויט איהר געוואוינהייט אומגעגאנ־גען איבער'ן צימער, פארלעגט די הענט און געטראכט וועגען עפּעס. אפילו איצטער, ווען איך דערמאָן מיך אָן איהר, שטעל איך זי מיר ניט אנדערש פאָר, ווי נאָר שטענדיג אליין, אין דעם אָרעמען שטיבעל, א פארטראכטע, א פארלאָזטע, א ווארטענדיגע, מיט צונויפגעלעגטע הענט, מיט אראָבגעלאָזטע אויגען, אנ'אומגעהענדיגע אהן א ציעל הין און צוריק.

זי האָט שטיל, נאָך אלץ אומגעהענדיג, געפרעגט פארוואָס איך קום אזוי שפּעט. איך האָב איהר דערצעהלט אין קורצען אלץ וואָס מיר איז צו האנדען געקומען, נאָר זי האָט מיך כמעט ניט געהערט. מען האָט בעמערקט, אז זי איז זעהר פארזאָרגט מיט עפּעס. — וואָס איז נייעס? — האָב איך געפרעגט. — קיין שום נייעס, — האָט זי געענט־פערט, נאָר מיט אזא אויסזעהן, לויט וועלכען איך האָב מיך גלייך אנ־געשטויסען, אז נייעס האָט זי, און אז זי האָט טאקע צוליעב דעם גע־ווארט אויף מיר, אז זי זאָל מיר די דאָזיגע נייעס דערצעהלען, נאָר, לויט איהר געוואוינהייט, וועט זי עס דערצעהלען ניט באלד, נאָר, איך וועל נעמען אוועקגעהן. אזוי איז שטענדיג ביי אונז געווען. איך האָב מיך שוין צוגעוואוינט צו'ן איהר און האָב געוואַרט.

מיר, פארשטעהט זיך, האָבען אָנגעהויבען דאָס געשפּרעך וועגען דעם נעכטיגען. מיך האָט בעזונדערס איבערראשט דאָס, וואָס מיר גע־העמן זיך ביידע פאָלשטענדיג צונויף אין אונזער איינדרוק וועגען דעם אלטען קניאז: איהר איז ער אבסאָלוט ניט געפעלען, ער איז איהר א סך מעהר ניט געפעלען איידער נעכטען. און ווען מיר האָבען אי־בערגעקליבען פּונקט פאר פּונקט זיין נעכטיגען וויזיט, האָט נאטאשא פּלוצלונג געזאגט:

— הער, וואַניא, און עס איז דאָך שטענדיג אזוי, אז טאָמער גע־

פעלט ניט א מענש אין אָנהייב, איז שוין דאָס כמעט א סימן, אז ער וועט אומבעדינגט געפעלען שפּעטער. אמווענינגסטענס, אזוי איז שטענדיג געווען מיט מיר.

— זאָל גאָט געבען, עס זאָל זיין אזוי, נאַטאַשאַ. אָט האָסטו דער־צו מיין מיינונג, און די ענדגילטיגע: איך האָב אלץ דורכגעטראַכט און האָב בעשלאָסען, אז כאָטש דער קניאז, קען זיין, יעזואיטעוועט, איז ער אָבער אויף אנ'אמת און ערנסט איינשטימיג אויף אייער שידוך.

נאַטאַשאַ איז געבליבען שטעהן אין מיטען צימער און שטרענג א קוק געטהאָן אויף מיר. דאָס גאַנצע פּנים איהר'ס האָט זיך געענדערט; אפילו די ליפּען האָבען לייכט אויפגעציטערט.

— ווי וואָלט ער דען געקענט אין א ז א פאַל אָנהייבען צו ביטרעווען און... זאָגען ליגען? — האָט זי געפרעגט מיט שטאָלצער פארוואונדערונג.

— אָט טאַקע, טאַקע, — האָב איך געשווינד פּאַטאַקעוועט.

— פארשטעהט זיך, ער האָט ניט געזאָגט קיין ליגען. מיר דוכט זיך, עס איז אפילו נישטאָ וואָס צו טראַכטען וועגען דעם. מען קען אפילו ניט געפינען קיין אויסרייד אויף דער מינדסטער ביטרעקייט. און נאָך אלעם, וואָס בין איך דען אזוינס אין זיינע אויגען, אז ער זאָל זיך אויף אזוי ווייט מאַכען א געלעכטער פון מיר? קען דען א מענש ווירקליך זיין פעהיג אויף אזא באליידיגונג?

— געוויס, געוויס! — האָב איך בעשטעטיגט, און ביי זיך האָב איך געטראַכט: „דו טראַכסט מן הסתם איצטער נאָר וועגען דעם, גע־הענדיג איבער'ן צימער, מיין אָרעמינקע, און צווייפעלסט נאָך אפשר מעהר פון מיר."

— אוי, ווי איך וואָלט געוואָלט, אז ער זאָל שנעלער צוריקקומען!

— האָט זי געזאָגט. — א גאַנצען אָוועגד האָט ער נאָך באַלד געוואָלט אָבזיצען ביי מיר... מוז זיין, וויכטיגע געשעפטען, אויב ער האָט אלץ געוואָרפען און איז... ווייסט ניט וואָסערע געשעפטען, וואַניאַ? האָסט ניט געהערט עפּעס?

— גאָט ווייסט איהם! ער מאַכט דאָך אלץ געלט. איך האָב גע־הערט, אז ער האָט א טייל אין עפּעס אנ'אונטערנעמונג דאָ אין פּע־טערבורג, אין געשעפטען, נאַטאַשאַ, וועלען מיר קיין זאַך ניט פער־שטעהן.

— געווים, וועלען מיר ניט פארשטעהן. אליאשא האָט גערעדט וועגען עפּעס א בריעף געבכטען.

— עפּעס א נאָכריכט. און ער איז געווען אליאשא ?

— געוועזן.

— פריין ?

— צוועלף אזייגער ; ער שלאָפט דאָך לאנג. ער איז דאָ געזעסען. איך האָב איהם פארטריבען צו קאטערינא פיאָדראָוונא'ן ; מען קען דאָך ניט, וואַניא.

— האָט ער זיך דען אליין ניט געקליבען צו געהן אהין ?

— ניין, ער האָט אליין אויך געוואָלט געהן.

זי האָט נאָך געוואָלט עפּעס צוגעבען און איז שטיל געבליבען. איך האָב געקוקט אויף איהר און האָב אָבגעוואָרט. איהר פּנים איז געווען אומעטיג. איך וואָלט זי אפילו געפרעגט, נאָר זי האָט טיילמאָל זעהר ניט ליעב געהאט קיין פראגען.

— א מאָדנער אינגעל, — האָט זי ענדליך ארויסגעזאָגט, אוים־קרימענדיג לייכט דאָס מויל און אזוי ווי בעמיהענדיג זיך ניט צו קוקען אויף מיר.

— וואָס איז דען ? מן הסתם עפּעס געווען צווישען אייך ?

— ניין, גאָרנישט ; אזוי... ער איז געווען, איבריגענס, אַ ליעב... נאָר שוין..

— נו, איצטער האָבען זיך אלע זיינע צרות און זאָרגען געענדיגט.

— האָב איך געזאָגט.

נאטאַשא האָט פעסט און פריוועגדיג א קוק געטהאָן אויף מיר. איהר האָט זיך, אפשר, אליין געוואָלט מיר ענטפערען : „ער האָט פריי־הער אויך קיין זעהר סך צרות און זאָרגען ניט געהאט" ; נאָר איהר האָט זיך אויסגעוויזען, אז אין מיינע ווערטער ליעגט דער אייגענער געדאנק. האָט זי זיך אָנגעבלאָזען.

איבריגענס, זי איז באלד ווידער געוואָרען העפליך און ליעב־ליך. זי איז דאָס מאָל געווען אויסערגעוועהנליך עניוות'דיג. איך בין געזעסען ביי איהר מעהר ווי א שעה. זי האָט זיך זעהר בעאונרוהיגט. דער קניאז האָט זי געשראָקען. איך האָב בעמערקט אין עטליכע פראַ־גען איהרע, אז איהר וואָלט זיך זעהר געוואָלט געוואר ווערען אויף זיכער, וואָס אייגענטליך פאר אַן'איינדרוק זי האָט געבטען געמאַכט

אויף איהם. צי האט זי זיך געהאלטען ווי מען דארף? צי האט זי ניט צופיעל ארויסגעוויזען פאר איהם איהר פרייד? צי האט זי זיך ניט געהאלטען צו שטאלץ? אדער, פארקעהרט, צי איז זי שוין געווען צו־פיעל נאכגעלאזען? צי האט ער ניט געקענט עפעס מיינען? צי האט ער ניט אמאל געלאכט פון איהר? אפשר האט ער דערפיהלט א פאר־אכטונג צו'ן איהר?.... פון דעם געדאנק האבען די באקען ביי איהר אויפגעפלאמט, ווי א פייער.

— צי קען מען זיך אזוי אויפרעגען צוליעב דעם נאר, וואס א שלעכטער מענש וועט טראכטען? זאל ער טראכטען! — האב איך געזאגט.

— פארוואס איז ער עפעס א שלעכטער? — האט זי געפרעגט.

נאטאשא איז געווען צווייפעלדיג, נאר זי האט געהאט א ריין הארץ און איז געווען נאאיוו. איהר צווייפעלדיגקייט איז געקומען פון א ריי־נעם קוואל. זי איז געווען שטאלץ, און איידעל שטאלץ, און האט ניט גע־קענט איבערטראגען, אז דאס, וואס זי האט געהאלטען פאר העכער פון אלץ זאל פארלאכט ווערען פאר איהרע אויגען. אויף דער פאראכ־טונג פון א נידריגען מענשען, וואלט זי, פארשטעהט זיך, געענטפערט נאר מיט פאראכטונג, נאר דאך וואלט איהר וועה געטהאן דאס הארץ פאר דעם חוזק מאכען פון דעם, וואס זי האט געהאלטען פאר א היי־ליגקייט, ווער עס זאל ניט האבען געלאכט. ניט אוים מאנגעל אין פעסטקייט האט דאס געשטאמט. עס האט געשטאמט טיילוויז פון דעם צו ווייניג קענען די וועלט, פון דער ניט צוגעוואוינטקייט צו מענשען, פון דעם זיין פארמאכט אין איהר אייגענעם ווינקעל. זי האט דאס גאנ־צע לעבען אבגעלעבט אין איהר ווינקעל, כמעט ניט ארויסגעהענדיג פון איהם. און, ענדליך, די אייגענשאפט פון די גוטהארציגסטע מענ־שען, וועלכע איז, קען זיין, איבערגעגאנגען צו'ן איהר פונ'ם פאטער, אוועקצולויבען א מענשען, פאר'עקשנ'ס צו האלטען איהם פאר בעסער ווי ער איז אין דער אמת'ן, אויף דער הייסער מינוט איבערצוטרייבען דאס גוטע אין איהם, — איז געווען אין איהר ענטוויקעלט אין א שטארקער מאס. שווער איז אזעלכע מענשען שפעטער זיך צו ענטווי־שען; נאך שווערער, ווען דו פיהלסט, אז דו ביזט אליין שולדיג. פאר־וואס האסטו ערווארט מעהר וויפיעל יענער קען געבען? און אזעלכע מענשען ווארט יעדע מינוט אזא ענטוישונג. בעסער פון אלץ, ווען זיי

זיצען זיך רוהיג אין זייערע ווינקלען און געהען ניט ארוים אויף דער וועלט; איך האָב זאָגאר בעמערקט, אז זיי האָבען אזוי ווייט ליעב זייערע ווינקלען, אז זיי ווערען אפילו פארווילדעוועט אין זיי. איבריגענס נאַטאַשאַ האָט איבערגעטראָגען א סך אומגליקען, א סך באַליידיגונגען. דאָס איז שוין געווען א קראנק בעשעפעניש, און מען האָט זי ניט געטאָרט בעשולדיגען, אויב עס איז נאָר דאָ אין מיינע ווערטער א בעשולדיגונג.

נאָר איך האָב מיך געאיילט און בין אויפגעשטאַנען אוועקצוגעהן. זי איז ערשטוינט געוואָרען און האָט זיך שיער צעוויינט, וואָס איך געה אוועק, כאָטש די גאנצע צייט וואָס איך בין געזעסען, האָט זי מיר ניט ארויסגעוויזען קיין בעזונדערע צערטליכקייט, פארקעהרט, איז אפילו געווען מיט מיר אזוי ווי קעלטער ווי געוועהנליך. זי האָט מיר א הייסען קוש געטהאָן און עפּעס מיר לאַנג א קוק געטהאָן אין די אויגען אריין.

— הער, — האָט זי געזאָגט, — אַליאָשאַ איז היינט געווען גאָר לעכערליך און ער האָט מיך אפילו פארוואונדערט. ער איז געווען זעהר ליעב, זעהר גליקליך לויט'ן אויסזעהן, נאָר ער איז אריינגעלאָפּען אזוי ווי א זומערפייגעלע, אזוי ווי א פראנטיל, האָט זיך אלץ געדרעהט פאר'ן שפּיגעל. ער איז שוין עפּעס אינגאנצען אָהן צערעמאָניעס איצטער... און איז געזעסען ניט לאַנג. שטעל דיר פאָר: נאַשוואַרג האָט ער מיר געבראַכט.

— נאַשוואַרג? וואָס זשע, דאָס איז זעהר ליעבליך און גאַנץ פּשוט. אי, וואָסערע מענשען איהר זענט ביידע אַט האָט איהר שוין אָנגעהויבען נאָכקוקען איינער דעם אנדערען, שפּיאָנירען, שטודירען איינער ביים אַנדערען דאָס פּנים, אַראָבלעזען דערפון געהיימע געדאנקען (און פארשטעהן פארשטעהט איהר אין זיי גאָרנישט!) מילא ער איז נאָך גאָרנישט. ער איז פרעהליך און א שטיפער אזוי ווי פריהער. אבער דו, דו!

און שטענדיג, ווען נאַטאַשאַ האָט געענדערט דעם טאָן און פלעגט צוגעהן צו מיר ענטוועדער בעקלאָגען זיך אויף אַליאָשאַ'ן, אָדער צו ענטשליעסען עפּעס ניט קיין גלאַטיגע מיספארשטענדענישען, אָדער מיט עפּעס א סוד און מיט א פארלאַנג, אז איך זאָל איהם פארשטעהן פון א האַלב ווארט: געדענק איך, האָט זי שטענדיג געקוקט אויף מיר,

שטשירענדיג די ציינדלעך און אזוי ווי אויסבעטענדיג, אז איך זאל אומבעדינגט בעשליעסען עפּעס אזוי, אז עס זאל איהר באלד גרינגער ווערען אויפ'ן הארץ. נאר איך געדענק אויך, איך האב אין אזעלכע פאַ־לען שטענדיג עפּעס אנגענומען א שטרענגען און שארפען טאָן, אזוי ווי איך וואלט אימיצען אויסגעשטראָפט, און געשעהען איז דאס ביי מיר אינגאנצען אומגערן, נאר שטענדיג האט עס זיך אײנגעגעבען. מיין שטרענגקייט און וואזשנעקייט זיינען געוועז אויפ'ן פּלאץ, האבען זיך אויסגעוויזען מעהר אויטאָריטעטיש, און טיילמאל פיהלט דאָך א מענש א נויטווענדיגקייט, וועלכע ער קען גיט בייקומען, אז אימיצער זאל איהם גוט אויסשטראָפען. צומווינגסטענס נאטאשא איז פון מיר טיילמאל אוועקגעגאנגען א פּאלשטענדיג געטרייסטע.

— ניין, זעהסטו, וואניא, — האט זי ווייטער גערעדט, האלטענדיג איין האנט איהרע אויף מיין אקסעל, מיט דער אנדערער דריקענדיג מיין האנט, און מיט איהרע אויגען איינשמייכלענדיג זיך אין מיינע אויגען, — מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז ער איז עפּעס געווען ווענ׳ג אמת'דיג... ער האט זיך מיר אויסגעוויזען צו זיין שוין אזא פארהיי־ראטער מאן, — ווייסט, אזוי ווי א מענש וואס איז שוין צעהן יאָהר פארהייראט, נאר ער איז נאָך אלץ פריינדליך מיט'ן ווייב. צי איז עס ניט צו פריה?... ער האט געלאכט, געדרעהט זיך, נאר אזוי ווי דאס אלץ וואלט געווען צו מיר גלאט אזוי, גלייך עס וואלט נאר געווען טיילווייז צו מיר, און ניט אזוי ווי פריהער... ער האט זיך זעהר געאיילט צו קאַ־טערינא פיאָדראָוונא'ן... איך רעד צו'ן איהם, און ער הערט ניט אדער ער הייבט אָן רעדען וועגען עפּעס אנדערש, ווייסט, די מיאוסע, גרויסוועלטיגע געוואוינהייט, פון וועלכער מיר האבען איהם ביידע אזוי אָבגעלערענט. מיט איין וואָרט, ער איז געווען אזא... אפילו אזוי ווי גלייכגילטיג... אבער וואס רעד איך! נו אָט בין איך געגאנגען און אָנגעהויבען! אי, וואניא, ווי פאָדערענדיג מיר זיינען אלע, וואס פאר א קאַפּריזנע דעספּאָטען! ערשט איצטער זעה איך עס! די געוועהנ־ליכע ענדערונג אויף א מענשענ'ס פּנים קענען מיר ניט מוחל זיין, און אמאל קען נאָך זיין גאָט ווייסט פארוואס דאס פּנים האט זיך ביי איהם געענדערט! דו ביזט גערעכט, וואניא, וואס דו האסט מיך איצ־טער געשטראפט! דאס בין איך אליין אין אלעם שולדיג! אליין בע־שאפען מיר זיך צרות, און מיר בעקלאגען זיך נאָך... א דאנק דיר, וואַ־

ניא, דו האָסט מיך אינגאַנצען געטרייסט. אי, ווען ער וואָלט היינט גע־קומען צו פאַהרען! אבער וואָס! ער קען נאָך אפשר זיין ברוגז פאַר דעם פריהריגען.

— האָט איהר איך דען שוין צוקריעגט? — האָב איך אַ געשריי געטהאָן מיט אַ פאַרוואונדערונג.

— איך האָב איהם אפילו קיין ווערטעל ניט געגעבען! נאָר איך בין געוועזען אביסעל אומעטיג, און ער איז פון פרעהליך פלוצלונג געוואָ־רען פאַרטראַכט און, מיר האָט זיך אויסגעוויזען, ער האָט זיך טרוקען מיט מיר געזעגענט. אבער איך וועל שיקען נאָך איהם... קום דו אויך, וואַניא, היינט.

— אומבעדינגט, אויב עס וועט מיך נאָר ניט פאַרהאַלטען אַ געוויסע זאַך.

— נו, וואָס איז דאָרט פאַר אַ זאַך?

— איך האָב עס מיר אַליין אָנגעטשעפעט! איבריגענס, דוכט זיך, איך וועל זיכער קומען.

## זיעבעטער קאַפּיטעל.

פּונקט זיבען אַ זייגער בין איך געוועזען ביי מאַסלאָבאָיעוו'ן. ער האָט געוואוינט אין דער זעקסגעוועלביגער, אין אַ ניט גרויס הויז, אין רער אפיצינע, אין אַ געננג אבגעלאָזענער דירה פון דריי צימערען. איב־ריגענס, ניט אָרעם מעבלירטע. מען האָט אפילו געזעהען אַ געוויסע פאַרמעגליכקייט אין דער אייגענער צייט אַנ'אונגעוועהנליך שלעכטע בעל־הבית'ישקייט. מיר האָט געעפענט אַ זעהר שעהן מיידעל פון אַ יאָהר ניינצען, זעהר פּראָסט, נאָר זעהר אָנגענעהם אָנגעטהאָן, אַ זעהר רייניגקע און מיט איבער־גוטע פרעהליכע אייגעלעך. איך האָב מיך גלייך אָנגעשטויסען, אַז דאָס איז טאַקע די אייגענע אַלעקסאַנדראַ סע־מיאָנאָוונאַ, וועגען וועלכער ער האָט ניט לאַנג צוריק פאַרבייגעהענדיג דערמאָנט, צוזאָגענדיג מיר מיך מיט איהר צו בעקענען. זי האָט גע־

פרעגט: ווער איך בין, און דערהערענדיג מיין נאָמען, האָט זי גע־זאָגט, אז ער וואַרט אויף מיר, נאָר אז איצטער שלאָפט ער אין זיין צי־מער, וואוהין זי האָט מיך טאַקע אריינגעפיהרט. מאַסלאָבאָיעוו איז גע־שלאָפען אויף א פּרעכטיגער, ווייכער קאַנאַפּע, צוגעדעקט מיט זיין ברודיגען שינעל, מיט א לעדערנעם אָבגעריבענעם קישען צוקאָפּענס. דער שלאָף איז ביי איהם געווען זעהר א לייכטער; אזוי ווי מיר זיינען אריינגעקומען, האָט ער מיך גלייך א רוף געטהאָן ביים נאָמען.

— אַ! דאָס ביזטו? איך וואַרט. איך האָב נאָר וואָס אין חלום געזעהען, אז דו ביזט געקומען און וועקסט מיך. הייסט עס איז צייט. מיר פאָהרען.

— וואוהין פאָהרען מיר?

— צו א דאַמע.

— צו וואָס פאַר א דאַמע? צוליעב וואָס?

— צו מאַדאַם בובנאָווא, אויסלעדיגען ביי איהר די קאַסע. — א וואָס פאַר א שעהנהייט! — האָט ער אויסגעצויגען, זיך ווענדענ־דיג צו אלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונא, און האָט אפילו א קוש געטהאָן די שפּיצען פון איהרע פינגער ביי דער דערמאָנונג פון מאַדאַם בובנאָווא.

— נו, געה געה, וואָס איהם פאַלט איין! — זאָגט אננא סעמיאָ־נאָוונא אריינגעריעדט, האַלטענדיג אומבעדינגט פאַר זי חוב זיך אבי־סעל צו בייזערען.

— ביזט ניט בעקאַנט? בעקען דיך, ברודער: זאָגט אלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונא, בעקען דיך, דאָס איז א ליטעראַרישער גענעראל; נאָר איין מאָל אין יאָהר זעהט מען זיי אומזיסט, און די איבעריגע צייט פאַר געלט.

— אַט האָט ער געפינען א נאַר. איך בעט אייך, איהר הערט איהם ניט: ער לאַכט אַלץ פון מיר. וואָסערע גענעראַלען דאַרט?

— דאָס זאָג איך דאָך אייך, אז א בעזונדערער סאָרט גענעראַלען. און דו, הער גענעראַל, מיין ניט, אז מיר זיינען נאַראָנים; מיר זיינען א סך קלוגער, ווי מיר זעהען אויס פון ערשטען בליק.

— הערט איהם ניט! אייביג פאַרשעהמט ער מיך פאַר גוטע מענ־שען, אַזא מענש אָהן תרפה! וואָלט ער מיך כאָטש אמאָל אין טעאַטער אריין געפיהרט!

— איהר האָט ליעב אייערע שטוב־מענשען, אלעקסאַנדרא סע־

מיאַנאָווא... און איהר האָט ניט פאַרגעסען, וואָס מען דאַרף ליעב צו האָבען? דאָס ווערטעלע האָט איהר ניט פאַרגעסען? דאָס וואָס איך האָב אייך אויסגעלערנט!

— פאַרשטעהט זיך, ניט פאַרגעסען. עפּעס אַ נאַרישקייט מיינט עס?

— נו, וואָס זשע פאַר אַ ווערטעלע!

— אָט וועל איך מיך גלייך פאַרשעהמען פאַר אַ גאַסט. קען זיין, עס מיינט עפּעס אַ מיאוסע זאַך. די צונג קען מיר אָבדאַרען, ווען איך וועל עס זאָגען.

— הייסט עס, איהר האָט פאַרגעסען!

— איך האָב עס ניט פאַרגעסען: פּענאַטען! איהר האָט ליעב אייערע פּענאַטען... אָט וואָס ער וועט אויסטראַכטען! עס זיינען אפשר גאָר קיין פּענאַטען ניט געוועזען; און פאַרוואָס זאָל מען זיי ליעב האָבען! ליגענס טראַכט ער אַלץ אויס!

— דערפאַר ביי מאַדאַם בובנאָווא...

— טפּו מיט דיין מאַדאַם בובנאָווא! — און אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָווא איז אַרויסגעלאָפען אין גרעסטען צאָרן.

— צייט. געהען מיר. זייט געזונט, אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָווא! מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען.

— זעהסטו, וואַניא, ערשטענס, וועלען מיר זיך זעצען אויף דער דראָשקע. אַזוי. און צווייטענס האָב איך ניט לאַנג צוריק, ווען איך האָב מיך געזעגענט מיט דיר, זיך נאָך עפּעס דערוואוסט און דערוואוסט זיך ניט פון טרעפּעכצען, נאָר גענוי. איך בין נאָך געבליבען אויפ׳ן וואַסי־לעווער אַ גאַנצע שעה. דער גראָבער — איז אַ שרעקליכע קאַנאַליע, אַ שמוציגע, אַן עקעלהאַפטע, מיט משוגעת׳ן און מיט פאַרשיעדענע גראָבע געשמאַקען. די בובנאָווא איז שוין פון לאַנג בעקאַנט מיט געוויסע גע־שעפטלעך פון דעם סאָרט. זי איז די טעג שיער אַריינגעפאַלען מיט אַ מיידעל פון אַנ׳אַנשטענדיג הויז. די זיידענע קליידלעך, אין וועלכע זי האָט אָנגעטהאָן דאָס יתומה׳לע (וואָס דו האָסט מיר ניט לאַנג צוריק דערצעהלט), האָבען מיר קיין רוה ניט געגעבען; דערפאַר ווייל איך האָב שוין עפּעס ביז דעם געהערט. ניט לאַנג צוריק האָב איך מיך דער־וואוסט נאָך עפּעס, אמת, גאַנץ צופעליג, נאָר, דוכט זיך, אויף זיכער. ווי אַלט איז דאָס מיידעלע?

— אויפ'ן פנים א יאהר דרייצען.

— און אויפ'ן וואוקס ווענינער. נו, וועט זי עס מאכען. ווען מען דארף וועט זי זאגען עלף, אז ניט פופצען. און אזוי ווי די ארעמע האט ניט ווער עס זאל זי בעשיצען, ניט קיין משפחה, וועט...

—ווירקליך?

— און וואס האסטו געמיינט? מאדאם בובנאווא וואלט שוין אוים בלויז רחמנות ניט ארייגגענומען צו זיך די יתומה, און ווען דער גראבער איז שוין דארטען געווארען אנ'איינגעהער, איז עס שוין אזוי. ער האט זיך מיט איהר ניט לאנג צוריק געזעהען אין דער פריה. און דעם אידיאט סיזאבריוכאוו האט מען אויך היינט צוגעזאגט א שעהנ־הייט, א פארהייראטע פרוי פון א טשינאוניק און שטאב־אפיציר. סוחר'ישע קינדער פון די וואס הוליען ליידען אויף דעם; זיי פרעגען שטענדיג אויף א טשין. דאס איז אזוי ווי אין דער לאטיינישער גראַ־מאטיק, געדענקסט: די בעדייטונג ווערט פארגעצויגען דער פארענ־דונג. איבריגענס, איך בין נאך, דוכט זיך, שיכור פון פריהער. נו! און די בובנאווא וועט זיך מיט אזעלכע זאכען ניט וואגען צו פארנעמען. זי וויל דער פאליציע אויך אנפייפען; אבער א מכה! און דערפאר וועל איך זי איבערשרעקען, אזוי ווי זי ווייסט, אז איך געדענק נאך אמאליגע זאכען... נו, און אזוי ווייטער — פארשטעהסט?

איך בין געווען שרעקליך ענטוישט. די אלע ידיעות האבען מיך אינערליך אויפגעברויזט. איך האב אלץ מורא געהאט, אז מיר פאר־שפעטיגען און איך האב אונטערגעיאגט דעם איזוואזטשיק.

— זיי ניט אונרוהיג; עס איז שוין אנגענומען א מיטעל, — האט מאסלאבאיעוו געזאגט. — מיטראשקא איז דארט. סיזאבריוכאוו וועט איהם בעצאהלען מיט געלט, און דער גראבער פאדלעץ — מיט דער נאטור. דאס איז שוין פון לאנג צוריק בעשלאסען געווארען. נו, און די בובנאווא פאלט אוים אויף מיין חלק. דערפאר וועט זי ניט וואגען...

מיר זיינען געקומען צופאהרען און אבגעשטעלט זיך ביי דער רעסטאראציע; נאר דער מענש, וואס האט געהייסען מיטראשקא, איז דארט ניט געווען. הייסענדיג דעם איזוואזטשיק ווארטען אויף אונז ביי דער רעסטאראציע, זיינען מיר געגאנגען צו דער בובנאווא. מיטראשקא האט געווארט אויף אונז ביים טויער. אין פענסטער האט זיך צוגאסען

א העלע ליכטיגקייט און עס האט זיך געהערט סיזאבריוכאוו'ס שיכור'ער, צעוויעגטער געלעכטער.

— זיי זיינען דארט אלע פון אונגעפעהר א פערטיל שעה, — האט מיטראשקא געלאזט וויסען. — איצט איז פונקט די צייט.

— ווי אזוי זשע וועלען מיר אריינגעהן? — האב איך געפרעגט.

— ווי געסט, — האט מאסלאבאיעוו אויסגערופען, — זי קען מיך, און זי קען מיטראשקא'ן אויך. אמת, אלע איז אויף'ן ריעגעל, אבער ניט פאר אונז.

ער האט שטיל א קלאפ געטהאן אין טויער, און עס האט זיך באלד געעפענט. געעפענט האט דער סטרוזש און האט זיך איבערגעוואונקען מיט מיטראשקא'ן. מיר זיינען אריינגעגאנגען שטיל; אין הויז האט מען אונז ניט געהערט. דער סטרוזש האט אונז דורכגעפיהרט איבער די שטיעגען און האט אנגעקלאפט. מען האט איהם אנגערופען ביים נאמען; ער האט געענטפערט, אז ער איז אליין: „איך דארף... עפעס". מען האט געעפענט און מיר זיינען אלע אריין מיט אמאל. דער סטרוזש איז פארשוואונדען.

— אי, ווער איז דאס? — האט די בובנאווא א געשריי געטהאן, א שכור'ע און א צושויבערטע, שטעהענדיג אין דעם קליינטשיקען פאַ־דערשטיבעלע, מיט א ליכט אין דער האנט.

— ווער? — האט מאסלאבאיעוו אונטערגעכאפט, — וואס הייסט, אננא טריפאנאוונא, איהר דערקענט ניט אייערע טייערע געסט? ווער אויב ניט מיר?... פיליפ פיליפיטש...

— אה, פיליפ פיליפיטש! דאס זענט איהר... טייערע געסט... ווי קומט איהר עס... איך ע... גארנישט... אהער זייט אזוי גוט.

און זי האט זיך גענומען ווארפען אויף אלע זייטען.

— וואוהין אהער? דא איז דאך עפעס פארצוימט... ניין, איהר נעמט אונז אויף אביסעל בעסער. מיר וועלען ביי אייך אויסטרינקען א קאלטען טרונק, און צי האט איהר ניט א פאר שעהנע קעצעלעך?

די בעל הבית'טע איז אין איין רגע געווארען לעבעדיגער.

— פאר אזעלכע טייערע געסט וועל איך פון אונטער דער ערד געפינען; פון דער כינעזישער רעגירונג וועל איך זיי אויסשרייבען.

— צוויי ווערטער, טייערע אננא טריפאנאוונא; סיזאבריוכאוו איז דא דא?

— ער איז ד... דא.

— איהם טאקע דארף איך. ווי האט ער געוואגט, דער פאדליעץ, צו געהן הוליען אהן מיר?

— ער האט אייך מן הסתם ניט פארגעסען. ער האט אלץ געווארט אויף אימיצען, ווארשיינליך אויף אייך.

מאסלאבאיעוו האט א שטויס געטהאן די טהיר און מיר האבען זיך געפונען אין א ניט גרויסען צימער, מיט צוויי פענסטער, מיט זשעראניען, געפלאכטענע שטוהלען און מיט דעם ערגסטען פארטע־פיאן; אלץ ווי עס האט בעדארפט זיין. נאר נאך איידער מיר זיינען אריינגעקומען, ווען מיר האבען נאך גערעדט אין פאדערצימער, איז עפעס מיטראשקא אזוי ווי פארשוואונדען. איך האב מיך שפעטער. דערוואוסט, אז ער איז טאקע ניט אריינגעגאנגען, נאר ער האט גע־ווארט הינטער דער טהיר. שפעטער האט זיך געפונען ווער עס זאל איהם עפענען די טהיר. די צושויבערטע און אנגעפארבטע פרוי, וועלכע האט אין דער פריה ארויסגעקוקט פון הינטער דער בובנאוואס פלייצע, איז אויסגעפאלען מיט איהם צו פארברענגען.

סיזאבריוכאוו איז געזעסען אויף א דינינקער קאנאפקע פון רויט האלץ, נעבען א קיילעכדיגען טיש, פארדעקט מיט א טישטוך. אויפ'ן טיש זיינען געשטאנען צוויי פלעשער ווארעמען שאמפאניער, א פלאש שלעכטען ראם; עס זיינען געשטאנען טעלער מיט קאנפעקטען פון דער קאנדיטאריי, לעקעכלעך און ניס פון דריי סארטען. ביים טיש, אנטקע־גען סיזאבריוכאוו'ן איז געזעסען אנ'עקעלהאפט בעשעפעניש פון א יאהר פערציג און געשטופעלט, אין א שווארץ טאפטען־קלייד און מיט בראנזענע בראסלעטען און בראשקעס. דאס איז געוועזן די שטאב־אפי־צירקע, הפנים, א געפעלשטע. סיזאבריוכאוו איז געוועזן שכור און זעהר צופריעדען. דער גראבער חבר זיינער איז ניט געוועזען מיט איהם.

— אזוי טהוען עס מענשען! — האט מאסלאבאיעוו א רעווע גע־טהאן מיט'ן גאנצען גארגעל, — און צו דאס א לאדט ער מיך נאך איין!

— פיליפ פיליפיטש, איך בין גליקליך וואס איהר זענט געקור־מען! — האט סיזאבריוכאוו ארויסגעברומט, אויפשטעהענדיג מיט א בענליקט פנים אונז אנטקעגען.

— טרינקסט?

— ענטשולדיגט.

— דו ענטשולדיג דיך ניט, נאָר לאד איין די געסט. מען איז גע־קומען מיט דיר א הוליע טהאָן אביסעל. אָט האָב איך געבראכט נאָך א גאסט: א פריינד! — מאָסלאָבאָיעוו האָט אָנגעוויזען אויף מיר.

— עס פרעהט מיך, דאָס הייסט איך בין גליקליך... קבי!

— אָט האָסטו, דאָס הייסט שאַמפּאַניער! א פנים ווי זויערער באָרשט.

— איהר באליידיגט.

— דו ווייסט, אז דו טאָרסט דיך אפילו ניט בעווייזען צו דעם; און לאדט נאָך איין!

— ער האָט נאָרוואָס דערצעהלט, אז ער איז געווען אין פּאַריז,— האָט אונטערגעכאַפּט די שטאָב־אָפיצירקע, — ווארשיינליך א ליגען!

— פעדאָסיא טיטישנאַ, באליידיגט אייך ניט. איך בין געוועזען, געפאָהרען.

— אזאַ פויער וועט זיין אין פאריז?

— געוועזען. איך האָב געקענט. מיט קארפ וואסיליטש'ן האָבען מיר זיך דאָרט אויסגעצייכענט. קארפ וואסיליטש'ן האָט איהר גע־קענט?

— צו וואָס דארף איך קענען דיין קארפ וואסיליטש'ן?

— כאָטש אזוי... פון פּאָליטיק. און מיר האָבען דאָרט, אין ־עם שטעטעלע פאריז, ביי מאַדאַם זשובער צוהאקט אנ'ענגלישען טר־בעה

— וואָס האָט איהר צוהאקט?

— א טרעמער. א טרעמער־שפּיגעל אַזאַ איז געווען, וואָס האָט זיך געצויגען ביז'ן באלקען איבער דער גאנצער וואנט; און קארפ וואסיליטש איז שוין געווען אזוי שיכור, אז ער האָט שוין אָנגעהויבען מיט מאַ־דאַם זשובער רוסיש צו רעדען. האָט ער עס זיך אוועקגעשטעלט ביים טרעמער און זיך אָנגעשפּארט מיט די עלענבויגנס. און די זשובערשקע שרייט צו'ן איהם, אויף איהר לשון, פארשטעהט זיך: „דער טרעמער קאָסט זיבענהונדערט פראנק (אויף אונזער געלט ערטעלעך). יועסט צוברעכען!" ער צושמייכעלט זיך און קוקט אויף מיר; און איך זיץ אנטקעגען אויף דער קאַנאַפּע און א שעהנהייט זיצט מיט מיר, אבער נישט אזאַ שנאָבעל ווי די דאָ, נאָר מיט'ן קנאַק, נישט מיט א וואָרט ארויסצורעדען. און ער שרייט: „סטעפּאן טערענטיטש, „אַ, סטעפּאן

מערענטיטש? געהט עס אויף העלפט, וואס?" זאג איך: „עס געהט!" ניט ער אאז זעץ מיט דער פויסט איבער'ן טרעמער, — דזין! בלויז שטיקעלעך האבען זיך א שאט געטהאן. די זשובערט האט א קוויטש געטהאן און קריכט איהם גלייך אין דער מארדע אריין: „וואס האסטו געטהאן, מערדער, וואס ביזטו געקומען?" (אויף זייער לשון, הייסט עס). און ער צו'ן איהר: „דו, זאגט ער, מאדאם זשובער, נעם געלט, און אין דעם וואס מיר געפעלט מיש דיך ניט אריין", און האט איהר באלד אנידערגעקנאקט זעקסהונדערט און פופציג פראנק. א האלבען הונדערטער האבען מיר אבגעדונגען.

אין דער מינוט האט זיך א שרעקליכער, דורשניידענדיגער געשריי דערהערט ערגיץ הינטער עטליכע טהירען, אין א דריטער אדער אין א פערטער שטוב פון דער, אין וועלכער מיר זיינען געוועזען. איך האב אויפגעציטערט און אויך א געשריי געטהאן. איך האב דערקענט דאס געשריי: דאס איז געוועזען העלענא'ס קול. באלד נאך דעם שויערליכען געשריי האבען זיך דערהערט אנדערע געשרייען, זידלערייען, א טומעל און, צום סוף, קלאהרע, הויכע, דייטליכע קלעפ מיט א האנט איבער א פנים. דאס האט זיך, מן הסתם, מיטראשא אבגערעכענט אויף זיין חלק. פלוצלונג האט זיך מיט כח אנ'עפען געטהאן די טהיר, און העלענא, א בלאסע, מיט פארלאפענע אויגען, אין א ווייס זיידען קליידדעל, וואס איז אבער געווען אינגאנצען צוקנייטשט, מיט צוגעקעמטע, נאר אזוי ווי אין א קאמפף צעווארפענע, האר, האט זיך אריינגעריסען אין צימער. איך בין געשטאנען אנטקעגען דער טהיר, און זי האט זיך א ווארף געטהאן גלייך צו מיר און מיך ארומגעכאפט מיט די הענט. אלע זיינען אויפגעשפרונגען, אלע זיינען צוטומעלט געווארען. קוויטשען און געשרייען האבען זיך דערהערט, ווען זי האט זיך בעוויזען. גלייך נאך איהר האט זיך בעוויזען אין דער טהיר מיטראשקא, שלעפענדיג פאר די האר זיין גראב־בייכיגען שונא אין דעם שרעקליכסטען צושטאנד. ער האט איהם דערשלעפט ביז דער שוועל און איהם אריינגעווארפען צו'ן אונז אין צימער.

— אט איז ער! נעמט איהם! — האט מיטראשקא ארויסגערעדט מיט א פאלשטענדיג צופריעדען פנים.

— הער, — האט מאסלאבאיעוו געזאגט, רוהיג צוגעהענדיג צו מיר און א קלאפ טהוענדיג מיר אויפ'ן אקסעל, — נעם אונזער איז

וואזטשיק, נעם דאָס מיידעלע און פאָהר אהיים צו דיר, און דאָ האָסטו מעהר ניט וואָס צו טהאָן. מאָרגען וועלען מיר שוין דאָס איבריגע אויך איינאָרדענען.

איך האָב ניט געלאָזט צו מיר צווייי מאָל רעדען. אנכאפּענדיג העלענא'ן פאר דער האנט, האָב איך זי ארויסגעפיהרט פון דער הייל איך ווייס שוין ניט, ווי אזוי עס האָט זיך דאָרט ביי זיי געענדיגט. מען האָט אונז ניט אָבגעשטעלט: די בעל הבית'טע איז געווען צומישט פון שרעק. אלץ איז פאָרגעקומען אזוי שנעל, אז זי האָט אפילו ניט געקענט שטערען. דער איזוואָזטשיק האָט געוואַרט אויף אונז און אין צוואנציג מינוט ארום בין איך שוין געווען אין מיין וואוינונג.

העלענא איז געווען ווי האלב טויט. איך האָב אויפגעהעקעלט די העקלעך פון איהר קלייד, האָב זי בעשפּריצט מיט וואסער און זי אוועקגעלעגט אויף דער קאַנאַפּע. זי האָט אָנגעהויבען צו קריגען היץ און רעדען פון וועג. איך האָב געקוקט אויף איהר בלייך פּנים'על, אויף איהרע פארבלאָזטע ליפּען, אויף איהרע שווארצע, אויף א זייט פאר־וואָרפענע, נאָר הערעלעך־צו־הערעלע פארקעמטע און אָנגעשמירטע האָר, אויף איהר גאנצען טואַלעט, אויף די ראָזע בענדעלעך, וואָס זיי־נען נאָך גאנץ געבליבען וואו־ניט־וואו אויפ'ן קליידעל, — און האָב גענצליך פארשטאנען די גאנצע עקעלהאפטיגע געשיכטע. אָרעמע נע־בעך! עס איז איהר געוואָרען אלץ ערגער און ערגער. איך בין ניט אָבגעטראָטען פון איהר און האָב בעשלאָסען ניט צוגעהן דעם אָוועגד צו נאטאשא'ן. טיילמאָל האָט העלענא אויפגעהויבען איהרע לאנגע פיילענארטיגע ברעמען און א קוק געטהאָן אויף מיר, און לאנג און פעסט געקוקט, ווי זי וואָלט מיך דערקענט. שפּעט שוין, א זייגער איינס ביינאכט, איז זי איינגעשלאָפען. איך בין אנטשלאָפען געוואָרען נעבען איהר אויף דער ערד.

---

## אכטער קאַפּיטעל.

איך בין אויפגעשטאַנען זעהר פריה. א גאנצע נאכט האָב איך מיך איבערגעוועקט כמעט יעדע האלבע שעה, בין צוגעגאנגען צו מיין אָרעמען גאסט און מיך אויפמערקזאם צוגעקוקט צו'ן איהר. זי האָט

געהאט היץ און האט ליכט געברעדיעט פון פיעבער. נאר פריהמארגענצו איז זי פעסט איינגעשלאפען. א גוטער סימן, האב איך א טראכט געטהאן, נאר אויפשטעהענדיג אין דער פריה, האב איך בעשלאסען וואס גיכער, כל זמן די ארעמע איז נאך געשלאפען, אראבצולויפען צום דאקטאר. איך האב געקענט איינעם א דאקטאר, א גיט פארהייראטען און א גוטמוטיגען אלטיטשקען, וועלכער האט שוין פון לאנגע לאנגע צייטען געוואוינט ביי דער וולאדימירסקער, צוזאמען מיט זיין עקאנאמקע די דייטשקע. צו'ן איהם בין איך עס געגאנגען. ער האט צוגעזאגט צו זיין ביי מיר צעהן א זייגער. עס איז געווען אכט, ווען איך בין געקומען צו'ן איהם. מיר האט זיך שרעקליך געוואלט אריינגעהן אויפ'ן וועג צו מאסלאבאיעוו'ן, נאר איך האב מיך מישב געווען: ער איז נאך מסתמא געשלאפען פון נעכטען, דערצו האט זיך העלענא געקענט אויפכאפען און, ווער ווייס, אהן מיר וואלט זי זיך דערשראקען, ווען זי דערזעהט זיך אין מיין דירה. אין איהר קרענקליכען צושטאנד האט זי געקענט פארגעסען: ווי, ווען און אויף וואס פאר אנ'אופן זי איז אריינגעפאלען צו מיר.

זי האט זיך אויפגעכאפט אין דער אייגענער מינוט, ווען איך בין אריין אין צימער. איך בין צוגעגאנגען צו'ן איהר און האב זי פארזיכטיג געפרעגט: ווי פיהלט זי זיך? זי האט ניט געענטפערט, נאר האט לאנג לאנג און פעסט געקוקט אויף מיר מיט איהרע אויסדרוקספולע שווארצע אויגען. מיר האט זיך אויסגעוויזען פון איהר בליק, אז זי פארשטעהט אלץ און איז פאלשטענדיג ביים זינען. און ניט געענטפערט האט זי מיר, קען זיין, אויס איהר שטענדיגער געוואוינהייט. נעכטען און אייערנעכטען, ווען זי איז געקומען צו מיר, האט זי אויף טייל פון מיינע פראגען ניט ארויסגערעדט קיין ווארט, און האט נאר אנגעהויבען פלוצלונג צו קוקען מיר אין די אויגען אריין מיט איהר לאנגען, איינגעשפארטען בליק, אין וועלכען עס איז צוזאמען מיט פארוואונדערונג און ווילדער נייגעריגקייט נאך געווען עפעס א מאדנער שטאלץ. איצטער האב איך בעמערקט אין איהר בליק א שטרענגקייט און אפילו אזוי ווי אנ'אומצוטרוי. איך האב שוין געוואלט צולעגען מיין האנט צו'ן איהר שטערן, אנצוטאפען, צי האט זי פיעבער, נאר זי האט שווייגענדיג און שטיל, מיט איהר קליינטשיקער האנט, אבגעפיהרט מיינע און האט זיך אויסגעדרעהט פון מיר מיט

דעם פּנים צו דער וואנט. איך האָב אָבגעטראָטען, אום זי שוין מעהר ניט צו בעאונרוהיגען.

איך האָב געהאט א גרויסען קופּערנעם טשייניק. איך האָב איהם שוין פון לאנג בענוצט אנשטאָט א סאַמאָוואר און האָב געקאָכט אין איהם וואסער. האָלץ האָב איך געהאט: דער סטרוזש האָט עס מיר אָנגעטראָגען מיטאמאָל אויף א טאָג פינף. איך האָב איינגעהייצט דעם אויווען, בין אראָבגעגאנגען נאָך וואסער און האָב אויפגעשטעלט דעם טשייניק. און אויפ'ן טיש האָב איך צוגעגרייט מיין טהיי־געשיר. העַ־לענא האָט זיך אויסגעדרעהט צו מיר און געקוקט אויף אַלעם מיט נייגעריגקייט. איך האָב זי געפרעגט צי וויל זי ניט אויך עפּעס? נאָר זי האָט זיך ווידער אָבגעקעהרט פון מיר און האָט גאָרנישט געענט־פערט.

„אויף מיר, וואָס האָט זי עפּעס בייז צו זיין?" האָב איך א טראכט געטהאָן. „א מאָדנע מיידעלע!"

מיין אַלטיטשקער דאָקטאָר איז געקומען, ווי ער האָט געזאָגט, צעהן אזייגער. ער האָט בעטראכט די קראנקע מיט זיין גאנצער דייַ־טשער אויפמערקזאמקייט און האָט מיר א סך גרינגער געמאכט דאָס הארץ, זאָגענדיג, אז כאָטש עס איז פאַרהאַן א פיעבערהאפטער צו־שטאנד, איז אבער קיין שום בעזונדערע געפאַר ניט פאַרהאַן. ער האָט צוגעגעבען, אז זי מוז האָבען אַנ'אַנדערע, א שטענדיגע קראַנקהייט, עפּעס א מין אונרעגעלמעסיג הארץ־קלאַפּען, נאָר אז דער פּונקט וועט פאָדערען בעזונדערען אומגאנג, איצטער אבער איז זי אויסער געפאַר." ער האָט פאַרשריבען א רעצעפּט און געוויסע פּראָשקעס, מעהר פאַר'ן מנהג איידער אויס נויטווענדיגקייט, און האָט זיך גלייך גענומען אויס־פרעגען: ווי אזוי קומט זי צו מיר? אין דער אייגענער צייט האָט ער מיט פאַרוואונדערונג בעטראכט מיין דירה. דער דאָזיגער אַלטיטשקער איז געווען א שרעקליכער פּלאַפּלער.

העלענא ווידער האָט איהם ערשטוינט: זי האָט ארויסגעריסען פון איהם איהר האנט, ווען ער האָט איהר אָנגעטאפּט דעם פּולס, און האָט איהם ניט געוואָלט ווייזען די צונג. אויף אַלע זיינע פראגען האָט זי ניט געענטפערט קיין וואָרט, נאָר האָט די גאנצע צייט פאַר'עקשנ'ט געקוקט אויף זיין גרויסען סטאַניסלאַוו, וואָס האָט זיך געוויעגט ביי איהם אויפ'ן האלז. „איהר טחוט ווארשיינליך זעהר דער קאָפּ וועה,—

האט דער אלטיטשקער בעמערקט, — נאר ווי זי קוקט, ווי זי קוקט!“ איך האב ניט געהאלטען פאר נויטיג איהם צו דערצעהלען וועגען העלענא'ן און האב מיך אבגע'פטר'ט דערמיט, וואס איך האב איהם געזאגט, אז עס איז א לאנגע געשיכטע.

— לאזט מיר וויסען, אויב עס וועט נויטיג זיין, — האט ער געזאגט, אוועקגעהענדיג. — און איצטער איז נישטא קיין געפאר.

איך האב בעשלאסען א גאנצען טאג צו בלייבען מיט העלענא'ן און, אויף וויפיעל עס וועט מעגליך זיין, ביז וואנען זי וועט געזונט ווערען, זי ווי ווייט מעגליך ניט לאזען אליין. נאר וויסענדיג, אז נאטאשא און אננא אנדרעיעוונא קענען פארפייניגט ווערען, ווארטענדיג אויף מיר אומזיסט, האב איך בעשלאסען כאטש נאטאשא'ן צו לאזען וויסען מיט א בריעף דורך דער פאסט, אז איך וועל היינט ביי איהר ניט זיין. אננא אנדרעיעוונא'ן אבער האב איך ניט בעדארפט שרייבען. זי האט מיך אליין געבעטען, אז איך זאל איהר איינמאל פאר אלעמאל ניט שיקען קיין בריעף, נאכדעם ווי איך האב איהר איינמאל געהאט געשיקט א ידיעה ווען נאטאשא איז קראנק געווען. „און דער אלטער ווערט אנגעכמורעט, ווען ער דערזעהט דיין בריעף, האט זי געזאגט: עס ווילט זיך איהם געוואר ווערען, דעם אלטיטשקען נעבעך, וואס אין בריעף שטעהט, און פרעגען קען מען דאך ניט, ער בעשליעסט זיך ניט. ווערט ער צושרויפט אויף א גאנצען טאג. און דערצו, טאטעלע, מיט א בריעף, צורייצט דו מיך בלויז. וואס זיינען דארט צעהן שורות. עס ווילט זיך גענויער אויספרעגען און דו ביזט נישטא.“ און דערפאר האב איך אנגעשריבען בלויז נאטאשע'ן, און ווען איך האב אבגעטראגען דעם רעצעפט אין אפטייק אריין, האב איך שוין אין איינוועגס אבגעשיקט דעם בריעף אויך.

אונטער דער צייט איז העלענא ווידער איינגעשלאפען. אין שלאף האט זי לייכט געקרעכצט און אויפגעציטערט. דער דאקטאר האט געטראפען: איהר האט שרעקליך וועה געטהאן דער קאפ. צייטענווייז האט זי לייכט אויפגעשריגען און זיך איבערגעוועקט. אויף מיר האט זי געקוקט מיט פארדרוס, אזוי ווי עס וואלט איהר בעזונדערס שווער געווען מיין אויפמערקזאמקייט. איך בין מודה, דאס האט מיר זעהר וועה געטהאן.

עלף א זייגער איז געקומען מיטלאבאיעוו. ער איז געוועזן פאר־

זאָרגט און אזוי ווי צוטומעלט; אריינגעקומען איז ער בלויז אויף א מינוט און האָט זיך געאיילט ערגיץ.

— נו, ברודער, איך האָב ערוואַרט, אז דו וואוינסט ניט פויגעל־דיג, — האָט ער בעמערקט, אומקוקענדיג זיך, — נאַר, ווירקליך, מיר איז ניט איינגעפאַלען, אז איך וועל דיך געפינען אין אזא טשעמאָדאַן. דאָס איז דאָך א טשעמאָדאַן, ניט קיין וואוינונג. נו, לאָמיר שוין זאָגען, אז דאָס איז גאָרנישט, די הויפּט צרה איז אָבער די, וואָס די אלע זייטיגע זאָרגען ציהען דיך נאָר אָב פון דיין ארבייט. איך האָב וועגען דעם געטראכט נאָך נעכטען, ווען מיר זיינען געפאָהרען צו דער בובנאָוואַ. איך, ברודער, לויט מיין נאַטור און לויט מיין ספּעציעלער לאַגע, בעלאַנג איך דאָך צו יענע מענשען, וואָס אליין טהוען זיי ניט קיין זאַך וואָס זאָל זיך קלעבען, און צו אנדערע לעזען זיי גאַנצע צעטלען, אז זיי זאָלען טהון. איצט הער: איך, קען זיין, וועל מאַרגען אָדער איבערמאָרגען אריינגעהן צו דיר, און דו זיי אומבעדינגט ביי מיר זונטאג אין דער פריה. צו דער צייט וועט זיך די זאַך מיט דעם מיידעלע, האָף איך, איינגאַנצען ענדיגען; דאַמאָלס וועל איך טאַקע מיט דיר ערנסט איבעררעדען, דערפאַר ווייל פאַר דיר דאַרף מען זיך ערנסט נעמען. אזוי לעבען קען מען ניט. נעכטען האָב איך דיר געגעבען נאָר אַנ׳אָנצוהערעניש, און איצטער וועל איך עס דיר לאָגיש פאָרשטעלען. און, סוף כל סוף, זאָג מיר: וואָס איז, דו האַלטסט עס פאַר אַנ׳אומ׳כבוד צו נעמען ביי מיר געלט אויף א צייט!...

— קריעג דיך נאָר ניט! — האָב איך איהם איבערגעריסען. — בעסער זאָג מיר, מיט וואָס האָט עס זיך דאָרט נעכטען ביי אייך געענדיגט?

— נו, וואָס, עס האָט זיך געענדיגט אויפ׳ן בעסטען אופן, און דער ציעל איז דערגרייכט, פאַרשטעהסט? אָבער איצטער האָב איך קיין צייט ניט. איך בין נאָר אריינגעקומען אויף א מינוט דיר לאָזען וויסען, אז איך האָב ניט קיין צייט און האָב ניט דעם קאָפּ צו דיר: יאָ, און געוואָר ווערען: וואָס, דו ווילסט זי ערגיץ אוועקגעבען אָדער האַלטען זי ביי זיך? ווייל דאָס דאַרף מען בעטראַכטען און בעשליעסען.

— דאָס וויים איך נאָך ניט אויף זיכער און, איך בין דיר מודה, איך האָב געוואַרט אויף דיר, אז איך זאָל מיר מיט דיר אַנ׳עצה האַל־

טען. נו, אויף וואָס פאַר אַ גרונד, צומביישפּיעל, וועל איך זי האַלטען ביי מיר?

— נו, וואָס איז דאָרט, לאָמיר זאָגען אַלס אַ דיענסט...

— איך בעט דיך רעד נאָר שטילער. זי איז טאַקע קראַנק, נאָר זי איז פאַלשטענדיג ביים זינען, און ווען זי האָט דיך דערזעהען, האָב איך בעמערקט, האָט זי אַזוי ווי אויפגעציטערט. הייסט עס, זי האָט זיך דאָס נעכטיגע דערמאָנט...

דאָ האָב איך איהם דערצעהלט וועגען איהר כאַראַקטער און אַלץ, וואָס איך האָב אין איהר בעמערקט. מיינע ווערטער האָבען מאַסלאָבאָיעוו'ן פעראינטערעסירט. איך האָב צוגעלעגט, אַז קען זיין, איך וועל זי אַוועקגעבען אין אַ געוויסע הויז און האָב איהם פון אויבען אויף דערצעהלט וועגען מיינע אַלטע לייט. צו מיין פאַרוואונדערונג האָט ער שוין טיילווייז געוואוסט נאַטאַשאַ'ס געשיכטע און אויף מיין פראַגע: פון וואַנען ווייסט ער? — האָט ער געענטפערט:

— אַזוי; לאַנג שוין, עפּעס פאַרבייגעהענדיג געהערט, אויסגעקומען צוליעב אַ געוויסער זאַך. איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז איך קען דעם קניאַז וואַלקאָווסקי. דאָס טהוסטו גוט, וואָס דו ווילסט זי אַוועקגעבען צו די דאָזיגע אַלטע לייט. אַז ניט וועט זי דיר בלויז שטערען. און אָט וואָס נאָך: זי דאַרף זיך ווי עס איז אויסקליידען. וועגען דעם זאָרג דיך ניט; איך נעם עס אויף מיר. זיי געזונט, קום עפּטערס. וואָס טהוט זי איצטער, זי שלאָפט?

— דאַכט זיך, — האָב איך געענטפערט.

נאָר אַזוי ווי ער איז אַוועקגעאַנגגען האָט העלענאַ מיך גלייך אַ רוף געטהאָן.

— ווער איז דאָס? — האָט זי געפרעגט. איהר קול האָט געציטערט, נאָר זי האָט געקוקט אויף מיר אַלץ מיט דעם אייגענעם פעסטען און אַזוי ווי שטאָלצען בליק. אַנדערש קען איך מיך ניט אויסדריקען.

איך האָב איהר אָנגערופען מאַסלאָבאָיעוו'ס נאָמען און האָב צוגעגעבען, אַז דורך איהם האָב איך עס זי אַרויסגעריסען פון דער בובנאָווא, און אַז די בובנאָווא האָט פאַר איהם זעהר מורא. איהרע באַקען האָבען זיך פּלוצלונג אָנגעצונדען, ווי מיט איין פלאַם, וואַרשיינליך, פון עראינערונגען.

— און זי וועט איצטער קיינמאָל ניט קומען דאָ אהער? — האָט העלענא געפרעגט, פריפענדיג קוקענדיג אויף מיר.

איך האָב איהר געשווינד דאָס האריץ גרינג געמאַכט. זי איז שטיל געבליבען, האָט געהאַט אָנגענומען מיט איהרע הייסע פינגערלעך מיין האנט, נאָר זי האָט זי גלייך אוועקגעוואָרפען, ווי זי וואָלט זיך בעזינט. „עס קען ניט זיין, אז זי זאָל ווירקליך פיהלען צו מיר אזא עקעל", האָב איך געטראַכט. דאָס איז איהר מאַניר, אָדער... אָדער די אָרעמע נעבעך האָט געזעהען אזוי פיעל אומגליק, אז זי געטרויט שוין ניט קיינעם אויף דער וועלט.

אין דער בעשטימטער צייט בין איך אראָבגעגאַנגען נאָך דער רעצעפּט און אין איינוועגס אין א בעקאַנטען טראַקטיר, אין וועלכען איך האָב טיילמאָל געגעסען מיטאָג און וואו מען האָט מיר געטרויט אויף באָרג. דאָס מאָל, ארויסגעהענדיג פון הויז, האָב איך פאַרכאַפּט מיט זיך א טעפּעל און האָב גענומען אין טראַקטיר א פּאָרציע היהנער־יויך פאַר העלענא'ן. נאָר זי האָט עס ניט געוואָלט טרינקען, און די יויך איז ביז א צייט געבליבען אויפ'ן אויווען.

איינגעבענדיג איהר די מעדיצין, האָב איך מיך געזעצט צו מיין אַרבייט. איך האָב געמיינט, אז זי שלאָפט, נאָר ניט ווילענדיג א קוק טהוענדיג אויף איהר, האָב איך פּלוצלונג דערזעהען, אז זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אויפמערקזאם נאָכגעקוקט, ווי איך שרייב. איך האָב מיך געמאַכט, אז איך האָב זי ניט בעמערקט.

צום סוף איז זי טאַקע איינגעשלאָפען און, צו מיין גרעסטער צופריעדענהייט, רוהיג, אָהן היץ און אָהן קרעכצען. איך האָב מיך פּלוצלונג אָנגעהויבען צו בעטראַכטען; נאַטאַשא האָט ניט נאָר געקענט, ניט וויסענדיג אין וואָס עס האנדעלט זיך, בייז ווערען אויף מיר דערפאַר, וואָס איך בין צו'ן איהר היינט ניט געקומען, נאָר עס וועט איהר אפילו, האָב איך געטראַכט, זיכער וועה טהאָן מיין ניט־אויפמערקזאַמקייט גראָד אין אזא צייט, ווען איך בין איהר, קען זיין, אַממעהרסטען נויטיג. ביי איהר האָבען זיך זאָגאר זיכער געקענט איצטער טרעפען וואָסערע ס'איז זאָרגען, עפּעס א זאַך מיר איבערצוגעבען, און איך בין, ווי אויף להכעיס, נישטאָ.

וואָס אַמבעלאַנגט וויעדער אננא אַנדריעוונא, האָב איך אַבסאָלוט ניט געוואוסט, ווי אזוי איך וועל מיך מאָרגען פאַרענטפערען פאַר

איהר. איך האב געטראכט און געטראכט, און האב פלוצלונג בעשלאָ־סען אראבצולויפען אי אהין אי אהער. מיין גאנצע אבוועזענהייט האט געקענט געדויערען איינגאנצען בלויז צוויי שעה. העלענא שלאפט דאך און זי וועט ניט הערען, ווי איך וועל אראבגעהן. איך בין אויפגע־שפרונגען, האב ארויפגעווארפען דעם מאנטעל, געכאפט דאס היטעל, נאר אזוי ווי איך האב געוואלט ארויסגעהן, האט מיך פלוצלונג העלענא א רוף געטהאן. איך האב מיך פארוואונדערט: קען דאס זיין, אז זי האט געמאכט זיך שלאפען?

איך וועל בעמערקען דערביי: כאטש העלענא האט געמאכט זי וויל מיט מיר ניט רעדען, נאר דאס רופען מיך, גענוג אפט, די נויט־וועגדיגקייט זיך צו ווענדען צו מיר מיט אלערליי זאכען, האבען בע־וויזען דאס פארקעהרטע און. איך בין מודה, דאס איז מיר אפילו גע־ווען אנגענעהם.

— וואוהין ווילט איהר מיך אוועקגעבען? — האט זי געפרעגט, ווען איך בין צו׳ן איהר צוגעגאנגען. אין אלגעמיין האט זי געשטעלט איהרע פראגען עפעס פלוצלונג, פאלשטענדיג אונערווארט פאר מיר. דאס מאל האב איך זי אפילו ניט גלייך פארשטאנען.

— ניט לאנג צוריק האט איהר גערעדט מיט אייער בעקאנטען, אז איהר ווילט מיך אוועקגעבען אין עפעס א הויז. איך וויל אין ערגיץ ניט.

איך האב מיך איינגעבויגען צו׳ן איהר: זי איז ווידער געווען אין גאנצען אין היץ; זי האט ווידער געהאט א פיעבערישען קריזיס. איך האב זי אנגעהויבען צו טרייסטען און איהר צוגעבען האפענונג; איך האב זי פארזיכערט, אז אויב זי וויל בלייבען ביי מיר, וועל איך זי אין ערגיץ ניט אוועקגעבען. רעדענדיג דאס, האב איך אויסגעטהאן דעם מאנטעל און דאס היטעל. איבערצולאזען זי אליין אין אזא צו־שטאנד האב איך מיך ניט ענטשלאסען.

— ניין, געהט! — האט זי געזאגט, בעגרייפענדיג גלייך, אז איך וויל בלייבען, — איך וויל שלאפען; איך וועל באלד אנטשלאפען ווערען.

— אבער ווי וועסטו זיין אליין?... — האב איך גערעדט א פער־וואונדערטער. — איך וועל, איברינענס, זיכער זיין אין צוויי שעה ארום צוריק...

— נו געהט אייך, און טאָמער וועל איך א גאַנץ יאָהר זיין קראַנק, דאַרפט איהר א גאַנץ יאָהר פון שטוב ניט ארויסגעהן, — און זי האָט פּראָבירט א שמייכעל צו טהאָן און זי האָט עפּעס מאָדנע א קוק געטהאָן אויף מיר, אזוי ווי זי וואָלט געקעמפּפט מיט עפּעס א גוט געפיהל, וואָס האָט זיך אבגערופען אין איהר הארץ. אָרעמע נעבעך! איהר גוט, צערטליך הארץ האָט ארויסגעקוקט אין דרויסען, ניט קוקענדיג אויף איהר מענשענפרעמדקייט און שיינבארער פּאַרווילדקייט.

צונ'ערשט בין איך אריינגעלאָפען צו אַננאַ אַנדרעיעוונאַ'ן. זי האָט געוואַרט אויף מיר מיט פיעבערהאַפטער אומגעדולד און האָט מיך בעגעגענט מיט פאָרוואורף; און אליין איז זי געווען שרעקליך אונרוהיג: ניקאָלאַי סערגעאיטש איז באַלד נאָכמיטאָג אוועקגעגאנגען, און וואוהין — ווייסט זי ניט. איך האָב פריהער געפיהלט, אז די אַלטיטשקע האָט זיך ניט איינגעהאַלטען און האָט איהם דערצעהלט אַלץ, לויט זי איז געוואוינט געווען, מיט אַנצוהערענישען. זי האָט זיך מיר, איבריגענס, אליין כמעט ווי מודה געווען אין דעם, זאָגענדיג, אז זי האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען, אז זי זאָל זיך ניט טיילען מיט איהם מיט אזא פרייד, נאָר אז ניקאָלאַי סערגעאיטש איז געוואָרען, לויט איהר אייגענעם אויסדרוק, שווארצער פון א וואָלקען, האָט גאָרנישט געזאָגט, „האָט אַלץ געשוויגען, אפילו אויף מיינע פראַגען ניט געענטפערט", און פּלוצלונג נאָכ'ן מיטאָג, האָט ער זיך צוזאַמענגעקליבען און אוועק. דערצעהלענדיג דאָס, האָט אַננאַ אַנדרעיעוונאַ שיער ניט געציטערט פון שרעק און מיך געבעטען צו וואַרטען צוזאַמען מיט איהר אויף ניקאָלאַי סערגעאיטש'ען. איך האָב מיך אבגעזאָגט און האָב איהר געזאָגט כמעט מיט אמאָל, אז, קען זיין, איך וועל מאָרגען אויך ניט קומען און אז איך בין טאַקע דערפאַר אריינגעלאָפען איצטער, אז איך זאָל װעגען דעם לאָזען וויסען פריהער. דאָס מאָל האָבען מיר זיך שיער ניט צוקריעגט. זי האָט זיך צעוויינט; האָט מיר שאַרף און ביטער פאָרגעוואָרפען, און נאָר ווען איך בין שוין ארויסגעגאנגען פון דער טהיר, האָט זי זיך פּלוצלונג געוואָרפען צו מיר אויפ'ן האַלז, מיך פעסט ארומגענומען מיט ביידע הענט און געזאָגט, אז איך זאָל ניט בייז זיין אויף איהר, „די יתומה", און זאָל מיך ניט באַליידיגען פון איהרע ווערטער.

נאָטאַשאַ'ן האָב איך, נעגען מיין ערוואַרטונג, ווידער געטראָפען

אַליין און, — אַ מאָדנע זאַך, מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי איז מיט מיר דאָס מאָל גאָרנישט געווען אַזוי צופֿריעדן אַזוי ווי נעכטן אָדער אין אַלגעמיין אַזוי ווי אַנדערע מאָל. אַזוי ווי איך וואָלט איהר עפּעס קרענקונג פֿאַרשאַפֿט אָדער איהר געשטערט. אויף מיין פֿראַגע: צי איז היינט געווען אַליאשאַ? האָט זי געענטפֿערט: פֿאַרשטעהט זיך, געווען, נאָר ניט לאַנג. ער האָט צוגעזאָגט זיין היינט אָוונד, האָט זי צוגעגעבען, אַזוי ווי פֿאַרטראַכט.

— און נעכטען אָוונד איז ער געווען?

— נ...ניין. מען האָט איהם פֿאַרהאַלטען, — האָט זי צוגעגעבען זעהר שנעל. — נו, וואָס, וואַניאַ, ווי געהען דיינע געשעפֿטען?

איך האָב געזעהען, אַז זי וויל צוליעב עפּעס פֿערשיעבען אונזער שמועס און אַרויפֿגעהן אויף עפּעס אַנדערש. איך האָב מיך פֿעסטער צוגעקוקט צו'ן איהר: עס איז קלאָר געווען, אַז זי איז אויפֿגערעגט. איבריגענס, בעמערקענדיג, אַז איך קוק איהר אויפֿמערקזאַם נאָך און קוק מיך איין אין איהר, האָט זי פּלוצלונג האַסטיג און עפּעס בייז אַ קוק געטהאָן אויף מיר און מיט אַזאַ קראַפֿט, אַזוי ווי זי וואָלט מיך אָבגעבריהט מיט'ן בליק. „ביי איהר איז ווידער אַ צרה", האָב איך אַ טראַכט געטהאָן, נאָר זי וויל עס מיר ניט זאָגען.

אַלס ענטפֿער אויף איהר פֿראַגע וועגען מיינע געשעפֿטען, האָב איך איהר דערצעהלט העלענאַ'ס גאַנצע געשיכטע, מיט אַלע איינצעלהייטען. עס האָט זי געוואַלדיג פֿאַראינטערעסירט און אַפֿילו ערשטוינט מיין ערצעהלונג.

— גאָט מיינער! און דו האָסט זי געקענט איבערלאָזען אַליין, אַ קראַנקע! — האָט זי אַ געשריי געטהאָן.

איך האָב איהר ערקלערט, אַז איך האָב אינגאַנצען ניט געזאָלט קומען צו'ן איהר היינט, נאָר איך האָב געטראַכט, אַז זי וועט אויף מיר ברוגז ווערען און אַז זי האָט זיך געקענט נויטיגען אין מיר.

— נויטיגען, — האָט זי אַרויסגערעדט פֿאַר זיך, עפּעס בעטראַכטענדיג, — נויטיגען, זעהסטו, נויטיג איך מיך אין דיר, וואַניאַ, נאָר בעסער שוין אַנ'אַנדערס מאָל. ביזט געווען ביי אונזערע?

איך האָב איהר דערצעהלט.

— יאָ; גאָט ווייסט, ווי דער טאַטע וועט איצטער אויפֿנעמען די אַלע נייעסען. איבריגענס, וואָס איז דאָ אויפֿצונעמען...

— וואָס הייסט וואָס אויפצונעמען? — האָב איך געפרעגט, — אזא איבערקערעניש!

— נו יאָ... וואוהין זשע איז ער עס ווידער אוועק? דאָס לעצטע מאָל האָט איהר געמיינט, אז ער איז געגאנגען צו מיר. זעהסטו, וואניא, אויב דו קענסט קום אריין צו מיר מאָרגען. קען זיין, איך וועל דיר עפּעס זאָגען... דאָס געוויסען פּלאָגט מיך נאָר דיך צו בעאונרוהיגען; און איצטער וואָלסטו בעסער אהיימגעגאנגען צו דיין גאַסט. איך האָב מורא, שוין פאַרביי א שעה צוויי, ווי דו ביזט ארויס פון הויז?

— שוין פאַרביי. זיי געזונט, נאַטאַשאַ. נו, און ווי אזוי איז אליאָשאַ געווען מיט דיר היינט?

— נו וואָס, אליאָשאַ, גאָרנישט... מיך וואונדערט אפילו וואָס דו ביזט נייגעריג.

— צום ווידערזעהען, מיין פריינד.

— זיי געזונט. — זי האָט מיר דערלאַנגט די האנט עפּעס נאכלעסיג און האָט זיך אָבגעווענדט פון מיין לעצטען בליק צום געזעגנען. איך בין ארויס פון איהר אביסעל א פאַרוואונדערטער. איבריגענס, האָב איך געטראַכט, זי האָט דאָך וועגען וואָס זיך צו פאַרטראַכטען. ס'איז דאָך ניט קיין שפּאַס אזעלכע זאַכען. און מאָרגען וועט זי מיר די ערשטע אליין אלץ דערצעהלען.

צוריק אהיים געקומען בין איך א טרויריגער און בין געוועזען שרעקליך איבעראַשט, ווען איך בין נאָרוואָס אריין אין דער טהיר. עס איז שוין געווען פינסטער. איך האָב דערזעהען, אז העלענא איז געזעסען אויף דער קאַנאַפּע, אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט, ווי זי וואָלט געווען טיעף פאַרטראַכט. אויף מיר, האָט זי אפילו ניט א קוק געטהאָן, ווי זי וואָלט פאַרגעסען אלץ ארום זיך. איך בין צוגעגאנגען צו'ן איהר; זי האָט עפּעס געמורמעלט פאַר זיך. צו רעדט זי ניט פון היץ? האָב איך א טראַכט געטהאָן.

— העלענא, טייערע, וואָס איז מיט דיר? — האָב איך געפרעגט, זעצענדיג זיך נעבען איהר און אנכאַפּענדיג זי מיט דער האנט.

— איך וויל אוועק פון דאַנען... איך וויל בעסער געהן צו'ן איהר.

— האָט זי ארויסגערעדט, ניט אויפהייבענדיג דעם קאָפּ צו מיר.

— וואוהין? צו וועמען? — האָב איך געפרעגט א פאַרוואונדערטער.

— צו'ן איהר, צו דער בובנאווא. זי זאגט אלץ, אז איך בין איהר שולדיג א סך געלט, אז זי האט די מאמעשי בעגראבען פאר איהר געלט... איך וויל ניט, אז זי זאל באליידיגען די מאמעשי... איך וויל ביי איהר ארבייטען און ביי איהר אלץ פארדיענען... דערנאך וועל איך שוין אליין פון איהר אוועק, און איצטער וועל איך ווידער געהן צו'ן איהר.

— בערוהיג דיך, העלענא, צו'ן איהר טארסטו ניט, — האב איך געזאגט. — זי וועט דיך פארפייניגען; זי וועט דיך אומברענגען...

— זאל זי מיך אומברענגען, זאל זי מיך פייניגען, — האט העלענא מיט היץ אונטערגעכאפט, — ניט איך בין די ערשטע; אנדערע זיינען בעסער פון מיר און פלאגען זיך אויך. דאס האט מיר א בעטלערין אויף דער גאס געזאגט. איך בין ארעם און איך וויל זיין ארעם. דאס גאנצע לעבען וועל איך זיין ארעם; אזוי האט מיך די מאמע געהייסען, ווען זי איז געשטארבען. איך וועל ארבייטען... איך וויל ניט טראגען דאס קלייד...

— איך וועל דיר באלד מארגען קויפען אנ'אנדערס. איך וועל דיר דיינע ביכער אויך ברענגען. דו וועסט ביי מיר וואוינען. איך וועל דיך קיינעם ניט אוועקגעבען, אויב דו וועסט אליין ניט וועלען; בערוהיג דיך...

— איך וועל מיך פארדינגען פאר אנ'ארבייטערין.

— גוט, גוט! נאר בערוהיג דיך, לעג דיך, שלאף איין!

נאר דאס ארעמע מיידעלע האט זיך פארגאסען מיט טרערען. ביסלעכוויז זיינען איהרע טרעהרען איבערגעגאנגען אין א קלאגען. איך האב ניט געוואוסט, וואס צו טהאן מיט איהר; איך האב איהר צוגעטראגען וואסער, איהר גענעצט די שלייפען, דעם קאפ. צום סוף איז זי געפאלען אויף דער קאנאפע אנ'אויסגעשעפטע, און זי האט ווידער אנגעהויבען קריגען פיבער. איך האב זי איינגעהיללט, מיט וואס עס האט זיך געפונען, און זי איז איינגעשלאפען, אבער אונרוהיג, אויפציטערענדיג יעדע ווייל און איבערוועקענדיג זיך. כאטש איך בין ניט קיין סך געגאנגען דעם טאג, נאר איך בין געווען שרעקליך מיעד און האב אליין געטראכט צו לעגען זיך, ווי מעגליך פריהער. זארגען וואס האבען מיך געפייניגט זיינען ענטשטאנען אין מיין קאפ. איך האב פאראויסגעפיהלט, אז מיט דעם מיידעלע וועל איך

האבען א סך דאגות. נאר מעהר פון אלץ האט מיך געארט נאטאשא און איהרע געשעפטען. אין אלגעמיין, דערמאן איך מיך איצטער, אז איך האב זעלטען ווען געהאט אזא שווער געמיט, ווי דאמאלס ווען איך בין איינגעשלאפען אין דער אומגליקליכער נאכט.

## ניינטער קאפיטעל.

אויפגעשטאנען בין איך א קראנקער שפעט, א זייגער צעהן אין דער פריה. דער קאפ האט זיך מיר געדרעהט און וועה געטהאן. איך האב א קוק געטהאן אויף העלענא'ס בעט: דאס בעט איז געווען לעדיג. אין דער צייט האט פון מיין רעכטען צימערעל דערגרייכט צו מיר עפעס א געררויש, אזוי ווי אימיצער וואלט געשארט אויף דער ערד מיט א בעזים. איך בין ארויסגעגאנגען א קוק טהאן. העלענא האט געהאלטען אין דער האנט א בעזים און, צוהאלטענדיג מיט דער אנדערער האנט איהר שעהן קליידעל, וועלכעס זי האט נאך פון יענעם אווענד אַן ניט אראבגענומען פון זיך, האט זי געקעהרט די שטוב. דאס האלץ, וואס איז געווען צוגעגרייט פאר'ן אויווען, איז געווען צונויפגעלעגט; פון טיש איז געווען אבגעווישט, דער טשייניק אויסגערייניגט; מיט איין ווארט, העלענא האט גע'בעל-הבית'עוועט.

— הער, העלענא, — האב איך א געשריי געטהאן, — ווער צווינגט דיך צו קעהרען די שטוב? איך וויל דאס ניט, דו ביזט קראנק; וואס ביזטו דען געקומען צו מיר ארבייטען?

— ווער זשע וועט דא אויסקעהרען? — האט זי געענטפערט, זיך אויסגעגלייכט און געקוקט גלייך אויף מיר. — איצטער בין איך ניט קראנק.

— אבער איך האב דיך ניט גענומען אויף צו ארבייטען, העלענא. דו האסט אזוי ווי מורא, אז איך וועל דיר פארווארפען, אזוי ווי די בובנאווא, אז דו וואוינסט ביי מיר אומזיסט? און וואו האסטו גענומען דעם פאסקודנעם בעזים? איך האב ניט געהאט קיין בעזים, — האב איך צוגעגעבען, קוקענדיג אויף איהר מיט פארוואונדערונג.

— דאס איז מיין בעזים. איך האב איהם אליין אהערגעבראכט. איך האב דא דעם זיידען אויך געקעהרט די שטוב. און דער בעזים איז אט דא, הינטער'ן אויווען נאך פון דאמאלס אן געלעגען.

איך בין צוריק אריין אין צימער א פארטראכטער. עס האט גע־קענט זיין, אז איך האב געזינדיגט; נאר מיר האט זיך אבער אויסגע־וויזען, אז איהר איז אזוי ווי שווער געווען מיין גאסטפריינדשאפט, און אז זי האט אויף פארשיעדענע אופנים געוואלט מיר בעווייזען, אז זי וואוינט ביי מיר ניט אומזיסט. אין אזא פאל, וואס זשע איז דאס פאר א בייזער כאראקטער? האב איך געטראכט. א צוויי מינוט שפעטער איז זי אויך אריינגעקומען און האט זיך שווייגעגדיג אוועקגעזעצט אויף איהר געכטיג ארט אויף דער קאנאפע, און פריפענדיג געקוקט אויף מיר. דערווייל האב איך אויפגעקאכט דעם טשייניק, פארבריהט טהיי, איהר אנגעגאסען א שאל און דערלאנגט מיט א שטיקעל ווייס ברויט. זי האט עס גענומען שווייגענדיג און ניט אנטקעגען געשטעלט זיך. א גאנצען מעת לעת האט זי כמעט גאר ניט געגעסען.

— אט האסטו נאך א גוט קליידעל פארפאטשקעט מיט'ן בעזים,— האב איך מיך אנגערופען, בעמערקענדיג א גרויסען שמוציגען שטרייף אויף דעם אונטערשטען טייל פון איהר קליידעל.

זי האט זיך אומגעקוקט און פלוצלונג, צו מיין גרעסטער פאר־וואונדערונג האט זי געלאזט שטעהן די שאל, געגעבען א כאפ אן מיט ביידע הענט, לויט עס האט אויסגעזעהען, קאלטבלוטיג און שטיל, די זיידענע סחורה פון איהר קליידעל און האט עס מיט איין מאך צוריסען פון אויבען ביז אראב. אבטהוענדיג דאס, האט זי שווייגענדיג אויפגע־הויבען אויף מיר איהר פאר'עקשנ'טען, פינקלענדיגען בליק. איהר פנים איז געווען בלייך.

— וואס טהוסטו, העלענא? — האב איך א געשריי געטהאן, זייענדיג זיכער, אז איך זעה פאר מיר א משוגע'נע.

— דאס איז ניט קיין גוטס דאס קליידעל, — האט זי ארויס־געגעדט, כמעט אהן אטהעם פון אויפרעגונג. — פארוואס האט איהר געזאגט, אז דאס איז א גוט קליידעל? איך וויל עס ניט טראגען, — האט זי פלוצלונג א געשריי געטהאן, אויפשפרינגענדיג פון איהר ארט. — איך וועל עס צורייסען. איך האב זי ניט געבעטען זי זאל מיך אויס־פוצען. זי האט מיך אליין אויסגעפוצט, מיט געוואלד. איך האב שוין

איין קליינד צוריסען, איך וועל דאָס אויך צורייסען, איך וועל עס צו־רייסען! איך וועל עס צורייסען! איך וועל עס צורייסען!...

און זי האָט זיך מיט ווילדען כעס א וואָרף געטהאָן אויף איהר אומגליקליך קליידעל. אין איין רגע האָט זי עס צוריסען שיער אויף פיצלעך. ווען זי האָט געענדיגט איז זי געווען אזוי בלאַס, אז זי איז קוים געשטאַנען אויף אָנ'אָרט. איך האָב מיט פאַרוואונדערונג געקוקט אויף איהר ווילדקייט. און זי האָט געקוקט אויף מיר מיט א מין אויס־רופענדיגען בליק, גלייך איך וואָלט אויך געווען אין עפּעס שולדיג גע־גען איהר. נאָר איך האָב שוין געוואוסט, וואָס איך האָב צו טהאָן.

איך האָב בעשלאָסען, אָהן אָבלעגעכץ, נאָך היינט אין דער פריה צו קויפען איהר א נייע קליידעל. אויף דעם ווילדען, צורייצטען בעשע־פעניש האָט מען בעדאַרפט ווירקען מיט גוטען. זי האָט אויסגעזעהן אזוי, ווי זי וואָלט קיינמאָל קיין גוטע מענשען ניט געזעהען. אויב זי האָט שוין איינמאָל, ניט קוקענדיג אויף דער שרעקליכער שטראָף, צו־ריסען אויף פיצלעך איהר ערשט קליידעל, אויך אזעלכעס, טאָ מיט וואָס פאַר א צאָרן האָט זי בעדאַרפט דערויף קוקען איצטער, ווען עס האָט זי דערמאָנט אזא שרעקליכע ערשט ניט לאַנג פאַרגאַנגענע מינוט.

אויפ'ן מאַרק האָט מען געקענט זעהר ביליג קויפען א גאַנץ שעהן און איינפאַכען קליידעל. די צרה איז געווען די, וואָס איך האָב אין דער מינוט כמעט אינגאַנצען קיין געלט ניט געהאַט. נאָר איך האָב שוין מיט א טאָג פריהער, ווען איך האָב מיך נעכטען געלעגט שלאָפען, בעשלאָ־סען צו געהן אויף איין אָרט, וואו עס איז געווען א האָפענונג צו קריע־גען געלט, און עס איז פּונקט אויסגעקומען צו געהן אין דער אייגענער זייט, וואו דער מאַרק איז. איך האָב גענומען דעם הוט. העלענאַ האָט מיר אויפמערקזאַם נאָכגעקוקט, גלייך זי וואָלט אויף עפּעס געוואַרט.

— איהר וועט מיך ווידער פאַרמאַכען? — האָט זי געפרעגט, ווען איך האָב מיך גענומען צום שליסעל, אום צו פאַרשליסען הינטער זיך די טהיר, אזוי ווי נעכטען און אייערנעכטען.

— מיין פריינד, — האָב איך געזאָגט, צוגעהענדיג צו'ן איהר, — זייט ניט בייז דערפאַר. איך פאַרמאַך דערפאַר, ווייל עס קען אימיצער קומען. דו ביזט דאָך קראַנק, און קענסט דיך נאָך דערשרעקען, און גאָט ווייסט, ווער עס וועט נאָך קומען, אפשר וועט דער בובנאָוואַ'ן איינפאַ־לען צו קומען.

איך האב דאס איהר אומיסטעז געזאגט. איך האב זי פארמאכט, ווייל איך האב איהר ניט געטרויט. מיר האט זיך אויסגעוויזעז, אז איהר וועט פלוצלונג איינפאלעז אוועקצוגעהן פון מיר. ביז א צייט האב איך בעשלאסען צו זיין פארזיכטיגער. העלענא האט געשוויגעז, און איך האב זי טאקע דאס מאל אויך פארמאכט.

איך האב געקענט א געוויסען פארלעגער, וואס האט שוין דאס דריטע יאהר ארויסגעגעבען א בוך אין א סך בענדער. ביי איהם האב איך אפט בעקומען ארבייט, ווען איך האב אויף שנעל בעדארפט פארדיענען אביסעל געלט. געצאהלט האט ער פינקטליך. איך בין אוועק צו'ן איהם און עס האט זיך מיר איינגעגעבען צו קריגען פינפאונצוואנציג רובעל פאראויס, מיט א פארפליכטונג צוצושטעלען אין א וואך ארום א קאמפילאטיווען ארטיקעל. נאר איך האב געהאפט אויסצונוצען די צייט אויף מיין ראמאז. דאס האב איך אפטמאל געטהאן, ווען עס איז געקומען אן אויסערליכע נויט.

בעקומען געלט, בין איך אוועק אויפ'ן מארק. דארט האב איך שנעל אויפגעזוכט א בעקאנטע אלטע הענדלערקע, וואס האט פארקויפט אלערליי שמאטעס. איך האב איהר אבגע'משל'ט העלענא'ס וואוקס, און זי האט מיר אין איין אויגענבליק אויסגעקליבען א העל ציצען און גאנץ שטארק קליידעל, וואס איז מעהר ווי איינמאל ניט געוואשען געווארעז, פאר א גאר ביליגען פרייז. אין איין וועגס האב איך שוין פארכאפט א טיכעל אויפ'ן האלז אויך. בעצאהלענדיג, האב איך א טראכט געטהאן, אז העלענא דארפט דאך האבען עפעס א שובעלע, א מאנטעלע אדער עפעס פון דעם סארט. וועטערען זיינען געשטאנען קאלטע און זי האט קיין זאך ניט געהאט. נאר איך האב אבגעלעגט דאס צו קויפען אויף אנ'אנדערם מאל. העלענא האט זיך אזוי לייכט באליידיגט, זי איז געוועז אזא שטאלצע. גאט ווייסט, ווי זי וועט נאך דאס קליידעל אננעמען, ניט קוקענדיג אויף דעם, יואס איך האב אויסגעקליבען, אז עס זאל זיין וואס מעגליך איינפאכער און זאל זיך ניט ווארפען אין די אויגען, דאס וואכעדיגסטע וואס מען האט נאר געקענט אויסקלויבען. איבריגענס, איך האב דאך געקויפט צוויי פאר גארענע זאקען און איין פאר וואלענע. דאס האב איך איהר געקענט אוועקגעבען אונטער'ן אויסרייד, אז זי איז קראנק און אין שטוב איז קאלט. זי האט אויך בעדארפט וועש. נאר דאס אלץ האב איך

איבערגעלאזט ביז דאמאלס, ווען איך וועל מיך מיט איהר נעהנטער בע־קענען. דערפאר אבער האב איך געקויפט אן אלט פוירהאנגעל צום בעט, — א זאך, וועלכע מען דארף אומבעדינגט און וועלכע האט געקענט העלענא׳ן פארשאפען א גרויס פארגעניגען.

מיט דעם אלעם בין איך אהיימגעקומען שוין איינס א זייגער ביי־טאג. מיין שלאס האט זיך געעפענט, אז מען האט כמעט ניט געהערט, אזוי אז העלענא האט ניט באלד דערהערט, אז איך בין צוריקגעקו־מען. איך האב בעמערקט, אז זי איז געשטאנען ביים טיש און האט איבערגעקליבען מיינע ביכער און פאפירען. נאר דערהערענדיג מיך, האט זי האסטיג געטהאן א קלאפ צו דאס בוך, וואס זי האט געהאל־טען אין לעזען און איז אוועקגעגאנגען פונ׳ם טיש אינגאנצען רויט ווערענדיג. איך האב א קוק געטהאן אין דעם בוך; דאס איז געווען מיין ערשטער ראמאן, ארויסגעגעבען אין א בעזונדער ביכעל און וואס אויפ׳ן טיטעל־בלאט דערפון איז געשטאנען מיין נאמען.

— דא האט אימיצער געקלאפט, ווען איהר זענט ניט געווען,— האט זי געזאגט מיט אזא טאן, ווי זי וואלט זיך גערייצט מיט מיר: הא, פארוואס האט איהר פארשלאסען?

— אויב ניט אמאל דער דאקטאר, — האב איך געזאגט; — דו האסט ניט געפרעגט, העלענא?

— ניין.

איך האב ניט געענטפערט, גענומען דאס פעקיל, אויפגעבונדען עס און ארויסגענומען דאס געקויפטע קליידעל.

— אט, מיין פריינד העלענא, — האב איך געזאגט, צוגעהענדיג צו׳ן איהר, — אין אזעלכע טראנטעס, ווי דו געהסט איצטער, קען מען ניט געהן. און איך האב דיר געקויפט א קליידעל א וואכעדיגס, זעהר א ביליגס, אזוי אז דו מעגסט זיין גאנץ רוהיג; עס קאסט אינ־גאנצען א רובעל מיט צוואנציג קאפיקעס; טראג עס געזונט.

איך האב אנידערגעלעגט דאס קלייד נעבען איהר. זי האט אויפגע־פלאמט און געקוקט אויף מיר א געוויסע צייט מיט גרויסע אפענע אויגען.

זי איז געווען זעהר שטארק פארוואונדערט און דערביי, האט זיך מיר אויסגעוויזען, האט זי זיך שרעקליך פאר עפעס געשעהמט. נאר עפעס ווייכעס, צערטליכעס האט זיך אנגעצונדען אין איהרע אויגען. זע־

הענדיג, אז זי שווייגט, האב איך מיך אויסגעדרעהט צום טיש. איך האב געזעהען, אז זי איז ערשטוינט געווארען פון דעם וואס איך האב גע־טהאן. נאר זי האט זיך מיט אנשטרענגונג בעהערשט און איז געזעסען מיט אראבגעלאזטע אויגען צו דער ערד.

מיין קאפ האט מיר וועה געטהאן און האט זיך געדרעהט אלץ מעהר און מעהר. די פרישע לופט האט מיר ניט געבראכט די מינדסטע נוצען. דערווייל האט מען בעדארפט געהן צו נאטאשא'ן. מיין אומ־רוהיגקייט וועגען איהר האט זיך ניט פארקלענערט פונ'ם נעכטיגען טאג אן, פארקערט, זי איז געוואקסען אלץ מעהר און מעהר. פלוצלונג האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז העלענא האט מיך גערופען. איך האב מיך אומגעדרעהט צו'ן איהר.

— ווען איהר געהט אוועק, פארמאכט מיך ניט, — האט זי ארויסגערעדט קוקענדיג אין א זייט און ציהענדיג מיט א פינגערעל די פראנזען פון דער קאנאפע, גלייך זי וואלט איינגאנצען געוועהן פארנו־מען מיט דער ארבייט. — איך וועל פון אייך אין ערגעץ ניט אוועק־געהן.

— גוט, העלענא, איך בין צופריעדען. נאר אויב עס וועט קומען אימיצער א פרעמדער? כ'ווייס, גאט ווייסט ווער?

— טא לאזט מיר איבער דעם שליסעל, און איך וועל מיך פאר־מאכען פון אינעווייניג; און אז מען וועט קלאפען, וועל איך זאגען: נישטא אין דערהיים. — און זי האט שעלמיש א קוק געטהאן אויף מיר, ווי זי וואלט געזאגט: „אט ווי פראסט די זאך מאכט זיך!"

— ווער וואשט אייך וועש? — האט זי פלוצלונג געפרעגט, איי־דער איך האב איהר צייט געהאט עפעס צו ענטפערען.

— דא אין דעם הויז איז פארהאן א פרוי.

—איך קען וואשען וועש. און וואו האט איהר נעכטען גענומען עסען?

— אין א רעסטאראציע.

— איך קען קאכען אויך. איך וועל אייך קאכען עסען.

— גענוג, העלענא; נו וואס קענסטו דארט קאכען? דו רעדסט דאס אלץ ניט צו דער זאך...

העלענא איז שטיל געבליבען און פארטראכט זיך. עס האט זי

ווייזט אויס, געקרענקט מיין בעמערקונג. עס זיינען פאַרביי אַמוועי־ניגסטענס א מינוט צעהן; מיר האָבען ביידע געשוויגען.

— זופּ, — האָט זי פּלוצלונג געזאָגט, ניט אויפהייבענדיג דעם קאָפּ.

— וואָס הייסט זופּ? וואָס פאַר א זופּ? — האָב איך געפרעגט און געוואונדערט זיך.

— זופּ קען איך קאָכען. איך האָב געקאָכט פאַר דער מאַמעשי, ווען זי איז קראַנק געווען. איך בין אין מאַרק אריין אויך געגאַנגען.

— אָט זעהסטו, העלענאַ, אָט זעהסטו, ווי שטאָלץ דו ביזט, — האָב איך געזאָגט, צוגעהענדיג צו'ן איהר און זעצענדיג זיך נעבען איהר אויף דער קאַנאַפּע. — איך בעגעה מיך מיט דיר, ווי מיין האַרץ הייסט מיך. דו ביזט איצט אַליין, אָהן איינענע, אַנ'אומגליקליכע. איך וויל דיר העלפען. אַזוי וואָלסטי מיר אויך געהאָלפען, ווען מיר וואָלט געווען שלעכט. נאָר דו ווילסט אַזוי ניט טראַכטען, און אָט איז דיר שווער אָנצונעמען פון מיר די איינפאַכסטע מתנה. דו ווילסט באַלד דערפאַר בעצאָהלען, פאַרדינענען, גלייך איך בין די בובנאָווא און וואַרף דיר פאָר. אויב דאָס איז אַזוי, דאַרפסטו דיך שעהמען, העלענאַ.

זי האָט ניט געענטפערט, איהרע ליפּען האָבען געציטערט. דוכט זיך, אַז זי האָט מיר געוואָלט עפּעס זאָגען, נאָר זי האָט זיך געשטאַרקט און געשוויגען. איך בין אויפגעשטאַנען צו געהן צו נאַטאַשע'ן. דאָס מאָל האָב איך איבערגעלאָזט העלענאַ'ן דעם שליסעל און האָב זי גע־בעטען, אַז אויב אימיצער וועט קומען און וועט קלאַפּען, זאָל זי זיך אָנרופען און פרעגען: ווער איז עס? איך בין געווען פאָלשטענדיג אי־בערצייגט, אַז מיט נאַטאַשע'ן איז געשעהען עפּעס זעהר ניט קיין גוטס, און וועלכעס זי בעהאַלט פון מיר ביז א צייט, ווי עס איז שוין ניט איינמאָל געוועזען צווישען אונז. יעדענפאַלס האָב איך בעשלאָסען אריינצוגעהן צו'ן איהר נאָר אויף איין מינוט, אַז ניט האָב איך זי געקענט בייז מאַכען מיט מיין צודרינגליכקייט.

און אַזוי איז עס געשעהען. זי האָט מיך ווידער בעגעגענט מיט אַנ'אומצופריעדענעם, שאַרפען בליק. מען האָט בעדאַרפט באַלד אַוועקגעהן, און מיר האָבען זיך די פיס אונטערגעהאַקט.

— איך בין געקומען צו דיר אויף א מינוט, נאַטאַשאַ, — האָב איך אָנגעהויבען, — זיך אַנ'עצה האַלטען: וואָס זאָל איך טהאָן מיט

מיין נאסט? — און איך האב איהר אנגעהויבען געשווינדער דער־צעהלען וועגען העלענא'ן. נאטאשא האט מיך אויסגעהערט שוויי־גענדיג.

— איך וויים דיר ניט וואס פאר אן עצה צו געבען, וואניא, — האט זי געענטפערט. — מען זעהט אן לויט יעדער זאך, אז דאס איז א גאר מאדנע בעשעפעניש. קען זיין, זי איז געוועזען זעהר באליידיגט, זעהר אנגעשראקען. לאז זי אמוועניגסטענס, געזונט ווערען. דו ווילסט זי געבען צו אונזערע?

— זי רעדט אלץ, אז זי וועט פון מיר אין ערגיץ ניט אוועקגעהן. און גאט ווייסט, ווי מען וועט זי דארט אויפנעמען, אזוי, אז איך וויים ניט. נו וואס, מיין פריינד, וואס מאכסטו? דו ביזט נעכטען געווען עפעס ניט געזונט? — האב איך זי געפרעגט ניט דרייסט.

— יא... מיר טהוט עפעס היינט אויך דער קאפ וועה, — האט זי געענטפערט, צוטומעלט. — האסטו ניט געזעהען אימיצען פון אונ־זערע?

— ניין. מארגען נעה איך אריין. מארגען איז דאך שבת.

— איז וואס?

— אין אוונד וועט זיין דער קניאז...

— איז וואס? איך האב ניט פארגעסען.

— ניין, איך זאג עס דאך נאר אזוי...

זי האט זיך אבגעשטעלט גלייך אנטקעגען מיר און האט מיר לאנג און פעסט געקוקט אין די אויגען אריין. אין איהר בליק איז גע־ווען עפעס אנ'ענטשלוס, עפעס א פאר'עקשנ'טקייט; עפעס פיעבער־האפטעס, היציגעס.

— ווייסטו וואס, וואניא, — האט זי געזאגט, — זיי אזוי גוט און נעה אוועק פון מיר, דו שטערסט מיר זעהר...

איך בין אויפגעשטאנען פון דער שטוהל און האב מיט א פאר־וואונדערונג ניט צום אויסדריקען געקוקט אויף איהר.

— נאטאשא, מיין פריינד! וואס איז מיט דיר? וואס איז גע־שעהען? — האב איך א געשריי געטהאן אין שרעק.

— עס איז גארנישט געשעהען! אלץ, אלץ וועסטו מארגען גע־וואר ווערען, און אצינד וויל איך זיין אליין. דו הערסט, וואניא: נעה באלד אוועק. מיר איז אזוי שווער, אזוי שווער צו קוקען אויף דיר!

— אבער זאג מיר, וועניגסטענס...

— אלץ, אלץ וועסטו מארגען געוואר ווערען! א, מיין גאט! וועסטו אוועקגעהן?

איך בין ארויסגעגאנגען. איך בין געוועזן אזוי ערשטוינט, אז איך האב מיך קוים געדענקט. מאווראַ איז ארויסגעשפרונגען נאך מיר אין הויז אריין.

— וואס, זי איז ברוגז? — האט זי מיך געפרעגט. — איך האב שוין מורא צוצוטרעטען צו'ן איהר.

— וואס איז דען מיט איהר אזוינס?

— וואס? דאס וואס א ו נ ז ע ר ע ר האט שוין דא דעם דריטען טאג די נאז ניט געוויזען!

— ווי אזוי דעם דריטען טאג? — האב איך געפרעגט אויסער זיך, — זי האט דאך נעכטען אליין געזאגט, אז ער איז נעכטען אין דער פריה געוועזן, און האט נאך נעכטען אוועגד געוואלט קומען צו־פאהרען...

— וואס פאר אנ'אוועגד! ער איז אין דער פריה אויך אינגאנצען ניט געוועזן! איך זאג דאך דיר, פון אייערנעכטען אן ווייזט ער זיך אויף די אויגען ניט. האט זי טאקע נעכטען אליין געזאגט, אז ער איז געוועזן אין דער פריה?

— זי האט עס אליין געזאגט.

— נו, האט מאווראַ געזאגט א פארטראכטע, — הייסט עס, אז עס טהוט איהר שוין גוט וועה, ווען זי וויל זיך שוין פאר דיר ניט מודה זיין, אז ער איז ניט געוועזן. נו, זעהר וואויל!

— וואס זשע איז דאס אזוינס? — האב איך א געשריי געטהאן.

— עס איז אזוינס, אז איך ווייס ניט וואס צו טהאן מיט איהר,— האט מאווראַ ווייטער גערעדט, צושפרייטענדיג די הענט. — נעכטען האט זי מיך שוין געהאט געשיקט צו'ן איהם, נאר זי האט מיך צוויי מאל פון וועג צוריק גערופען. און היינט וויל זי שוין מיט מיר ניט רעדען. וואלסטו איהם כאטש געזעהן. איך האב שוין מורא אבצו־טרעטען פון איהר.

אויסע־ זיך האב איך מיך א לאז געטהאן אראב פון די שטיעגען.

— אין אוועגד וועסטו זיין ביי אונז? — האט מיר מאווראַ נאכ־געשריגען.

— דאס וועלען מיר שוין זעהען, — האב איך געענטפערט פון וועג.
— איך וועל, קען זיין, בלויז אריינלויפען צו דיר און פרעגען: וואס און ווי? אויב איך וועל נאר אליין לעבען.
איך האב ווירקליך דערפיהלט, אזוי ווי עס וואלט מיר א זעץ געטהאן אין סאמע הארצען.

---

## צעהנטער קאפיטעל.

איך בין אוועק גלייך צו אליאשא׳ן. ער האט געוואוינט ביים פאטער אויף דער קליינער ים־גאס. דער קניאז האט געהאט א גענוג גרויסע דירה, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ער האט געוואוינט אליין. אליאשא האט פארנומען אין דער דירה צוויי פּראכטפולע צימערען. איך בין זעהר זעלטען געוועזן ביי איהם, ביז דעם מאל, דאכט זיך אינגאנצען, איין מאל. נאר ער פלעגט אריינגעהן צו מיר עפטער, בעזונדערס אין אנהויב, די ערשטע צייט פון זיין פארבינדונג מיט נאטאשא׳ן.
ער איז ניט געוועזן אין דערהיים. איך בין גלייך אריין אין דעם טייל, וואו ער האט געוואוינט און האב אנגעשריבען אזא בריוועל:
„אליאשא, איהר זענט, דאכט זיך, משוגע געווארען. אזוי ווי דינסטאג אווענד האט אייער פאטער אליין געבעטען נאטאשא׳ן, אנצוטהאן אייך דעם כבוד צו זיין אייער פרוי, איהר האט דאך אייך מיט דער ביטע געפרעהט, איך בין אליין אן עדות, דאן וועט איהר דאך אליין איינשטימען, אז אייער אויפפיהרונג אין דעם איצטיגען פאל איז אביסעל מאדנע. צי ווייסט איהר וואס איהר טהוט מיט נאטאשא׳ן? יעדענפאלס וועט אייך מיין צעטעלע דערמאנען, אז אייער אויפפיהרונג געגען אייער צוקונפטיגער פרוי איז אין העכסטען גראד אומווירדיג און לייכטזיניג. איך ווייס גאנץ גוט, אז איך האב ניט קיין שום רעכט צו לעזען אייך לעקציעס, נאר איך לעג ניט דערויף די מינדסטע אויפמערקזאמקייט.
**פּ. ס. וועגען דעם דאזיגען בריעף ווייסט זי נאר׳נישט, און ניט זי אפילו האט מיר געזאגט וועגען אייך.“**

איך האָב פאַר׳חתמ׳עט דאָס צעטעלע און האָב עס איבערגעלאָזט ביי איהם אויפ׳ן טיש. אויף מיין פראַגע האָט דער דיענער געענטפערט, אַז אַלעקסעי פּיעטראָוויטש איז כמעט איינגאַנצען נישטאָ אין דער־היים, און אַז איצטער יועט ער זיך אויך ניט פריהער אומקעהרען ווי ביינאַכט, פאַרטאָג.

איך בין קוים דערגאַנגען אהיים. דער קאָפּ האָט זיך מיר גע־דרעהט. די פיס זיינען מיר געוואָרען אָבגעשוואַכט און האָבען געציטערט. מיין טהיר איז געווען אָפען. ביי מיר איז געזעסען ניקאָלאַי סערגעאיטש איכמעניעוו און האָט געוואַרט אויף מיר. ער איז געזעסען ביים טיש און האָט שווייגענדיג, מיט פאַרוואונדערונג געקוקט אויף העלענאַ׳ן, וועלכע האָט אויך מיט ניט קיין קלענערער פאַרוואונדערונג איהם בעטראַכט, כאָטש זי האָט פאַר׳עקשנ׳ט געשוויגען. נו־נו, האָב איך א טראַכט געטהאָן, — זי דאַרף זיך איהם אויסווייזען מאָדנע.

— אָט, ברודער, א גאַנצע שעה וואַרט איך אויף דיר און, איך בין דיר מודה, איך האָב עס אויף קיין פאַל ניט ערוואַרט... דיך אַזוי צו געפינען, — האָט ער ווייטער גערעדט, אומקוקענדיג זיך אינ׳ם צי־מער און אומבעמערקט ווינקענדיג צו מיר אויף העלענאַ׳ן. אין זיינע אויגען האָט זיך אָבגעשפּיגעלט ערשטוינונג. נאָר איינקוקענדיג זיך אין איהם נעהנטער, האָב איך בעמערקט אין איהם שמערץ און טרויע־ריגקייט. זיין פּנים איז געווען בלייכער ווי געוועהנליך.

— זעץ דיך נאָר, זעץ דיך, — האָט ער ווייטער גערעדט, מיט א פאַרזאָרגטען און פאַר׳צרה׳טען אויסזעהן, — איך האָב מיך געאיילט צו דיר, עפּעס א געשעפט; אָבער וואָס איז מיט דיר? דו זעהסט דאָך שרעקליך אויס.

— איך בין ניט געזונט. פון דער פריה אָן דרעהט זיך מיר דער קאָפּ.

— זעה נאָר, דאָס דאַרף מען ניט פאַרנאַכלעסיגען. האָסט דיך פאַרקיהלט, וואָס?

— ניין, א נערוועזער אָנפאַל. דאָס טרעפט זיך ביי מיר טייל־מאָל. צו זענט איהר נאָר געזונט?

— גאָרנישט, גאָרנישט! ס׳איז נאָר אַזוי, פון היציגקייט. איך האָב עפּעס א זאַך. זעץ דיך.

איך האָב צוגערוקט א שטוהל און האָב מיך געזעצט מיט׳ן פּנים

צו'ן איהם ביים טיש. דער אלטער האט זיך לייכט איינגעבויגען צו מיר און אנגעהויבען האלב־שטיל:

— זעה נאר, קוק ניט אויף איהר און מאך א פנים ווי מיר וואל־טען גערעדט וועגען א זייטיגער זאך. וואס איז דאס פאר א גאסט די וואס זיצט ביי דיר?

— שפעטער וועל איך אייך אלץ ערקלעהרען, ניקאלאי סערגע־איטש. דאס איז אנ'ארעם מיידעלע, א פאלשטענדיגער יתום, אנ'אייני־קעל פון דעם אייגענעם כמיט, וועלכער האט דא פריהער געוואוינט און איז געשטארבען אין דער קאנדיטאריי.

— אזוי, האט ער געהאט אנ'אייניקעל אויך! נו, ברודער, א מאדנע מיידעל איז דאס! ווי זי קוקט, ווי זי קוקט! איך זאג דיר פשוט: נאך א מינוט פינף ווען דו קומסט ניט, וואלט איך דא ניט אויסגעזעסען. האט קוים געעפענט און ביז איצטער קיין ווארט ניט אויסגערעדט; ס'איז פשוט א שרעק מיט איהר, אויף קיין מענשליך בעשעפעניש ניט עהנליך. און ווי אזוי קומט זי אהער? א, איך פאר־שטעה: מן הסתם געקומען צום זיידען, האט ניט געוואוסט, אז ער איז געשטארבען?

— יא. זי איז געווען זעהר אומגליקליך. דער אלטער האט נאך שטארבענדיג דערמאנט אן איהר.

— הם! וואס פאר א זיידע, אזא אייניקעל! שפעטער וועסטו מיר דאס אלץ דערצעהלען. אפשר וועט מען קענען העלפען מיט עפעס, וועט מען שוין זעהן העלפען, אויב זי איז שוין אזא אומגליקליכע... נו, און איצטער, ברודער, צי קען מען איהר ניט זאגען, אז זי זאל אוועק־געהן, דערפאר ווייל איך דארף מיט דיר ערנסט איבררעדען.

— אוועקצוגעהן האט זי אבער ניט וואו. זי וואוינט טאקע דא.

איך האב דעם אלטען ערקלעהרט וואס איך האב געקענט אין צוויי ווערטער, צוגעבענדיג, אז מען קען רעדען פאר איהר אויך, ווייל זי איז א קינד.

— נו, יא.. אודאי, א קינד. נאר דו, ברודער, האסט מיך איבער־ראשט. זי וואוינט מיט דיר, פאטער אין הימעל!

און דער אלטער האט אין ערשטוינונג נאך אמאל א קוק געטהאן אויף איהר. העלענא, פיהלענדיג, אז מען רעדט וועגען איהר, איז גע־זעסען שוויינענדיג אנגעבויגען דעם קאפ און געצופט מיט די פינגער־

לעך די פראַנזען פון דער קאַנאַפּע. זי האָט שוין בעוויזען אָנצוטהאָן דאָס נייע קליידעל, וואָס האָט זיך איהר גראַד געפּאַסט. איהרע האָר זיינען געוועזען צוגעלעגט בעסער ווי געוועהנליך, קען זיין, צוליעב דעם נייעם קלייד. אין אַלגעמיין, ווען ניט די מאָדנע ווילדקייט פון איהר בליק, וואָלט זי געווען אַ גאָר אַנגענעהם מיידעלע.

— קורץ און שאַרף, ברודער, אָט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך,— האָט דער אַלטער ווידער אָנגעהויבען. — אַ לאַנגע זאַך, אַ וויכטיגע זאַך...

ער איז געזעסען אָנגעבויגען, מיט דעם וויכטיגען אויסזעהען פון איינעם, וואָס בעגרייפט אַלץ און, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט זיך געאיילט און אויף זיין „קורץ און שאַרף", האָט ער דאָך ניט געפונען קיין ווערטער, מיט וועלכע ער זאָל אָנהויבען רעדען. וואָס וועט דאָ זיין? — האָב איך געטראַכט.

— זעהסטו, וואַניאַ, איך בין געקומען צו דיר דיך בעטען אַ גאָר גרויסע טובה. נאָר איידער... אַזוי ווי איך פאַרשטעהע איצטער אַליין, וואָלט מען דיר בעדאַרפט ערקלערען אייניגע אומשטענדען... זעהר ניט קיין גלאַטיגע אומשטענדען...

ער האָט אָבגעהוסט און אַזוי ווי אומגערן אַ קוק געטהאָן אויף מיר; אַ קוק געטהאָן און רויט געוואָרען: רויט געוואָרען און בייז געוואָרען אויף זיך פאַרוואָס ער האָט קיין ווערטער ניט געפינען; איז בייז געוואָרען און האָט זיך ענטשלאָסען:

— נו, וואָס איז דאָ נאָך דאָ וואָס צו ערקלערען! פאַרשטעהסט אַליין! גאַנץ פּשוט, איך רוף אַרויס דעם קניאַז אויף אַ דועל, און דיך בעט איך דו זאָלסט דאָס איינאָרדענען און זיין מיין סעקונדאַנט.

איך האָב מיך דערלאַנגט אַ רוק צוריק אויפ'ן אָנלעהן פונ'ם שטוהל און האָב געקוקט אויף איהם אויסער זיך פון ערשטוינונג.

— נו, וואָס קוקסטו! איך בין דאָך ניט משוגע געוואָרען.

— אָבער, ערלויבט, ניקאָלאַי סערגעאיטש! וואָס איז דער אויס־רייד, וואָס איז דער צוועק? און, צום סוף, ווי אַזוי איז דאָס מעגליך...

— אַנ'אויסרייד! אַ צוועק! — האָט דער אַלטער אַ געשריי געטהאָן, — אויסגעצייכענט!...

— גוט, גוט, איך וויים וואָס איהר וועט זאָגען; אָבער וואָס וועט

איהר העלפען מיט דעם? וואָס פאַר אַנ׳אויסגאַנג שטעלט דער דועל פאַר? איך בין אייך מודה, איך פאַרשטעה קיין זאַך נים.

איך האָב מיך דערלאַנגט אַ רוק צוריק אויפ׳ן אָנלעהן פונ׳ם שטוהל שטעהן. הער: אונזער פּראָצעס איז געענדיגט (דאָס הייסט ער וועט זיך די טעג ענדיגען; עס בלייבען בלויז די פּוסטע פאָרמאַליטעטען); איך בין ערקלערט שולדיג. איך דאַרף בעצאָהלען ביז צעהן טויזענד; אזוי האָט מען גע׳משפּט. פאַר דעם געלט איז פאַראַנטוואָרטליך אייכמעניעווקע. איצטער אַלזאָ איז דער נידערטרעכטיגער מענש פאַרזאָרגט מיט זיין געלט, און איך, פאַרלאָזענדיג אייכמעניעווקע, האָב דער־מיט בעצאָלט און ווער אַ זייטיגער מענש. אַ דאָ הייב איך עס אויף דעם קאָפּ. אזוי און אזוי, מיין געעהרטער קניאַז, איהר האָט מיך באַליי־דיגט צוויי יאָהר; איהר האָט בעשמוצט מיין נאָמען, דעם כבוד פון מיין משפּחה, און איך האָב דאָס אַלץ געמוזט איבערטראָגען! איך האָב אייך דאַמאָלס ניט געקענט ארויסרופען אויף קיין דועל! איהר וואָלט מיר דאַמאָלס גלייך געזאָגט: „אַ, דו כיטרער מענש, דו ווילסט מיך דער׳הרג׳ענען, כדי מיר ניט צו בעצאָהלען דאָס געלט, וואָס דו פיהלסט פריהער, אז מען וועט דיך פאַר׳משפּט׳ען מיר צו בעצאָהלען, פריהער צי שפּעטער! ניין, פריהער וועלען מיר זעהען, ווי דער פּראָצעס וועט זיך ענדיגען, און דערנאָך אַ רוף ארויס". איצטער, געעהרטער קניאַז, איז דער פּראָצעס געענדיגט, איהר זענט פאַרזאָרגט, אַלזאָ זיינען נישטאָ קיין שום שטערונגען, און דערפאַר צי ווילט איהר ניט אזוי גוט זיין און ארויסקומען אהער צו דער באַריער. אָט אין וואָס עס געהט. וואָס זשע, לויט דיין מיינונג האָב איך ניט אַ רעכט שוין אַמאָל זיך נוקם צו זיין פאַר זיך, פאַר אַלץ, פאַר אַלץ!

זיינע אויגען האָבען געפינקעלט. איך האָב לאַנג געקוקט אויף איהם אָהן ווערטער. מיר האָט זיך געוואָלט אריינדרינגען אין זיין בע־האַלטענעם געדאַנק.

— הערט, ניקאָלאַי סערגעאיטש, — האָב איך געענטפערט, ענד־ליך בעשליסענדיג זיך צו זאָגען דאָס וויכטיגסטע וואָרט, אָהן וועל־כעז מיר וואָלטען איינער דעם אנדערען ניט פאַרשטאַנען. — קענט איהר זיין מיט מיר פאָלשטענדיג אָפענהערציג?

— איך קען, — האָט ער געענטפערט מיט פעסטקייט.

— זאָגט זשע גלייך: איז עס נאָר בלויז דאָס געפיהל פון נקמה,

וואָס זאָגט אייך אונטער איהם ארויסצורופען, אדער איהר האָט נאָך אנדערע צוועקען אין זינען?

— וואַניאַ, — האָט ער געענטפערט, — דו ווייסט, אז איך ערלויב קיינעם ניט אין א שמועס מיט מיר צוצוריהרען זיך צו געוויסע פונקטען; נאָר דאָס איצטיגע מאָל מאָך איך אנ'אויסנאַהם, דערפאַר ווייל דו מיט דיין קלאָרען שכל האָסט גלייך געטראָפען, אז דעם דאָזי־גען פונקט ארומגעהן איז אומעגליך. יאָ, איך האָב נאָך אנ'אנדערען צוועק. דער צוועק איז: צו ראַטעווען מיין פארלוירענע טאָכטער, און זי אראָבצופיהרען פון דעם שרעקליכען וועג, אויף וועלכען עס שטעלען זי איצטער די לעצטע אומשטענדען.

— אָבער ווי אזוי וועט איהר זי ראַטעווען מיט דעם דועל, אָט איז די פראַגע?

— דערמיט וואָס איך וועל שטערען דעם אלעם, וואָס פארציהט זיך איצטער דאָרט. הער: מיין ניט, אז אין מיר רעדט עפּעס דאָרט א פאָטערליכע צערטליכקייט און ענליכע שוואַכקייטען. דאָס אלץ איז אומזין! דאָס אינווענינגסטע פון מיין הארץ ווייז איך קיינעם ניט. דו ווייסט עס אויך ניט. די טאָכטער האָט מיך פארלאָזט, איז אוועק פון מיין הויז מיט א געליעבטען, און איך האָב זי ארויסגעריסען פון מיין הארץ, ארויסגעריסען איינמאָל פאר אלע מאָל, אין יענעם אייגענעם אָווענד — געדענקסט? אויב דו האָסט מיך געזעהען א וויינענדיגען איבער איהר בילד, מיינט דאָס נאָך ניט, אז איך וויל איהר מוחל זיין. איך האָב איהר דאַמאָלס אויך ניט מוחל געווען. איך האָב געוויינט אויף דעם פארלוירענעם גליק, אויף דעם אומזיסטיגען חלום, נאָר ניט אויף איהר, ווי זי איז איצטער. קען זיין, אז איך וויין נאָך אָפט; איך שעהם מיך ניט זיך מודה צו זיין אין דעם, פונקט אזוי ווי איך שעהם מיך ניט מודה צו זיין זיך, אז איך האָב פריהער ליעב געהאַט מיין קינד מעהר פון אלעם אין דער וועלט. דאָס אלץ, זעהט זיך אויס, איז אין ווידערשפּרוך מיט דעם וואָס איך וויל איצטער טהאָן. דו קענסט מיר זאָגען: אויב אזוי, אויב איהר זענט גלייכגילטיג צום גורל פון דער, וועלכע איהר האַלט שוין ניט פאר אייער טאָכטער, צו וואָס זשע מישט איהר אייך אין דעם, וואָס דאָרטען פארציהט זיך איצט? ענטפער איך: ערשטענס, דערפאַר וואָס איך וויל ניט, אז א נידעריגער און געמיי־נער מענש זאָל זיך פרעהען, און צווייטענס, אויס דעם איינפאַכסטען

געפיהל פון מענשענליעבע. אויב זי איז מיר שוין ניט קיין טאכ־טער, איז זי אבער דאך א שוואך, אומבעשיצט און אבגענארט בעשע־פעניש, וועלכעם מען נארט נאך מעהר אב, כדי, עס אינגאנצען אומ־צוברענגען. אריינפלעכטען זיך אין דער זאך גלייך קען איך ניט, און זייטיג, דורך א דועל, קען איך. אויב מען וועט מיך דער׳הרג׳ענען אדער פארגיסען מיין בלוט, קען עס זיין, אז זי זאל אריבערטרעטען איבער אונזער באריער, און אפשר גאך איבער מיין טויטען קערפער און וועט געהן צו דער חתונה מיט דעם זוהן פון מיין מערדער, אזוי ווי די טאכטער פון יענעם קייסער (געדענקסט, ביי אונז נאך איז געוועזן א ביכעלע, אין וועלכען דו האסט דיך געלערנט לעזען,) וועלכע איז ארי־בערגעפאהרען איבער דעם טויטען גוף פון איהר טאטען אין א רייט־וואגען? און, צום סוף פארשטעהסטו, ווען עס וועט געהן אויף א דועל, וועלען אונזערע קניאזעם אליין ניט וועלען די חתונה. מיט איין ווארט, איך וויל ניט דעם שידוך און איך וועל בענוצען אלע אנשטרענגונ־גען, אז ער זאל ניט פארקומען. האסט מיך פארשטאנען איצטער?

— ניין, אויב איהר מיינט נאטאשא׳ס טובה, טא ווי אזוי ענט־שליעסט איהר אייך צו שטערען איהר שידוך, דאס הייסט, גראד דאס, וואס קען איהר צוריקגעבען איהר גוטען נאמען? זי האט דאך נאך לאנג צו לעבען אויף דער וועלט; זי דארף האבען א גוטען נאמען.

— א שפיי אויף אלע מיינונגען פון דער וועלט, אט וואס זי דארף טראכטען! זי דארף פארשטעהן, אז די גרעסטע חרפה ליעגט פאר איהר אין דעם שידוך, אט אין דעם פארבינדען זיך מיט די געמיינע מענשען, אט מיט דער קלאגעדיגער וועלט. איידעלער שטאלץ — אט איז אנ׳ענטפער צו׳ן איהר וועלט. דאמאלס — קען זיין, וועל איך אויך איינגעהן איהר אויסצושטרעקען די האנט, און מיר וועלען זעהען, ווער עס וועט זיך דאמאלס דערוועגען צו באליידיגען מיין קינד!

אזא פארצווייפעלטער אידעאליזם האט מיך ערשטוינט. נאר מיר איז גלייך איינגעפאלען, אז ער איז אליין געוועזן ניט ביי זיך און האט בערעדט פון היץ.

— דאס איז צו אידעאל, — האב איך איהם געענטפערט, — דערפאר איז עס גרויזאם. איהר פאדערט פון איהר א קראפט, וועלכע איהר האט, קען זיין, איהר ניט געגעבען ווען זי איז געבוירען געווא־רען. און איז זי דען אייגשטימיג אויף דעם שידוך דערפאר, ווייל זי וויל

זיין א קניאז'ס א ווייב? זי ליעבט דאך; דאס איז דאך א ליידענ־שאפט; דאס איז א בעשערטע זאך, און, איבריגענס, איהר פאדערט פון איהר צו פאראכטען די וועלט'ס מיינונג, און אליין בוקט איהר אייך פאר דער דאזיגער מיינונג. דער קניאז האט אייך באליידיגט, האט אייך עפענטליך פארדעכטיגט אין דעם נידעריגען פארלאנג זיך דורך שווינדעל צו פארבינדען מיט זיין יחוס'דיג הויז, און אט טראכט איהר אייך איצטער: אויב זי וועט זיי איצטער אליין אבזאגען, נאך דעם פארמעלען פארשלאג פון זייער זייט, וועט דאס, פארשטעהט זיך, זיין א פאלשטענדיגע און עפענטליכע אבלייקענונג פון דעם פריהע־ריגען בלבול. אט וואס איהר ווילט, איהר בוקט אייך אפילו פאר דעם קניאז'ס מיינונג, איהר ווילט, אז ער זאל זיך אליין מודה זיין אין זיין פעהלער. עס ציהט אייך, אבצולאכען פון איהם, זיך נוקם צו זיין אן איהם, און דערפאר זענט איהר מקריב אייער טאכטער'ס גליק. איז דאס ניט עגאאיזם?

דער אלטער איז געזעסען פינסטער און אנגעכמורעט און האט לאנג ניט געענטפערט קיין ווארט.

— דו ביזט ניט גערעכט צו מיר, וואניא, — האט ער, ענדליך, ארויסגערעדט און טרערען האבען גענומען פינקלען אויף זיינע ברע־מען, — איך שווער דיר, דו ביזט ניט גערעכט, נאר מיר וועלען דאס אבלאזען! איך קען ניט פאר דיר איבערקערען מיין הארץ, — האט ער ווייטער גערעדט, אויפשטעהענדיג און נעמענדיג זיין הוט;—איינס וועל איך דיר זאגען: דו האסט אנגעהויבען רעדען איצט וועגען דעם גליק פון מיין טאכטער. איך הייב אבסאלוט ניט אן צו גלייבען אין דעם גליק, אויסערדעם וואס דער דאזיגער שידוך וועט אהן מיין גרייב־מישען זיך סיי ווי סיי קיינמאל ניט פארקומען.

— וואס הייסט! פארוואס מיינט איהר אזוי? איהר ווייסט אפשר עפעס? — האב איך א געשריי געטהאן מיט נייגעריגקייט.

— ניין, איך ווייס ניט קיין בעזונדערס. נאר דער פארדאמטער פוקס האט זיך ניט געקענט בעשליסען אויף אזא זאך. דאס אלץ איז אונזין, ביטרע שטיק. איך בין איבערצייגט אין דעם, און געדענק מיין ווארט, אז אזוי וועט עס זיין. צווייטענס, ווען דער שידוך זאל אפילו זיין, דאס הייסט, נאר אין אזא פאל, אויב דער פאדלעץ האט זיין בע־זונדערען, בעהאלטענעם, קיינעם ניט בעקאנטען אויסרעכענונג, לויט

וועלכען דער דאזיגער שידוך איז איהם בעקוועם, — אנ'אויסרעכע־גונג, וועלכען איך פארשטעה אבסאלוט ניט, דאן בעשלים אליין, פרעג דיין אייגענן הארץ: וועט זי זיין גליקליך אין דעם שידוך? פארוואור־פען, דערנידעריגונגען, די חבר'טע פון א אינגעל, וואס איהר ליעבע איז איהם שוין איצטער שווער, און ווען ער וועט חתונה האבען — וועט ער באלד אנהייבען ניט צו לעגען קיין אכטונג אויף איהר, זי באליידיגען, דערנידעריגען; אין דער אייגענער צייט דער כח פון ליידענשאפט פון איהר זייט, לויט דער מאס אבקיהלונג פון דער אנדערער: אייפער־זוכט, צרות, א גהינום, א גט, קען זיין, אפילו א פארברעכען... ניין, וואניא! אויב איהר קאכט עם דארטען צונויף, און דו העלפסט נאך צו, זאג איך דיר פאראויס, וועסט דארפען ענטפערען פאר גאט, נאר עס וועט שוין זיין שפעט! זיי געזונט!

איך האב איהם אבגעשטעלט!

— הערט, ניקאלאי סערגעאיטש, לאמיר אזוי בעשליסען: מיר וועלען ווארטען. זייט זיכער, אז קיינעמס אויגען קוקען ניט נאך די זאך און, קען זיין, עס וועט זיך אליין אויפ'ן בעסטען אופן בעשליסען, אהן געוואלד־טאטען און אהן א קינסטליכען סוף, ווי צומביישפיעל, דער דועל. די צייט — איז דער בעסטער בעשליסער! און צום סוף לאזט מיך אייך זאגען, אז אייער גאנצער פראיעקט איז גאר אומעגליך. האט אייך געקענט איינפאלען כאטש אויף איין רגע, אז דער קניאז וועט אננעמען אייער ארויסרוף?

— וואס הייסט ער וועט ניט אננעמען? וואס רעדסטו, ביזט ביים זינען?

— איך שווער אייך, ער וועט ניט אננעמען, און גלויבט מיר, אז ער וועט געפינען א גאנץ גענוגענדען אויסרייד, ער וועט דאס אלץ טהאן מיט א פעדאנטישער וואזשנעקייט, און איהר וועט אין דער צייט בלייבען אנ'אויסגעלאכטער...

— וואס רעדסטו, וואס רעדסטו! דו האסט דאך מיך ווי מיט א דונער דערשלאגען! וואס הייסט, ער וועט ניט אננעמען? ניין, וואַ־ניא, דו ביזט א פאעט: כ'מיין טאקע, אנ'אמת'ער פאעט! וואס זשע, לויט דיין מיינונג, איז ניט אנשטענדיג צו שלאגען זיך מיט מיר? איך בין ניט ערגער פון איהם. איך בין אנ'אלטער מאן, א באליידיגטער פאטער, דו — ביזט א רוסישער ליטעראט, און דערפאר א מענש אויך

בכבוד'יגער, דו קענסט זיין א סעקונדאנט אוז... און... איך פארשטעה שוין ניט, וואס דארפסטו נאָך...

— אט וועט איהר זעהען. ער וועט ברענגען אזעלכע אויסריידען, אז איהר וועט אליין דער ערשטער איינגעפינען, אז פאר אייך שלאָגען זיך מיט איהם איז — אבסאָלוט אומעגליך.

— הום.. גוט מיין פריינד, זאָל זיין, ווי דו זאָגסט! איך וועל איי־בערוואַרטען ביז א געוויסע צייט, פארשטעהט זיך. מיר וועלען זעהען וואס די צייט וועט מאכען. אָבער אָט וואָס, מיין פריינד: גיב מיר דיין וואָרט, אז דו וועסט ניט דערמאָנען קיין וואָרט וועגען אונזער געשפּרעך גיט דאָרט, ניט ביי אננא אנדרעיעוונא'ן.

— איך גיב.

— צווייטענס, וואניא, טהו מיר א טובה, הויב מיט מיר מעהר קיינמאָל ניט אָן צו רעדען וועגען דעם.

— גוט, איך גיב אייך מיין וואָרט.

— און, צום סוף וויל איך דיך נאָך עפּעס בעטען: איך וויים, מיין ליעבער, אז דיר איז אפשר ביי אונז אומעטיג, אבער קום צו'ן אונז וואס עפטער, אויב דו קענסט נאָר. מיין אָרעמע אננא אנדרע־יעוונא האָט דיך אזוי ליעב און... און... ס'איז איהר אזוי אומעטיג אָהן דיר... פארשטעהסט, וואניא?

און ער האָט מיר פעסט געדריקט די האנט. איך האָב איהם פון גאנצען הארצען צוגעזאָגט.

— און איצטער, וואניא,: די לעצטע זאך דו האָסט געלט?

— געלט! — האָב איך איבערגעזאָגט א פארוואונדערטער.

— יא; (און דער אלטער איז רויט געוואָרען און אראבגעלאָזט די אויגען); איך קוק, ברודער, אויף דיין דירה... אויף דיינע אומ־שטענדען... און ווען איך גיב א טראכט, אז דו קענסט נאָך האָבען אנ־דערע עקסטרע אויסגאבען (און איצטער האָסטו זיי טאקע מן הסתם), איז... אָט ברודער, האָסטו הונדערט און פופציג רובעל אויפ'ן ערשטען פאַל...

— הונדערט און פופציג, און נאָך אויפ'ן ערשטען פאַל, דאמאָלס ווען איהר האָט אליין פארלוירען דעם פראָצעס!

— וואניא, ווי איך זעה, פארשטעהסטו מיך גאָר ניט! עס קענען זיין עקסטרא בעדערפנישען, פארשטעה דאָס. אין

אנדערע פאלען העלפט געלט צו אנ'אנאבהענגיגער לאגע, צו אנ'אונ־אבהענגיגען בעשלום. איצטער, קען זיין, דארפסטו ניט, אבער צי דארפסטו ניט עפעס אין דער צוקונפט? יעדענפאלס וועל איך עס ביי דיר איבערלאזען. דאס איז אלץ, וואס איך האב געקענט אנזאמלען. וועסט עס ניט אויסגעבען, וועסטו עס אומקעהרען. און איצטער זיי גע־זונט! גאט מיינער, ווי בלאס דו ביזט! דו ביזט דאך אינגאנצען קראנק...

איך האב מיך ניט אנטקעגען געשטעלט און גענומען דאס געלט. עס איז צו קלאר געווען, אויף וואס ער לאזט עס מיר איבער.

— איך שטעה קוים אויף די פיס, — האב איך איהם געענט־פערט.

— פארנאכלעסיג דאס ניט, וואניא, טייערער, פארנאכלעסיג ניט! געה ניט היינט אין ערגעץ. איך וועל שוין דערצעהלען אננא אנ־דרעיעוונא'ן אין וואס פאר צושטאנד דו ביזט. צי דארפסטו ניט קיין דאקטאר? מארגען וועל איך זיין ביי דיר; אמווענינגסטענס וועל איך מיך מיט אלע כחות בעמיהען, אויב איך וועל נאר אליין שלעפען די פיס. און איצט וואלסטו דיך צוגעלעגט... נו, זיי געזונט. זיי געזונט, מיידעלע; האט זיך אומגעדרעהט! הער, מיין פריינד! אט איז נאך פינף רובעל; דאס איז פאר'ן מיידעלע. דו זאג איהר ניט, איבריגענס, אז איך האב געגעבען, נאר אזוי, גיב פשוט אוים אויף איהר, עפעס א פאר שיכלעך דארט, וועש... מאלע וואס מען דארף אלץ! זיי געזונט, מיין פריינד...

איך האב איהם בעגלייט ביז'ן טויער. איך האב בעדארפט בעטען דעם סטרוזש ער זאל ארויסגעהן נאך עסען. העלענא האט נאך ביז איצטער קיין מיטאג ניט געגעסען...

## עלפטער קאפיטעל.

נאר אזוי ווי איך בין נאר צוריקגעקומען צו זיך, האט זיך מיר דער קאפ פארדרעהט, און איך בין אנידערגעפאלען אין מיטען שטוב. איך געדענק נאר העלענא'ס געשריי: זי האט א פאטש געטהאן מיט

די הענט און זיך געוואָרפען צו מיר מיך אונטערהאַלטען. דאָס איז געווען דער לעצטער אויגענבליק, וואָס איז מיר גאַנץ געבליבען אין זכרון.

דערנאָך געדענק איך מיך שוין אויפ'ן בעט. העלענא האָט מיר שפּעטער דערצעהלט, אז זי האָט צוזאַמען מיט'ן סטרוזש, וועלכער האָט אונז דאַמאָלס געבראַכט עסען, מיך איבערגעטראָגען אויף דער קאַנאַפּע. עטליכע מאָל האָב איך מיך איבערגעוועקט און האָב יעדעס מאָל געזעהען העלענא'ס מיטליידיג, פאַרזאָרגט פּנים'ל, וואָס האָט זיך איינגעבויגען איבער מיר. נאָר דאָס אַלץ געדענק איך ווי דורך א חלום, ווי אין אַ נעבעל, און דאָס ליעבע בילד פון דעם אָרעמען מיידעלע, האָט געשוועבט פאַר מיר, אין דער פאַרגעסענהייט, ווי אַ זעהונג, ווי א געמעהל: זי האָט מיר צוגעטראָגען צו טרינקען, האָט מיר פאַרבעסערט דאָס בעט אָדער איז געזעסען פאַר מיר אנ'אומעטיגע, א דערשראָקענע און האָט צוגעגלעט מיט איהרע פינגערלעך מיינע האָר. איינמאָל דערמאַן איך מיך איהר שטילען קוש אויף מיין פּנים. אנ'אַנדערסמאָל, אויפכאַפּענדיג זיך פּלוצלונג ביינאַכט, ביים שיין פונ'ם שטיקעל ליכט, וואָס איז געשטאַנען פאַר מיר אויף א טישעלע צוגערוקט צו דער קאַנאַפּע, האָב איך דערזעהען, אז העלענא האָט זיך צוגעלעגט מיט'ן פּנים אויף מיין קושען, און איז געשלאָפען א דערשראָקענע, האַלב־געעפענט איהרע בלאַסע ליפּען און צוגעלעגט א האַנט צו'ן איהר וואַרעם בעקעלע. אבער אויפגעשטאַנען בין איך שוין א געזונטער נאָר גאַנץ פריה. דאָס ליכט האָט זיך איינגאַנצען אויסגעברענט: א העלער, ראָזער שטראַל פון דער פריהמאָרגען־רויטקייט האָט שוין געשפּיעלט אויף דער וואַנט. העלענא איז געזעסען אויף א שטוהל ביים טיש און, אָנשפּאַרענדיג איהר מיעד קעפּעל אויף דער לינקער האַנט, וואָס איז געלעגען אויפ'ן טיש, איז זי פעסט געשלאָפען און, איך געדענק, איך האָב מיך פאַרקוקט אויף איהר קינדיש פּנימ'על, וואָס איז געווען פול און האָט אין שלאָף געהאַט עפּעס א נישט־קינדיש אומעטיגען אויסדרוק און עפּעס א מאָדנע קרענקליכע שעהנקייט; בלייך, מיט לאַנגע ברעמען ווי פּיילען אויף די דאַרע בעקעלעך, אַרומגערעהמט מיט האָר שוואַרץ ווי סמאָלע, וואָס זיינען געדיכט און שווער אַראָבגעפאַלען נאַכלעסיג אין א פאַרבונדענעם צאָפּ אויף א זייט. און איהר אַנדערע האַנט איז געלעגען אויף מיין קישען. איך האָב גאַנץ שטיל א

קוש געטהאָן דאָס דאַרע הענטעלע, נאָר דאָס אָרעמע קינד האָט זיך ניט איבערגעוועקט, נאָר אַזוי ווי אַ שמייבעל האָט דורכגעשוועבט איבער איהרע בלייכע ליפּעלעך. איך האָב געקוקט און געקוקט אויף איהר און בין שטיל איינגעשלאָפען מיט אַ רוהיגען, היילענדען שלאָף. דאָס מאָל בין איך אָבגעשלאָפען שיער ניט ביז האַלבען טאָג. ווען איך האָב מיך איבערגעוועקט האָב איך מיך דערפיהלט כמעט איינגאַנצען געזונט. נאָר די שוואַכקייט און די שווערקייט אין אַלע איברים האָבען עדות געזאָגט, אַז איך בין ניט לאַנג צוריק קראַנק געווען. עהנליכע נער־ ווען און האַסטיגע אַנפאַלען האָבען זיך מיט מיר אויך געטראָפען; איך האָב זיי גוט געקענט. די קראַנקהייט איז געוועהנליך כמעט איינגאַנ־ צען פאַרשוואונדען אין אַ מעת לעת, וואָס עס האָט איהר איבריגענס ניט געשטערט צו בעגעהן זיך דעם מעת לעת שטרענג און שאַרף.

עס איז שוין געווען כמעט האַלבער טאָג. דאָס ערשטע, וואָס איך האָב דערזעהען, איז געווען די אין ווינקעל אויף אַ שטריקעל פאַרצוי־ גענע פוירהאַנגלעך, וואָס איך האָב נעכטען געקויפט. העלענא האָט זיך גע׳בעל־הבית׳עוועט און האָט זיך אָבגעגרענעצט אין שטוב אַ בעזונ־ דער ווינקעלע. זי איז געזעסען פאַר׳ן אויווען און האָט געקאָכט דעם טשייניק. דערזעהענדיג, אַז איך האָב מיך איבערגעוועקט, האָט זי זיך פרעהליך צושמייכעלט און איז גלייך צוגעגאַנגען צו מיר.

— גוטע דו, — האָב איך געזאָגט, נעמענדיג איהר האַנט: — דו האָסט אַ גאַנצע נאַכט געוואַכט איבער מיר. איך האָב ניט גע־ וואוסט, אַז דו ביזט אַזאַ גוטע.

— פון וואַנען ווייסט איהר, אַז איך האָב געוואַכט איבער אייך; טאָמער בין איך אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפען? — האָט זי געזאָגט, קו־ קענדיג אויף מיר מיט אַ גוטהאַרציגער און שעמעוודיגער ביטערקייט און אין דער אייגענער צייט רויט ווערענדיג פאַר בושה פון איהרע ווערטער.

— איך האָב מיך איבערגעוועקט און האָב אַלץ געזעהען. דו ביזט איינגעשלאָפען ערשט פאַרטאָג...

— איהר ווילט טעע? — האָט זי איבערגעשלאָגען, ווי עס וואָלט איהר שווער געווען ווייטער צו פיהרען דעם שמועס, וואָס עס פּאַסירט מיט אַלע צניעות׳דיגע און שטרענג־עהרליכע הערצער, ווען מען הייבט אָן מיט זיי צו רעדען טאַקע וועגען זיי אַליין מיט לויבווערטער.

— איך וויל, — האָב איך געענטפערט, — אָבער צי האָסטו נעכטען געגעסען מיטאָג?

— ניט קיין מיטאָג, נאָר וועטשערע. דער סטרוזש האָט גע־בראַכט. איהר דאַרפט, איבריגענס ניט רעדען איצטער, נאָר ליעגט אייך רוהיג: איהר זענט נאָך ניט אינגאַנצען געזונט, — האָט זי צוגעגעבען צוטראָגענדיג מיר טעע און זעצענדיג זיך אויף מיין בעט.

— וואָס פאַר אַ! איבריגענס, ביז פאַרנאַכט וועל איך ליע־גען, און דערנאָך וועל איך אַביסעל אַוועקגעהן אין גאַס אַריין. איך מוז אומבעדינגט, לענאָטשקאַ.

— נו, אַט מוזט איהר גאַר! צו וועמען וועט איהר געהן? נישט אַמאָל צום נעכטיגען גאַסט?

— ניין, ניט צו'ן איהם.

— גאַנץ גוט, וואָס ניט צו'ן איהם. דאָס האָט ער נעכטען אויפ־געריגט. איז אפשר צו זיין טאָכטער?

— פון וואַנען ווייסטו דען וועגען זיין טאָכטער?

— איך האָב נעכטען אַלץ געהערט, — האָט זי געענטפערט און אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ.

איהר פּנים האָט זיך פאַרוואָלקענט. די ברעמען האָבען זיך צו־נויפגערוקט איבער די אויגען.

— ער איז אַ שלעכטער אַלטער, — האָט זי דערנאָך צוגעגעבען.

— דו קענסט איהם דען? פאַרקעהרט, ער איז זעהר אַ גוטער.

— ניין, ניין; ער איז אַ שלעכטער; איך האָב געהערט — האָט זי געענטפערט מיט לייכטער אויפרעגונג.

— אָבער וואָס האָסטו געהערט?

— ער וויל זיין טאָכטער ניט מוחל זיין...

— אָבער ער האָט זי ליעב. זי האָט פאַר איהם געזינדיגט, און ער זאָרגט זיך פאַר איהר, פּייניגט זיך.

— און פאַרוואָס איז ער איהר ניט מוחל? איצטער ווען ער וועט איהר מוחל זיין, וואָלט שוין די טאָכטער ניט געגאַנגען צו'ן איהם.

— וואָס הייסט? פאַרוואָס?

— דערפאַר, ווייל ער איז ניט ווערט, אַז די טאָכטער זאָל איהם ליעב האָבען, — האָט זי געענטפערט היים. — בעסער זאָל זי אַוועק־

געהן פון איהם אויף שטענדיג און בעסער זאָל זי געהן בעטלען, און ער זאָל זעהען, אז די טאָכטער בעטעלט און פייניגט זיך.

איהרע אויגען האָבען געפינקעלט, די בעקלעך האָבען געפלאמט. מסתמא רעדט זי ניט סתם אזוי. — האָב איך געטראכט פאר זיך.

— צו'ן איהם אין הויז אריין האָט איהר עס מיך געוואָלט אוועקגעבען? — האָט זי צוגעגעבען נאָך א קורצען שווייגען.

— יא, העלענא.

— ניין, איך וועל מיך בעסער פארדינגען פאר א דיענסט.

— אי, ווי ניט גוט עס איז דאָס אלץ, וואָס דו רעדסט, לענאָטשקאָ. און וואָס פאר א נארישקייט: נו, צו וועמען קענסטו דיך פארדינגען?

— צו יעדען פויער, — האָט זי אומגעדולדיג געענטפערט, ווערענדיג אלץ מעהר און מעהר פארטראכט. מען האָט געזעהען, אז זי איז אזא וואָס רעגט זיך לייכט אויף.

— קיין פויער דארף ניט אזא ארבייטערין, — האָב איך געזאָגט מיט א שמייכעל.

— נו, איז צו רייכע לייט.

— מיט דיין כאראקטער קען מען לעבען צווישען רייכע לייט?

— מיט מיין כאראקטער. — וואָס מעהר זי האָט זיך אויפגערעגט, אלץ אבגעהאקטער האָט זי געענטפערט.

— דו וועסט אבער ניט אויסהאלטען.

— איך וועל אויסהאלטען. מען וועט מיך זידלען, און איך וועל אומיסטען שווייגען. מען וועט מיך שלאָגען, און איך וועל אלץ שווייגען, אלץ שווייגען, זאָל מען שלאָגען, איך וועל אויף קיין פאל ניט וויינען. זיי וועט דאָך ערגער זיין פון כעס, וואָס איך וויין ניט.

— וואָס רעדסטו העלענא! וויפיעל כעס עס איז דאָ אין דיר: און וואָס פאר א שטאָלצע דו ביזט! א סך, הפנים, האָסטו געליטען...

איך בין אויפגעשטאַנען און צוגעגאנגען צו מיין גרויסען טיש. העלענא איז געבליבען אויף דער קאנאַפּע, קוקענדיג א פארטראכטע צו דער ערד און האָט מיט די פינגער געצופּט די פראנזען. זי האָט געשוויגען. איז זי אפשר ברוגז געוואָרען אויף מיינע ווערטער? — האָב איך געטראכט.

שטעהענדיג ביים טיש, האָב איך מעכאניש געעפענט די נעכטיגע ביכער, וואָס איך האָב גענומען פאר דער קאָמפּילאציע און האָב מיך

ביסלעכווייז פאַרגעסען אין לעזען. דאָס טרעפט זיך מיט מיר אָפט: איך געה צו, עפען אַ בוך אויף אַ מינוט, נאָכקוקען וואָס, און איך פאַרלעז מיך אַזוי, אַז איך פאַרגעס אַלץ.

— וואָס שרייבט איהר דאָ אַלץ? — האָט העלענאַ מיט אַ שעמעוודיגען שמייכעל געפרעגט, צוגעהענדיג שטיל צום טיש.

— אַזוי זיך, לענאָטשקאַ, פאַרשיעדענע זאַכען. דערפאַר גיט מען מיר געלט.

— וואָס איהר בעט?

— ניין, ניט וואָס איך בעט. — און איך האָב איהר ערקלערט ווי־פיעל איך האָב געקענט, אַז איך בעשרייב פאַרשידענע מעשות וועגען פאַרשידענע מענשען: פון דעם קומען אַרויס ביכער, וואָס רופען זיך ערצעהלונגען און ראָמאַנען. זי האָט געהערט מיט גרויס נייגעריגקייט.

— וואָס זשע, איהר בעשרייבט דאָ אַלץ דעם אמת?

— ניין, איך טראַכט אויס.

— פאַר וואָס זשע שרייבט איהר זאַכען, וואָס זיינען ניט אמת?

— אָט לעז איבער, זעהסט, אָט דאָס ביכעל: דו האָסט שוין איינמאָל אַריינגעקוקט דערין. דו קענסט דאָך לעזען?

— איך קען.

— נו, אָט וועסטו זעהען. דאָס ביכעל האָב איך אָנגעשריבען.

— איהר? איך וועל עס איבערלעזען.

זי האָט עפּעס זעהר געוואָלט מיר זאָגען, נאָר עס איז איהר, ווייזט אויס, שווער געווען און זי איז געווען זעהר אויפגערעגט. הינטער איהרע פראַגען האָט זיך עפּעס בעהאַלטען.

— און מען צאָהלט אייך אַ סך דערפאַר? — האָט זי צום סוף געפרעגט:

— ווי עס מאַכט זיך. טיילמאָל אַ סך, און טיילמאָל אפילו גאָרנישט, ווייל די אַרבייט אַרבייט זיך ניט, די אַרבייט איז אַ שווערע, לענאָטשקאַ.

— זענט איהר ניט קיין רייכער מענש?

— ניין, ניט קיין רייכער.

— וועל איך אַרבייטען און וועל אייך העלפען...

זי האָט האַסטיג אַ קוק געטהאָן אויף מיר, האָט אויפגעפלאַמט, אַראָבגעלאָזט די אויגען און, צוגעהענדיג צו מיר צוויי טריט, האָט זי

מיך פלוצלונג ארומגעכאפט מיט ביידע הענט, און מיט׳ן פנים זיך שטארק שטארק צוגעדריקט צו מיין ברוסט. איך האב מיט ערשטוינונג געקוקט אויף איהר.

— איך האב אייך ליעב... איך בין ניט קיין שטאלצע, — האט זי ארויסגערעדט. — איהר האט נעכטען געזאגט, אז איך בין א שטאל־צע. ניין, ניין... איך בין ניט אזא... איך האב אייך ליעב. איהר זענט דער איינציגער, וואס האט מיך ליעב...

נאר טרערען האבען זי שוין געשטיקט. א מינוט שפעטער האבען זיי זיך ארויסגעריסען פון איהר ברוסט מיט אזא קראפט, אזוי ווי נעכטען אין דער צייט פונ׳ם אנפאל. זי איז געפאלען פאר מיר אויף די קניהען, האט געקושט מיינע הענט, די פיס...

— איהר האט מיך ליעב!... — האט זי איבערגע׳חזר׳ט: — איהר נאר אליין, אליין!...

זי האט פיבערהאפט געדריקט מייע קניהען מיט איהרע הענט. איהר גאנץ געפיהל, וואס האט זיך אזא לאנגע צייט איינגעהאלטען, האט זיך פלוצלונג מיט אמאל ארויסגעריסען אין דרויסען, אין אן אויסברוך, וואס איז ניט מעגליך געווען איינצוהאלטען, און מיר איז קלאר געווארען די מאדנע פאר׳עקשנ׳טקייט פון דעם הארץ, וואס האט זיך צניעות׳דיג בעהאלטען ביז א צייט, און אלץ פאר׳עקשנ׳טער, אלץ שווערער, וואס שטארקער עס איז די בעדערפעניש זיך אויסצו־גיעסען, זיך אויסצורעדען, און דאס אלץ ביז דעם אונפארמיידליכען אויסברוך, ווען דאס גאנצע וועזען גיט זיך פלוצלונג אב ביז זעלבסט־פארגעסענהייט צו דער בעדערפעניש נאך ליעבע, דאנקבארקייט, צערטליכקייטען, טרערען...

זי האט געקלאגט אזוי ווייט ביז זי האט בעקומען היסטעריק. מיט געוואלד האב איך צונומען איהרע הענט, וואס האבען מיך ארומ־געכאפט. איך האב זי אויפגעהויבען און אוועקגעטראגען אויף דער קאנאפע. זי האט נאך לאנג געקלאגט בעהאלטענדיג דאס פנים אין קי־שען, ווי זי וואלט זיך געשעהמט צו קוקען אויף מיר, נאר פעסט צו־דריקענדיג מיין האנט אין איהר קליין הענטיל און ניט אוועקנעמענ־דיג זי פון איהר הארץ.

ביסלעכווייז איז זי שטיל געבליבען, נאר זי האט נאך אלץ ניט אויפגעהויבען צו מיר איהר פנים. אמאל צוויי האבען זיך איהרע אוי־

גען, פארבייגעהענדיג, דורכגעגליטשט איבער מיין פנים, און אין זיי איז געוועזן אזוי פיעל ווייכקייט און עפּעס א געפיהל, וואָס האָט זיך גע־שראָקען און זיך ווידער בעהאלטען. ענדליך איז זי רויט געוואָרען און א שמייכעל געטהאָן.

— איז דיר לייכטער? — האָב איך געפרעגט: — דו פיהלענדי־גע לענאָטשקע מיינע, דו קראנק קינד מיינס!

— ניט, לענאָטשקא, ניין... — האָט זי ארויסגעמורמעלט, נאָך אלץ בעהאלטענדיג פון מיר איהר פנים'על.

— ניט לענאָטשקא? ווי זשע?

— נעלי.

— נעלי? פארוואָס עפּעס אומבעדינגט נעלי? ווייסטו, דאָס איז זעהר א שעהנער נאָמען. וועל איך דיך אזוי רופען, אויב דו ווילסט אליין.

— אזוי האָט מיך די מאַמעשי גערופען... און קיינער האָט מיך אזוי ניט גערופען, קיינמאָל ניט, אויסער איהר... און איך האָב אליין ניט געוואָלט, אז אימיצער זאָל מיך אזוי רופען, אויסער דער מאַמע־שי... און איהר רופט; איך וויל... איך וועל אייך אלע מאָל ליעב האָ־בען, אלע מאָל ליעב האָבען...

א הערציל, וואָס ליעבט און איז שטאָלץ, — האָב איך געטראכט: און ווי לאנג איך האָב עס מיר געדארפט פארדינען, אז דו זאָלסט פאר מיר ווערען... נעלי. נאָר איצטער האָב איך שוין געוואוסט, אז איהר הארץ איז מיר איבערגעגעבען אויף אייביג.

— נעלי, הער, — האָב איך געפרעגט, ווי נאָר זי האָט זיך בע־רוהיגט. — דו זאָגסט, אז דיך האָט נאָר די מאַמעשי אליין ליעב גע־האט און מעהר קיינער ניט. און דיין זיידעשי האָט דיך טאקע אויף אנ'אמת ניט ליעב געהאט?

— ער האָט ניט ליעב געהאט...

— און דו האָסט דאָך דאָ געוויינט נאָך איהם, געדענקסט, אויף די שטיעגען?

זי האָט זיך אויף א וויל פארטראכט.

— ניין, ער האָט ניט ליעב געהאט... א שלעכטער איז ער געוועזן.

— און עפּעס א קראנק געפיהל האָט זיך ארויסגעדריקט אויף איהר פנים.

— מען האט דאך ביי איהם גארנישט געקענט פרעגען, נעלי. ער האט, דוכט זיך, שוין דעם גאנצען שכל געהאט אויסגעלעבט. און ער איז געשטארבען ווי איינער, וואס איז ניט ביים זינען. איך האב דאך דיר דערצעהלט ווי אזוי ער איז געשטארבען.

— יא; אבער ער האט נאר דעם לעצטען חודש זיך אנגעהויבען אינגאנצען צו פארגעסען. ער פלעגט דא זיצען א גאנצען טאג, און ווען איך וואלט ניט געקומען צו'ן איהם, וואלט ער דא א צווייטען און א דריטען טאג אזוי געזעסען, אומגעטרונקען, אומגעגעסען. און פריהער איז ער געווען א סך בעסער.

— ווען פריהער?

— איידער די מאמע איז געשטארבען.

— הייסט עס, אז דו האסט איהם געבראכט עסען און טרינקען, נעלי?

— יא, איך האב איהם געבראכט.

— וואו זשע האסטו גענומען, ביי דער בובנאווא?

— ניין, איך האב קיינמאל קיין זאך ניט גענומען ביי דער בובנאווא, — האט זי פעסט ארויסגערעדט מיט עפּעס א ציטערדיג קול.

— וואו זשע האסטו גענומען, דו האסט דאך קיין זאך ניט געהאט?

נעלי האט געשוויגען א ווייל און איז שרעקליך בלאס געווארען; דערנאך האט זי מיט א לאנגען לאנגען בליק א קוק געטהאן אויף מיר.

— איך פלעג אויף דער גאס בעטען נדבות... איך פלעג אויסבעטען פינף קאפּיקעס און איהם קויפען ברויט און שמעק טאבאק...

— און ער האט דאס ערלויבט! נעלי! נעלי!

— איך בין אין אנהויב אליין געגאנגען און האב איהם ניט דערצעהלט. און ווען ער איז געוואר געווארען, האט ער מיך דערנאך אליין אנגעהויבען צו טרייבען איך זאל געהן בעטען. איך שטעה אויף דער בריק, בעט ביי פארבייגעהער און ער דרעהט זיך ארום דער בריק,ווארט אונטער: און ווי ער זעהט, אז מען האט מיר געגעבען, גיט ער זיך אווארף צו מיר און נעמט צו דאס געלט, גלייך איך וויל עס פון איהם בעהאלטען, ווי ניט פאר איהם בעט איך עס.

רעדענדיג דאס, האט זי געשמייכעלט מיט עפּעס א בייסענדען, ביטערען שמייכעל.

— דאָס איז אלץ געווען, ווען די מאַמעשי איז געשטאָרבן,— האָט זי צוגעגעבן. — דאָ איז ער שוין אינגאַנצן געוואָרן ווי אַ ווילדער.

— הפנים, אַז ער האָט זעהר ליעב געהאַט דיין מאַמעשי? פאַר־וואָס זשע האָט ער ניט געוואוינט מיט איהר צוזאַמען?

— ניין, ער האָט ניט ליעב געהאָט... ער איז געווען אַ שלעכטער און האָט איהר ניט מוחל געווען... אזוי ווי דער נעכטיגער בייזער אַל־טער, — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט, כמעט מורמלענדיג און איז אלץ מעהר און מעהר בלאַס געוואָרן.

איך האָב אַ ציטער געטהאָן. אַ פּלאַנטער פון אַ גאַנצען ראָמאַן האָט אַ בליץ געטהאָן אין מיין מוח. די דאָזיגע אָרעמע פרוי, וואָס איז געשטאָרבען אין קעלער־שטוב ביים טרונעמאַכער, איהר טאָכטער דאָס יתומה׳לע, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט קומען צום זיידען, וועלכער האָט פאַרשאָלטען איהר מאַמען; דער האַלב־משוגענער אַלטער, וואָס איז געשטאָרבען אין דער קאָנדיטאָריי, נאָך דעם טויט פון זיין הונט!...

— און אַזאָרקאַ האָט דאָך פריהער בעלאַנגט צו דער מאַמעשי,— האָט נעלי פּלוצלונג געזאָגט, שמייכלענדיג ביי עפּעס אַנ׳עראינערונג. — דער זיידע האָט פריהער זעהר ליעב געהאַט די מאַמעשי, און ווען די מאַמעשי איז אוועק פון איהם איז שוין ביי איהם געבליבען דער מאַמעמיש׳ס אַזאָרקאַ. דערפאַר האָט ער אַזוי ליעב געהאַט אַזאָרקאַ׳ן... דער מאַמע׳ן האָט ער ניט מוחל געווען, און ווען דער הונט איז גע־שטאָרבען, איז ער אַליין געשטאָרבען, — האָט נעלי צוגעגעבען שטרענג און דער שמייכעל איז פאַרשוואונדען פון איהר פנים.

— נעלי, ווער זשע איז ער אַזוינס געווען פריהער? — האָב איך געפרעגט, אונטערוואַרטענדיג אַביסעל.

— ער איז פריהער געווען אַ רייכער... איך ווייס ניט, ווער ער איז געווען, — האָט זי געענטפערט. — ער האָט עפּעס געהאַט אַ פאַבריק... אַזוי האָט מיר די מאַמעשי דערצעהלט. זי האָט אין אָנהייב געמיינט, אַז איך בין אַ קליינינקע און זי האָט מיר ניט אלץ דער־צעהלט. זי פלעגט מיך דורכאַנאַנד קושען און אלץ זאָגען: וועסט אלץ געוואָר ווערען; עס וועט קומען אַ צייט, מיין אָרעמע, אומגליקליכע! און זי האָט מיך דורכאַנאַנד גערופען אָרעמע און אומגליקליכע. און ביינאַכט, ווען זי פלעגט מיינען, אַז איך שלאָף (און איך בין אומיסטען

ניט געשלאָפען, איך האָב מיך געמאכט, אז איך שלאָף), האָט זי אלץ געוויינט איבער מיר, מיך געקושט און געזאָגט: אָרעמע, אומגליקליכע!

— פון וואָס זשע איז דיין מאַמעשי געשטאָרבען?

— פון שווינדזוכט; עס וועט איצטער זיין זעקס וואָכען.

— און דו געדענקסט, ווען דער זיידע איז רייך געווען?

— איך בין דאָך נאָך דאַמאָלס ניט געבוירען געוואָרען. די מאַמעשי איז נאָך איידער איך בין געבוירען געוואָרען אוועק פונ'ם זיידען.

— מיט וועמען זשע איז ער אוועק?

— איך ווייס ניט, — האָט נעלי געענטפערט שטיל און פאַרטראַכטענדיג זיך. — זי איז אוועק קיין אויסלאַנד, און איך בין דאָרטען געבוירען געוואָרען.

— אין אויסלאַנד? וואו זשע?

— אין שווייצאַריע. איך בין אומעטום געוועזען, איך בין אי איטאַליע געוועזען, און אין פּאַריז געוועזען.

— איך האָב מיך פאַרוואונדערט. — און דו געדענקסט עס נעלי?

— א סך זאכען געדענק איך.

— ווי אזוי זשע קענסטו אזוי גוט רוסיש, נעלי?

— די מאַמעשי האָט מיך נאָך דאָרטען געלערנט רוסיש. זי איז געווען א רוסישע, דערפאַר ווייל איהר מאַמע איז געווען א רוסישע, און דער זיידע איז געווען אַן'ענגלענדער, אבער אויך אזוי ווי א רוסישער. און ווען איך האָב מיך דאָ מיט דער מאַמעשי אומגעקעהרט, מיט אנדערטהאַלבען יאָהר צוריק, האָב איך מיך אינגאַנצען אויסגעלערנט. די מאַמעשי איז שוין דאַמאָלס קראַנק געוועזען. דאָ זיינען מיר געוואָרען אלץ אָרעמער און אָרעמער. די מאַמעשי האָט אלץ געוויינט. זי האָט אין אָנהייב דאָ לאַנג געזוכט אין פּעטערבורג דעם זיידען, און האָט אלץ גערעדט, אז זי איז שולדיג אנטקעגען איהם, און האָט דורכאנאַנד געוויינט... אזוי געוויינט, אזוי געוויינט! און ווען זי איז געוואָר געוואָרען, אז דער זיידע איז אָרעם, האָט זי נאָך מעהר געוויינט. זי האָט צו'ן איהם אָפט בריעף געשריבען און ער האָט אלץ ניט געענטפערט.

— צו וואָס זשע האָט זיך די מאַמעשי אומגעקעהרט אהער? גאָר צום פאָטער?

— איך ווייס ניט. און דאָרטען איז אונז גוט געווען צו לעבען, — און נעלי'ס אויגען האָבען אויפגעפינקעלט. — די מאַמעשי האָט געוואוינט אליין, מיט מיר. זי האָט געהאַט איינעם א גוטען פריינד, א גוטען, אזוי ווי איהר... ער האָט זי נאָך דאָ געקענט. נאָר ער איז דאָרט געשטאָרבען, איז די מאַמעשי צוריקגעקומען...

— איז עס דיין מאַמעשי מיט איהם אוועקגעגאַנגען פונ'ם זיידען?

— ניין, ניט מיט איהם. די מאַמעשי איז אוועק מיט אַנ'אַנדערען פונ'ם זיידען, און יענער האָט זי פאַרלאָזט...

— מיט וועמען זשע, נעלי?

נעלי האָט א קוק געטהאָן אויף מיר און גאָרנישט געענטפערט. זי האָט, ווייזט אויס, געוואוסט מיט וועמען איהר מאמע איז אוועק און ווער עס איז, וואַרשיינליך, געווען איהר פאָטער. איהר איז אפילו שווער געווען מיר אָנצורופען זיין נאָמען...

איך האָב זי ניט געוואָלט פייניגען מיט קיין אויספרעגעכצען. דאָס איז געווען א מאָדנער כאַראַקטער, א נערוועזער און אַנ'אויפבראַוזענדער, נאָר אזא וואָס האָט אונטערדריקט אין זיך דאָס וואָס האָט זיהם געוואָלט מיטרייסען; א סימפּאַטישער, אבער אזא וואָס האָט זיך פאַרמאַכט אין שטאָלץ און אין פעסטקייט. די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב זי געקענט, איז זי, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זי האָט מיך ליעב געהאַט מיט איהר גאַנץ האַרץ, מיט דער ליכטיגסטער און ריינסטער ליעבע, כמעט גלייך מיט איהר פאַרשטאָרבענער מאַמען, וועלכע זי האָט אפילו דערמאָנען ניט געקענט אָהן ווערטאָג, — ניט קוקענדיג אויף דעם איז זי זעלטען געווען מיט מיר אָפענהערציג און, אויסער דעם טאָג, האָט זי זעלטען געפיהלט א בעדירפניש צו רעדען מיט מיר וועגען איהר פאַרגאַנגענהייט; אפילו פאַרקערט, זי האָט זיך אזוי ווי פעסט אויסבעהאַלטען פון מיר. נאָר אין דעם טאָג, אין פאַרלויף פון עטליכע שעה, מיט אַנגסטען און פיבערהאַפטען געוויין, וואָס האָט איבערגעריסען איהר ערצעהלונג, האָט זי מיר איבערגעגעבען אלץ, וואָס האָט זי אַמייסטען געדריקט און געפייניגט אין איהרע ערינערונגען, און קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסען די שרעקליכע ערצעהלונג. אבער די הויפּט־געשיכטע איהרע קומט נאָך.

דאָס איז געווען א שרעקליכע געשיכטע; דאָס איז די געשיכטע פון א פאַרלאָזטער פרוי, וועלכע האָט איבערגעלעבט איהר גליק; א

קראנקע, אנ׳אויסגעפייניגטע און פארלאזטע פון אלע: א פארשטויסענע פון דעם לעצטען בעשעפעניש, אויף וועלכען זי האט געקענט האפען, — פון איהר פאטער, וועלכען זי האט אמאל באליידיגט און וועלכער איז דערנאך כמעט פון זינען אראב פון שרעקליכע צרות און ערנידריגונגען. דאס איז די געשיכטע פון א פרוי, וואס איז צוגעפיהרט געווארען ביז פארצווייפלונג; וועלכע איז געגאנגען מיט איהר מיידעלע, וואס זי האט נאך געהאלטען פאר א קינד, איבער די קאלטע, שמוציגע פעטערבורגער גאסען און געבעטען נדבות; א פרוי, וועלכע איז דערנאך געשטארבען גאנצע חדשים אין א נאסען קעלער און וועלכער דער פאטער האט ענטזאגט מוחל צו זיין ביז צו דער לעצטער מינוט פון איהר לעבען, און וועלכער איז נאר דער לעצטער מינוט צום שכל געקומען און איז געקומען צו לויפען איהר מוחל זיין, נאר וועלכער האט שוין בעגעגענט א קאלטען גוף אנשטאט דער, וועלכע ער האט געליעבט מעהר פון אלץ אין דער וועלט. דאס איז געווען א מאדנע ערצעהלונג וועגען געהיימע, זאגאר קוים פארשטענדליכע בעציהונגען פון א זינלאזען אלטען מאן מיט זיין קליין אייינקעל, וועלכע האט איהם שוין פארשטאנען, שוין פארשטאנען, ניט קוקענדיג אויף איהר קינדהייט, פיעל פון דעם, צו וואס קיין אנדערער ענטוויקעלט זיך ניט אין גאנצע יאהרען פון זיין פארזיכערטען און גלאטיגען לעבען. דאס איז געווען א טרויריגע געשיכטע, איינע פון די טרויריגע און פייניגענדע געשיכטעס, וואס געשעהען אזוי אפט און אומבעמערקט, כמעט אין געהיים, אונטער דעם שווערען פעטערבורגער הימעל, אין די פינסטערע, בעהאלטענע ווינקלען פון דער גרויסער שטאדט, צווישען דעם פוסטען קאך פון לעבען, דעם טעמפען עגאיזם, אינטערעסען, וואס שטויסען זיך צוזאמען, טרויריגער אויסגעלאסענהייט, בעהאלטענע פארברעכענס, צווישען דעם גאנצען אונטערערדישען גהינום פון דעם זינלאזען און אומנארמאלען לעבען...

אבער די געשיכטע קומט נאך...